פנחס ביזבערג

# ניע הימען

דערציילונגען און נאָוועלן

בוענאָס איירעס 1939

מיין טייערן פריינט אליהו
טרויבקין פון מחבר
פנחס ביזבערג
ב. איירעס, דעם 10 יוני, 1940

פנחס ביזבערג

# נייע הימען

דערציילונגען און נאָוועלן

פאַרלאַג „עבודה"

בוענאָס איירעס
1939

# אף ענטרע ריאָסער ערד

ווייט און ברייט ציען זיך די פרוכטבאַרע ענטרע ריאָסער ערדן.

אָ, געבענטשטע פּראָווינץ, „צווישן טייכן", גרויס ווי ימים!

אונטער דיינע הימלען האָט אַ טייל פון דעם וואַנדערנדיקן, פאַר־וואָגלטן פאָלק געפונען זיין פעסטע היים, און אויף יונגפרוילעכע ערדן הערן זיך אידישע שטימען, אידישע היימישע קלאַנגען, און אידישע אַקעראייזנס שניידן זיי אַדורך אין דער לענג און אין דער ברייט.

הלואי זאָל דאָ, וואו ס'איז ווידער געזונט געוואָרן דער אידישער גוף, אויך דער אידישער ניגון געבוירן ווערן אויפסניי, הלואי זאָל דאָ פאַר־שווינדן דאָס עצבות, וואָס פאַסט גאָרנישט אהער צו די דאָזיקע פרייל־כע, באַגרינטע לאַנדשאַפטן.

ווייל דאָ האָט דאָך געדאַרפט הערשן געזאַנג אין יעדן באַשיידענעם קאָלאָניסטן־שטיבל, און יעדער גאַנג מיטן פלוג האָט געדאַרפט ווערן באַ־גלייט פון אַ ליד.

ווייל, דאָ איז דאָך די וועלט אַזוי ניי, דאָ זיינען די ערדן אַזוי ששת־ימי־בראשית'דיק, בוימער יונגע, וועגן יונגע, נישט אויסגעטראָטענע. האָט דאָך דאָ געדאַרפט אָפּקלינגען דאָס ייִנגסטע, מונטערסטע געלעכטער, און אַזוי פריש האָט געדאַרפט זיין דאָס דאָזיקע געלעכטער, אַז פון לעבנס־איבערמוט האָט עס געדאַרפט איבערשפּרודלען.

העי, אידישער מענש, דו שטייסט אויף נייער ערד, אויף אומבאַ־פלעקטער ערד! אויף איר לאַסטעט נישט אַ שולד פון דורות, זי איז נישט מיט בלוט אָנגעזאַפּט ווי דאָרטן די אַלטע שטיפמוטערליכע היימען, וואו דורות־לאַנגע אומגערעכטיקייטן שרייען צום הימל און קלאָגן אָן.

דאָרט איז אַלץ טויט־מיד, איבערלאַסט מיט עוולות. דעם דאָרטן

האָסטו, אידישער וואנדערער, געקערט דעם רוקן, פון דאָרטן ביזטו אוועק מיט אַ קללה אויף די ליפּן, און מיט אַ שבועה קיינמאָל נישט מער צו־ריקצוקומען.

דאָ אָטעמט די ערד נאָך מיט דעם אָטעם פון אַ אַט־וואָס־געשאַפע־נער וועלט, פון אומשולד, פרישקייט, אויפגאַנג און יוגנט.

און זאָל קיינער קומען וועלן פאַרפלאַנצן דאָ דאָס אַלטע, פאַרשימל־טע פון דאָרטן, זאָל קיינער קומען מיט דער מידקייט, רשעות און צביעות פון אַן אַלטער וועלט!

דען דאָ קלאַפּט דאָס האַרץ הויך און באַפרייט אין דעם וועלט־רחבות, דאָ בויט זיך אַ ניי לעבן אויף געזונטע יסודות.

זאָלן לעבן נייע היימען, זאָל לעבן די מענשליכע ענערגיע, מענשלי־כער בטחון, וואָס פאַרצווייפלט נישט און פאַרלאָזט חורבות, כדי צו בויען נייע בנינים, זאָל לעבן דער אידישער מענש, וואָס האָט באַשלאָסן צו מאַכן געזונט זיין עקזיסטענץ און איבערבויען דאָס פאָלק!

מיט בלויקייטן זוניקע קומט אָן דער טאָג, דער טעטיקער, שעפערישער טאָג.

העי, ליכטיקע ווייטע האָריזאָנטן, בלויקייטן אומענדליכע, ווער קאָן אָפּשאַצן אייער רחבות!

הימלען הויכע, באַזונטע פעלדער, בלישטשענדע וואַסערלעך, לאַנ־קעס גאָלע איידלשטיינער, ווען דער טאָג קומט אַריין און באַהערשט די וועלט, זינגט דער אַרום, זינגט דער טערו־טערו, זינגען די קוראָפּאַטקע־לעך, זינגען די טעלעפאָן ־ דראָטן, זינגען די צוימען, זינגען די עסאַליפּ־טוסן, זינגען די טאָפּאָלן, זינגט דער גאַנצער רוים. און מיט דעם ניי־געבוירענעם טאָג איילן קינדערלעך אויסגעשלאָפענע, מונטערע, אויף זייערע פערדלעך: טריפּ־טראַפּ, טריפּ־טראַפּ! איילן זיי אין שולע אַריין.

און דאָס זיינען די מענשן פון אונזער צוקונפט, אויפגעוואַקסענע אונ־טער פרייע הימלען, אויף זיי וועט נישט רוען די לאַסט פון ענגע שטאָ־טישע גאַסן, פון געבויגענע רוקנס, פון מורא, פון פּחדנות, פון קנעכטשאַפט.

זייט געווארנט נישט צו פארפלאנצן אין זיי אייער עצבות, איר אויסגעהארעוועטע, פארמאטערטע נאך פון דארטן, אייער אומרו, אייער נישטזיכערקייט גיט נישט איבער די דאזיקע אומשולדיקע קינדערלעך.

און ווי דער פרימארגן שיילט זיך אויס פון די נעפלען, און די הערליכע זון פארטרייבט די טומאנען, אזוי מוז אויך ווערן פארייאגט דער דאזיקער אנגעזאמלטער אומעט, די דאזיקע מרה־שחורה, דער דאזיקער טרויער, וואס ווילן באהערשן אונזערע אידישע ישובים.

זאלן לעבן די נייע אידישע היימען אין געזאנג און אין שמחה!

# דאָס דאָרף פון „הײליקן אַנעלע״

פאר דורות האָט די פעטע ענטרע ריאָסער ערד באדעקט א ים. די בײדע טײכן אורוגװײ און פאראנא זײנען געװען אײנס. דורות - לאנג האָבן זײ געכװאַליעט איבער די פלײנען. דורות־לאנג האָבן די שטראָמען אַנגעטראָגן אָן א שיעור זאמדן, גראָזן, פארפױלטע געהילצן, ליאַנען פון די בראזיליאנער און טשאקער אורװעלדער, און אף אזא אופן זיך אלײן פאר־באראקירט, פארשאָטן דעם װעג.

האָבן די מעכטיקע װאסער־מאסן זיך געמוזט טײלן, אָפּטרעטן פון זײ־ערע טײך־בעטן, זיך מאכן נײע װעגן.

אזױ איז אַנטשטאַנען די ערד צװישן די טײכן.

זונען האָבן זי דורות-לאנג געצערטלט, רעגנס באַגאָסן. גראָזן, העֶ־כער װי די העכסטע שטרױס־פײגל, האָט דער בײזער קאלטער דרום ־ װינט געטרײסלט, געװיאַנעט. דאָ און דאָרטן איז אױסגעװאקסן א װאלד פון סענקעװאטע ניאַנדובאים, פון רױטע אײזנהארטע קעבראַטשאָס, פון מע־סער־שארפע, שטעכיקע פאלמעלעך, פון גלאטיקע טונאס, פון שאַרסטקע דאָרנבײמער. — האָבן די שטרױספײגל דאָרטן באהאלטן זײערע הארט־שאָליקע מאטאָװע אײער און אױפגעצױגן זײער גרױ־פעדערדיקע פלינק־פיסיקע חברה; מיליאָנען קוראָפּאטװעלעך האָבן אָנגעפילט די לופט מיט זײער: „פי־פי־פי״; די דינפיסיקע עלעגאנטע טערו־טערוס האָבן געפילדערט, געפלױדערט, בײ די לאגונעס און געפּרואװט טרעפן דאָס װעטער; די מו־ראשקעס האָבן דאָן געבױט קאָנוס־פאָרמיקע בערג, װאױנונגען פאר אלע אײביקײטן; די װיסקאטשאס האָבן געסטראָיעט גאנצע אונטערערדישע שטעט און איבערנאכט געפראװעט זײערע טומלדיקע שמחות; די סאָװעס האָבן געװײנט דורך די נעכט, געלײגט זײערע פיצינקע אײעלעך אין פלאכע הײלן; די קרײצשלאנגען האָבן געביטן זײער הױט און זיך געװארעמט אף

זיער פרילינג - זון; די קאסקאַבעלס האָבן אויסגעקלינגען זייערע קורצע מאָנאָטאָנע מעלאָדיעלעך; די פאַפּוגייען האָבן זיך דערציילט א גאַנצן טאָג די וואונדערליכסטע מעשות; די פּומאַס האָבן געהאַט צו הערשן איבער אומענדליכע וועלדער; און עס האָט דורות - לאַנג קיינער געשטערט די מנוחה פון די ביימער - גראָזן און פון דער אומצאָליקער באַפעדערטער און באַפעלטער ערדה.

—ביז מענשן האָבן אָנגעהויבן אריינדרינגען אין די דאָזיקע שטי־לע פליינען.

דורות - לאַנג האָבן מענשן געמאָרדעט די באַפעדערטע און באַפעלטע באַלעבאַטים פון די אומענדליכע סטעפּעס צווישן די גרויסע שטראָ־מיקע טייכן.

וואו זיי זיינען נאָר געקומען, די מענשן, האָבן זיי בלוטיקע שפּורן נאָך זיך געלאָזט.

די פערד און אָקסן, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט, האָבן צעטראָטן די הויכע גראָזן, נאַקעט געמאַכט די פליינען. האָבן די אַלע באַשעפעניש גע מוזט זוכן זייער באַשיצונג ווייטער, טיפער אריין אין די וועלדער. אָבער די מענטשן זיינען זיי נאָכגעגאנגען פוס־טריט, מיט האַק און פייער.

פון אַלע עקן וועלט זיינען זיי געקומען. מיט שטעכיקע דראָטן האָבן זיי ארומגעצוימט די ערדן און זיי אויפגעריסן מיט בלישטשענדיקע אייזנס.

און אנשטאָט די ברויזנדיקע, כוואַליענדיקע וואַסערן, וואָס האָבן פאַר טייזנטער דורות באַדעקט די יונגפרוילעכע ערדן, האָבן דאָ איצט זיך גע־כוואַליעט די גאָלדענע ווייצן; האָבן די הימלען זיך אָפּגעשפּיגלט אין די בלויע ליאָנען; האָבן לאָנקעס געגרינט ווי שמאַראַגדן.

מענשן פון דרום און פון צפון, פון מזרח און פון מערב זיינען געקומען צו באַארבעטן די ערדן, וואָס האָבן באַקומען א שם פאר שפעדיקע.

עס זיינע געקומען געפלאָגטע, פארפאָלגטע פון אַלע נאַציעס צו גרינ־דן דאָ זייערע היימען, אונטער די בלויע ענטרע ריאָסער הימלען.

האָט מען שטיבעלעך אינמיטן די פעלדער אויפגעשטעלט. און אין די קוילשוואַרצע ווינטער־נעכט האָבן פון די פענסטערלעך זיך געלויכטן קליי־

נע, קליינע פייערלעך אין ברייטן פליין, צו וויסן געגעבן, אז דאָ וואוי־
נען מענשן...

עס זיינען געקומען מעבר־לים אַלע גלות־פעלקער: סובאָטניקעס, דאָר־טן נערודפטע, פארשיקטע, אין תפיסות געפייניקטע; עס זיינען געקומען דער־שראָקענע, פארפינסטערטע אידן, אין וועמענס שטיפהיימען מ'האָט געריסן בעטגעוואַנטן, בייכער, און פרויען, שוועסטער און טעכטער פאר־אונרייניקט; דערנידעריקטע, באַעוולטע האָבן דאָ געזוכט פרייהייט, גאַסט־פריינטליכקייט, ברויט און האָבן עס געפונען.

עס זיינען געקומען דייטשן פון די ברעגעס פון דער וואָלגאַ, וואו זיי האָבן מיט טרוקענישן און בייזע פרעסט געקעמפט. האָבן זיי דאָך ליב גע־האַט יענע ערד, וואו זיי זיינען געוועזן איינגעזעסענע נאָך פון די צייטן פון יעקאַטערינאַ דער גרויסער, וואו זיי האָבן שוין טיפע וואָרצלען געלאָזן, ווי די סענקעוואַטע דעמבעס.

אָבער די רוסישע קסריים האָבן נישט געהאַלטן קיין וואָרט: דאָס, וואָס מ'האָט פארשפּראָכן זייערע זיידעס, ווען מען האָט זיי געבראַכט פון זייער שוואַבישער היימאַט צו קאָלאָניזירן אויף די ערדן ביים קאַספּישן ים— האָבן זיי נישט דערפילט.

מען האָט הייליק צוגעזאָגט נישט צו נעמען זייערע זין פאַר סאָלדאַטן, זיי נישט באַרייסן מיט שטייערן, לאָזן פראַנק און פריי זיך פירן לויט זייער אמונה — האָבן זיי געבראָכן די שבועה. מען האָט געשיקט בייזע אוריאַד־ניקעס אין די דערפער, אויפצומאָנען מיט שטרענגקייט די אָפּצאָלן; מען האָט באַליידיקט די „פּאָטערס"; געוואָלט צווינגען צו לערנען אין דער פרעמדער שפּראַך זייערע קינדער; געהייסן זיך שטעלן צו מיליטער־דינסט; און באַגאַנגען קעגן זיי א סך עוולות און אומגערעכטיקייטן.

איז געוואָרן אַן אויפברויז ביי די וואָלגאַ־דייטשן: די זקנים האָבן געעצהט: מען זאָל פאַרלאָזן דאָס אומדאַנקבאַרע לאַנד, אויסוואַנדערן אין איינעם פון די לענדער פון דער נייער וועלט, וואו מען וועט זיין פריי, וואו מ'וועט נישט אַוועקרייסן זין פון דער פעלד־אַרבעט און פאַרפירן אין די ווילדע ווייטענישן; אין אַ נייער מדינה, וואו מ'וועט לאָזן אומגעשטערט

לעבּן לויטן אייגענעם גלויבּן; וואו מ׳וועט לאָזן קירכעס בּויען צום לויב פון דער הייליקער מאַריאַ און אַלערהייליקן זון...

האָט מען געשיקט מרגלים אין ווייטן לאַנד אַריין, — דעם פּאַטער בּעכער און דעם בּכבודן זקן פריץ האָלעמאַן.

זיי זיינען צוריקגעקומען און געזאָגט אַזוי: „דאָס לאַנד איז בּרייט און ווייט, און פליסט מיט האָניק און מילך, און איז גוט צו בּאַזעצן“.

האָבּן פּאַטער בּעכער און פּאַטער קלאַאוס געבּענשט די ערדה, און זיי האָבּן זיך געלאָזט, די וואָלגאַ - דייטשן, מיט זייערע פלוגעס, זייערע בּראָנעס, וועגענער, אופּרוזשן, אַלערליי געשיר, און מיט זייערע בּרייטע רויטבּאַקיקע מאַריאַס, קאַטיס, ראָזאַלינאַס און אַנדערע ווייבּס־פּאַרשוינען אין ווייטן, ווייטן לאַנד אַריין...

האָניק און מילך איז נישט געפלאָסן אַזוי בּאַלד אין אָט דעם נייעם, פרעמדן לאַנד. די האַרטע ערדן האָבּן נישט געוואָלט נאָכגעבּן די קליינע נעבּעכדיקע סאָכע, וואָס מען האָט מיטגעבּראַכט פון רוסלאַנד. האָט מען די סאָכעס פאַרבּיטן אויף בּלאַנקעדיקע שווערע פלוגעס און געריסן די בּתולה־דיקע ערד. „בּזעת אַפּיך“ איז עס אָנגעקומען. דאָך האָט מען אַלץ בּייגעקומען. האַרטע גרודעס זיינען זיך אויף דער זון צעפּאַלן, אויפגענומען די זריעה און שפּעטער בּרויט צו דער זעט געגעבּן.

ס׳האָבּן זיך געגרינדעט דערפער, וועלכע מען האָט אַ נאָמען געגעבּן, ווי די פּאַטערס האָבּן געהייסן, הייליקע נעמען: „די הייליקע קאַטערינאַ“, „די הייליקע טערעזאַ“, „די הייליקע ראָזאַ“... און אַז ס׳איז שוין דאָ אַ ישוב, מוז מען דאָך אויך אַ קירכעלע בּויען, אַ קירכעלע מיט אַ שפּיץ צום הימל, אַ הייליק הויז, וואו מען זאָל קענען בּעטן אויף אַ רעגן, אויף אַ גוט גע־רעטעניש, וואו מ׳זאָל קענען חתונה מאַכן, כּדת וכדין, און לויבּן יעזוס׳ הייליקן נאָמען. און אַז ס׳איז שוין דאָ אַ קירכעלע — מוז מען דאָך האָבּן אַ גלח, אַ מדריך, וואָס זאָל ווייזן דער געמיינדע גאָטס דרכים, זאָל טויפן די קינדער, זיי לערנען דעם קאַטעכיזם, די הייליקע שריפט.

אָט איז אַ דאָרף אויף דער ענטרע ריאָסער ערד, הייסט עס דאָס „הייליקע אַנעלע“. אַ דאָרף, ווי אַלע דערפער: מיט אַ רויטציגלנער קירכע, מיט

לאַנגע טונקעלע פענסטער, אַ באַלעמער און אַ נֵר־תמיד, מיט באַלעבאַטים־תקיפים און מיט אַ פֿעטער הומעל, וואָס היט דאָ זײַנע שאַף און שעפּעלעך...

פֿעטער הומעל גייט אין די דרכים פֿון זעליקן פֿעטער בעבער, ער זאָל רוען אין פֿרידן. טראָגט אַ קליינטשיק, שטײף שוואַרץ קאַפּעלושל און אַ ברייטע, שוואַרצע אַלפּאַקענע זשופּיצע. זײַנע בעקעלעך זײַנען קײַלעכדיק און גלאַנציק, זײַנען פֿעטלעך פֿון: די גוטע הײליקע אַנער מאכלים, פֿון די לאָקשן מיט קעז און סמעטענע, פֿון די קרעפּלעך אין חזיר־גריוון געפּרעגלט, פֿון שוואַרצן ביר, פֿון די געווירצטע וואורשטן, פֿון די פֿעטע הינער, געַנז און קאַטשקעס, וואָס די ליבע גאָטספּאַרכטיקע הײליקע אַנער ברענגען אים אָפּט פֿאַרן מתודה־זײַן זיך און פֿאַרן געגנציכן באַפֿרײַען זיך פֿון די זינד. ער איז זייער אַ באַליבטער, דער פֿאָטער הומעל: פֿון דעם שטילן, פֿרידלי־כן לעבן אין זײַן געמיינדע, פֿון די צאַרטינקע געבראָטענע חזירימלעך, פֿון די פּלעשעלעך „רויטן“, פֿון דער קיך פֿון זײַנע פֿעטינקע „שוועסטערלעך“, וואָס קאָכן אַזוי געשמאַק און פּרעגלען אַזוי פֿיין: אי פֿיש מיט אַ פּוטער־דיקן סאָוס, אי הינדעלעך אײַנגערײַשטע מיט ציבעלעס, אי אינדיקלעך גע־פּילטע, אי לאַטקעס קאַרטאָפּלענע, וואָס שווימען אין שמאַלץ. דערפֿאַר איז ער תמיד לײַטזעליק און איז מכבד זײַן באַדינערין, די שוועסטער ער־נעסטינע, מיט אַ געשמאַקן קניפּל אין בעקל אָדער אַנדערשוואו...

ווען נישט דאָס ביסל ערגערניש, וואָס ער האָט פֿון צײַט צו צײַט, וואָלט פֿאָטער הומעל נאָכמער געוואַקסן אין דער ברייט. און דאָס עגמת־נפֿש נעמט זיך דערפֿון, וואָס אין דאָרף פֿון „הײליקן אַנעלע“ גייט נישט אַלץ כשורה — ווי ס'באַווײַזן די פּרעדיקטן פֿון פֿאָטער הומעל אין זונטיקן און גלאַט אַזוי חגאות.

ר'איז טאַקע צופֿרידן, וואָס די געמיינדע זינגט אַזוי שיין דעם „לאַוּ־דאַמוס“, וואָס יאָהאַן גריבעל און פֿרידריך בלומער באַגלייטן, אַז ס'איז אַ נחת צו הערן.

די פֿאַרדאָרבנקייט אָבער דרינגט אַרײַן וואָס מער אין זײַן פּאַראַפֿיע. נישטאָ מער די צײַטן פֿון פֿאָטער בעבער, ווען מ'איז געווען גוט און פֿרום און נישט געגאַנגען אױף פֿאַלשע וועגן.

אַט באַקלאָגט ער זיך אין אַ דרשה:

—„ס׳גייט קיין רעגן איבער די פעלדער פון „הייליקן אנעלע“. די ליאָנפלענצלעך חלשן נאָך אַ טראָפּן וואַסער, די יינגע ווייצן ווערן געל; מ׳האָט שוין זאָנאַר באַשפּרענקלט די פעלדער מיטן הייליקן וואַסער, די פּאַסענדע תפילות געזאָגט, אָבער ס׳העלפט נישט, — וואָרום גאָט שטראָפט פאַר די זינד פון די שולדיקע אפילו די אומשולדיקע. די באַזוכער אין דער קירכע זיינען ווייניקער געוואָרן. די יינגען שמעקן גאָרניט אריין אין גאָטס הויז. מ׳זאָגט ניט מער דעם „פּאַטער-נאָסטער“; מ׳צלמט זיך ניט איבער פאַרן עסן; מ׳האָט ניט קיין דרך-ארץ פאַר די אַלטע לייט; מ׳קניט ניט פאַרן גלח, גאָמים שליח אף דער ערד; מ׳שיכורט זיך און אין די הייליקע זונטיקן, פון וואָס ס׳קומען אַרוים געשלעגן, צעהאַקטע פּיסקעס... מ׳פילט און די בייכער און מ׳טראַכט גאָרנישט פון דער נשמה, וואָס דאַרף ווערן אויסגעלייזט, און פון דעם דערלייזער, וואָס האָט געבלוטיקט פאַר אונז...“

אַלע מתפללים קוקן זיך אום אף דעם זייער גראָבן הייניץ קלאַסמאַן, אים מיינט דאָס, ווייזט אוים, דער פּסוק — וואָרום, ווער שיכורט דאָס אַזוי פיל, טרינקט אַזויפיל ביר, ווי דער דיקער הייניץ?

פּאַטער הומעלס שטימע ווערט גאָר דראָענד און פייערליך. ער דערמאָנט דעם טאָג פון לעצטן געריכט אין טאַל יהושפט, אַלעמען וועט מען דאָ משפּטן, היידן, קריסטן, אידן. ער שטראָפט מיט מוסר־רייד די הייליקע אנער, ווייל צווישן זיי זיינען דאָ אַזעלכע, וואָס זיינען עובר אף די פונדאַמענטאַלע געזעצן פון די הייליקע שריפטן, אף דאָס שטרענגסטע: „לא תנאף“. איידער מ׳באַקומט נאָך די ברכה פון דער קירכע, זיינען שוין דאָ סמנים פון מוטערשאַפט. אָוואַ! אָוואַ! אַט דער אויסוואורף, דער אמבראָזיוס, וואָס האָט געמאַכט צו שפּאָט און צו שאַנד די גאָטספאָרכטיקע פרוי מאַריאַ גייער, פאַראומריייניקט איר טאָכטער... אָ, סאַרע זינד עס איז צו באַשלאָפן אַ יינגפרוי פאַר דער חתונה! דאָס פייער פון גהינום איז אָנגעגרייט פאַר אַזאַ געמיינעם יינג...

און לעצטנס, האָט ער, ליידער, געמוזט קאָנסטאַטירן גאָר אַ שטרענגליכע עבירה: מ׳איז זיך משדך מיט פּראָטעסטאַנטן. מיט די דאָזיקע שפּאָ־

טער פון הייליקן פאָטער פון רוים. פאַר אַזאַ אָפּטריניקייט איז מען עלול צו קומען אין דער זיבעטער אָפּטיילונג פון גהינום, וואו דער הונט לומער בוקט זיך אויף אַ לאַנגזאַם פייער. אוי־וואַ! אוי־וואַ! צייטן, צייטן! אַ יו־גנט, וואָס געדענקט נישט אַ וואָרט פון קאַטעכיזם, זינגט לידער פול מיט ניבול־פה, לידער פון זנות און נידעריקע ליידנשאַפטן, אַנשטאָט צו בעטן דעם „ראָזענקראַנץ" און צו לייענען די שריפטן פון די רייד פון די הייליקע אַפּאָסטאָלן.

דאָס זיינען די עגמת־נפשן פון פאָטער הומעל. אָפט רעדט ער זיך אַראָפּ פון האַרצן פאַרן קאָלעגע פון דער פּאַראַפיע „דער הייליקער געאָרג", פאָטער היידט.

נאָר, חס וחלילה, די אַלע ערגערנישן שאַטן גאָרנישט צו זיין געזונט־צושטאַנד. אדרבא, ער שיינט ווי אַ גוטע זומערדיקע זון. די רויטע פאַרב אויף זיינע פעטינקע בעקעלעך פאַרשווינדט נישט. שטענדיק איז דער נשמה פאַרזאָרגער ביים גוטן הומאָר, שטענדיק גרייט צו עסן אַ יונג געבראָטן חזירל מיט טאָמאַטן־סאָוס, שטענדיק גרייט צו געבן אַ קניפּ דער שוועסטער ערנעסטינע אין די דיקע באַקן, אָדער ערגיץ־אַנדערשוואו.

און נישט נאָר ער, נאָר אַפילו דאָס דאָרף פון „הייליקן אַנעלע" מאַכט זיך אויך נישט קיין בייז בלוט פון דעם פאָטער הומעלס מוסר. דערוויף איז ער דאָך אַ פאָטער, ער זאָל וועלן די געמיינדע מחזיר למוטב זיין, דערפאַר באַצאָלט מען אים דאָך. און אַפילו מ'זינדיקט אַביסל אונטער — נו, מילא, צו וואָס זיינען די תפילות? און דאָס מתודה זיין זיך איז אויך מכפּר. מ'דאַרף נישט פאַרנאַכלעסיקן עולם־הזה.

פּאַשעט מען טאַקע חזירים מיט מאַיס, מיט קלייען, מיט קאַרטאָפל־שאָלעכץ; פייערט מען ימים־טובימלעך לכבוד דעם אָנהייב און סוף פון דעם „פאַסטן", לכבוד דער רייזע פון דער הייליקער מאַריאַ אין הימל אריין, לכבוד דאָס ממיתן פון אַ פעטן חזיר איבער צוויי הונדערט קילאָ, ביי וועמעס שטערבליכע רעשטן מ'איז זיך מתעסק מיט גרויס חשק; מאַכט מען טאַקע אויך אַ יומטובל לכבוד אַ חתונקע פון אַ הויכן לאַנגן בחורל מיט קעלבישע אויגן, וואָס ווערט פאַראייניקט אויף אַלע אייביקייטן מיט אַ בתולה

מיט א סך זומער־שפּרענקעלעך, מיט א טובערקולאָז צעפּל, מיט א פּאָר גרויסע טיפע שיך, מיט שווארצע וואָלענע זאָקן; ציט מען די האַרמאָשקע, זינגט מען ביז הייזעריק ווערן אזעלכע אַלטע לידער, פון א בעל-העגלה, וואָס האָט נישט ליב אויפצונעמען אַלטע מענער און ווייבער אפן וואָגן, נאָר דער־פאר איז אים ליב אַריינצופאָרן אין שטעטל מיט יינגע פרישינקע מיידע־לעך; וועגן דער כיטרער שיינער פויערטע, וואָס וויל אף א ווייליִנקע אַרויס־פּטרן איר לאַנגווייליקן מאַן, ער זאָל קאָסיען היי, כדי זי זאָל בלייבן אַליין מיטן יונגן רייטער - קנעכט"; פון א מיידל וואָס טרעפט זיך מיט איר גע־ליבטן ביים ברונעמל. מ'רייסט דעם גאָרגל מיט לידער וועגן דער געשמאַ־קער משקה, וועגן דעם פיינעם ביר און דעם פייערדיקן וויין, וועגן דעם אַל־קן ישא, אַז גראָד זיך זאָל זיך טרעפן אַזאַ מציאה: א מת - מצוה! אפילו טן בעל - העבירה'ניק, וועלכער בעט דעם מלאך - המות, ער זאָל אים דאָך צונעמען זיין נמאוסע לעבנס־באַגלייטערן... לידער פון ווייטן רהיין, זייער־אוראַלטע היים, פון פארבענקטע, פאַרליבטע, פון פיאָלעטן קרענץ, פון א פויגל, וואָס האָט געפּראַוועט זיין חתונה אינעם גרינעם וועלדל. מ'פאַר־געסט אויך נישט אין ליבן הער גאָט. אָט זינגט דער אַלטער ריטשקע א ליד וועגן דעם קליינעם יעזוסל: די גרויסע שמחה, וואָס עס האָט געהערשט, ווען דאָס דערלייזער - קינד איז געבוירן געוואָרן אף דער וועלט; וועגן דע־הייליקער מאַריאַ, די פּילגעליטענע, פון דעם דערלייזער — משיח, וואָס טריאומפירט...

דער עולם האַלט אונטער, ווער מיט א טיפן באַס, ווער מיט א קווי־טשיק דיסקאַנטל.

אָט פאַלט מען ווידער אַריין אין וואָכעדיקייט:

אַלע הענער קרייען,
אַלע הענער קרייען,
בלויז דער איינער ביר־האָן נישט.

אַלע מאָפּסן בילן,
אַלע מאָפּסן בילן,

נאָר דער אײנער ראָל־מאָפּס נישט...

***

אזאַ איז שוין דאָס דאָרף פון „הײליקן אנעלע“. מ׳לעבט אין שלום ושלוה, מאַכט התונות, באַגראָבט די טויטע, אַקערט, זייט, שניידט, האָרעװעט חזירים, קריגט זיך, בעט זיך איבער.

שטיל און רואיק איז אין דעם פּאַראַפּיע.

טאָמער פּלעט אַמאָל אַ האַנס אַ פּראַנצן דעם קאָפּ, אַ פרידריך שלאָגט אונטער די זייטן אַ גרעטע, זיין װײַב, טאָמער קריגן זיך די װאַגנערס אַרום איבער די ירושה, גראַטשען זיך אױס די פּנימער — איז מה רעש? פּאַמעלעך הומעל גלייכט אַלעמען אויס. און זעצט מען איין איינעם פון די שלעגער אױף אַ פּאָר װאָכן, אָדער חדשים אין קאָזע, איז אויך קיין אומגליק...

רו און פרידן הערשט אין דעם „הײליקן אנעלע“.

אפילו פון דעם, װאָס אין אַ געװיסן פרימאָרגן האָט דער אידישער לאַטוטניק, שלמה־יאָקל, אויסגעהויכט זיין נשמה, איז אוודאי דאָס גלייכגעוויכט פון דאָרף נישט געשטערט געוואָרן.

און כדאי צו װיסן, אַז שלמה־יאָקל איז געווען אין „הײליקן אנעלע“ אַן אַלטער תושב. נישט איין פּידזשאַק געניצ׳עװעט, נישט איין הויז פּאַרלאַטעט, נישט איין הײליקער אנער חתן האָט אויסגענומען אַ דאַנק דער געשיקטער מלאכה פון דעם אידישן שניידערל. אפילו דער פּאָטער אַליין, בכבודו־ובעצמו, האָט געלאָזט צורעכט־מאַכן ביים אידישן שניידערל זיין גלאַנציקע אַלפּאַקענע זשיפּיצע. שלמה־יאָקל האָט גענומען נישט טייער. די הײליקע אנער האָבן נישט געהאַט קיין סיבה זיך צו באַקלאָגן אױף דעם געהויקערטן שניידערל, װאָס האָט געוואוינט אַליין אין אַ שטיבל ביים גראָבן ריטשקע.

אין אַ קאַלטער, װינטיקער װינטער־נאַכט איז דער שניידער אַזוי פּלוצלינג געשטאָרבן. אַן עלנטער מענש, אָן װײַב און קינד. איז אים מסתמא נישט גוט געווען. אָדער עפּעס אַנדערש, און װער ס׳זאָל זיך אומקוקן איז נישט געווען... נו יאָ, ס׳איז געקומען זיין צייט. און װי לאַנג קאָן אַזוי אַ שניידערל לעבן פון הוילע ברויט מיט טיי און תהילים?

דעם דאָזיקן פּראָסטיקן פרימאָרגן, טרעט אָפּ אַ שכן ביים שניידערל

ס'איז געווען דער אלטער ראָטהאר. ער וויל אָפּנעמען א שטיקל רעקל, וואָס ער האָט געגעבן צו פארלאטען. זעט ער ווי שלמה־יאָקל ליגט אָנגעלענט אזוי מאָדנע אף זיין אָפּגעריבענעם שטול, פון לעדער, אָדער פלוש, די אויגן פארגלאָצט און דאָס גרויע בערדעלע אזוי שטייף, די הענט דריקן קראמפּהאַפט א פארלאָשן פרעסל, טאקע ראָטהארס אייגענעם פידזשאק האָט ער געהאלטן אין פרעסן... קוקט ער אים, דער אלטער יאָהאן, טרייסלט אים:

—גוט מאָרגן דיר, שלמה־יאָקל, שלמה - יאָקל!

און פלוצים גיט ער אזוי א זאָג צו דער גאַס ארויס:

—נו יאָ, דער מענטש איז דאָך טויט!

קומען ברייער, גייער, פרימאַן, עלסנער, העפקע, טרייטשקע און נאָך אַנדערע, וויפל ס'האָבן נאָר געקאָנט אריין אין שטיבל, שאָקלען פרום מיט די קעפּ, נעמען אַרויס די פייקעס, און באַשטעטיקן:

—יאָ, דער שלמה-יאָקל איז טויט. א שאָד, א שאָד. א גוטער שניידער געווען. א פיין אידל, אַן אָרנטלעכס, קיינעם באַריסן, קיינעם באַשלים.

נייט מען פרעגן פאָטער הומעל:

—וואָס טוען מיר מיטן מת?

זיפצט דער פרומער פאָטער און זאָגט צו זיינע שאָף און שעפעלעך:

—יאָ, יאָ, א שאָח אזא פיינער אידל. איצט שוועבט שוין זיין נשמה ביי די גילדענע טויערן פון גן-עדן. דער הייליקער, גוטינקער פּעטרוס, דער טויער - היטער, וועט אים זיכער אריינלאָזן. א וואויל שניידערל געווען. מיין זשיפּיצע האָט ער מיר א חיות צורעכט - געמאַכט. פארשפּאָרט צו קויפן א נייע. איצט, מיינע טייערע באַלעבאַטים, מוז מען זיינע ערדישע רעשטלעך, דאָס קערפּערליכע, מיט כבוד באַהאַלטן. איך עצה, מ'זאָל דעם בר־מינן פירן צו די אידן אף זייער בית־עלמן.

האָט דער אלטער קינצע געגעבן פרייוויליק זיין וואָגן, פריץ רייבל — צוויי פערד, און מ'איז געפאָרן מיט דעם מת אין דעם נאָענטסטן שטעטל מיט א אידישן קיבוץ, זיך דערפרעגט צו ר' הערשלען, דעם גבאי פון חברה־קדישא, אים געוויזן דעם אין א שווארצן טוך איינגעוויקלטן פּאַק אפן וואָגן, זאָגנדיק:

—דאָס איז אונזער שכן שלמה - יאָקל, א וואוילער שניידער געווען, א

גוטער אידל. איר מוזט אים געבן אַ בכבודן אָרט אויף אייער בית - עולם. איר הערט? וואָרום ער איז געווען זייער אַ פרומער, שטענדיק פון אַ סידורל געבעטן, רק געבעטן. אונזער גלח זאָגט, אַז דער־דאָ קומט גלייך אין גן־עדן אריין.

אַזוי האָבן זיך אָנגענומען די קריווּדע פון טויטן שלמה - יאָקל פּריץ רייבל, און דער גרויער קינצע האָט פּאַטאַקעוועט יעדעס וואָרט.

ר' הערשל, דער גבאי, האָט זיך לאַנג געקראַצט אונטער דער פּאַטילניצע. ס'איז אים נישט געווען ניחא, ניט אים, ניט דער גאַנצער חברה־קדישא, אַז גראָד זיי זאָל זיך טרעפן אַזאַ מציאה: אַ מת־מצוה! אפילו אַביסל בראַנפן וועט נישט זיין און אָנפּראַצעווען וועט מען זיך.

נאָר מ'איז דאָך עפּעס אידן. מ'האָט געוואוסט, אַז אין „הייליקן אַנעלע" וואוינט עפּעס אַ שניידערוק, אַ טשודאַק, נו, איצט איז געקומען זיין צייט. האָט מען שלמה - יאָקלען געטון זיין רעכט, מטהר געווען, באַזאָרגט מיט תכריכים, און מקבר געווען נאָענט צום פּלויט. דעם אָרימען לאַטוטניק איז אַוודאי אַלץ איינס געווען. וואָרום ביים לעבן איז ער דאָך אויך געווען מן הצד.

דער קברות - איד האָט אָפּגעזאָגט קדיש. דער אַלטער קינצע און פּריץ רייבל האָבן אַנטבלויזט זייערע קעפּ און זיך פרום איבערגעצלמט.

אַהיימצוועגס זיינען זיי אָפּגעטראָטן אין אַ שענקל, געטרונקען עטליכע שאָפּ ביר און צוויי שנעפּסלעך לכבוד דער נשמה פון פאַרשטאָרבענעם.

---

דעם פאָלגנדיקן זונטיק האָט פּאָטער הומעל ווידער געהאַלטן אַ שטראָפּפּרעדיקט, פּאָרוואָרפנדיק די הייליקע אָנער, וואָס זיי זינדיקן אַזוי פיל, גיבן זיך אָפּ צופיל מיט הבלי עולם הזה. אָט אַ שטייגער למשל, דאָס געשלעג ביי דער אַלמנה האַלעמאָן צוליב אַ יינג חזירל„ — אַ בזיון, אַ בזיון! מ'דאַרף זיך אַראָפּנעמען אַ ביישפּיל פון דעם אָקאָרשט פאַרשטאָרבענעם אידל, וואָס האָט זיך אַזוי גוט אויפגעפירט, אַז ס'איז געווען אַ נחת-

רוח אין די אויגן פון הער יעטס. הייליקע אָבער דאַרפן זיך פאַרבעסערן. וועט גאָט זיי פאַרגעבן די זינד.

נאָר דאָסמאָל האָט ער מקצר געווען, נישט אויפגעהאַלטן צו לאַנג די הייליקע געמיינדע, ווייל ער איז געווען איינגעלאַדן אַף מיטיק צום פּאָטער היידט. דאָרט האָט געזאָלט זיין אַ געשמאַק געבראָטן שעפּעלע, געפּרעגלטע פיש, אַן אמתער זונטיק — פּודינק, באַגאָסן מיט אַן אַלטן מענדאָסטער. אין דרויסן פאַרן קיגעלע האָט שוין געוואַרט זיין קעטשל.

און די הייליקע אָנער האָבן אויך געהאַט אַ פיינעם זונטיק, אָן דער שטרענגער השגחה פון דעם פּאָטער הומעל. פון די שענקען האָבן זיך געטראָגן טיפע באַסן, דינע דיסקאַנטלעך:

אַלע הענער קרייען,
אַלע הענער קרייען,
בלויז דער איינער,
בלויז דער איינער,
בירהאָן נישט,
בירהאָן נישט...

# שניט-צייט

סוף נאָוועמבער אף ענטרע־דיאָסער ערד.

די לופט אַן אָנגעפילטע מיט שאַרפע איינשלעפערנדיקע ריחות פון די בליענדיקע פּאַראַאיסן, פון די האַרבע אַקאַציעס, פון די סובטעלע בליעכצן פון די מאַראַנצן־ביימער און זשאַסמין־קוסטעס—אָטעמט שוין מיט זומער.

פעלדער ווייצענע כוואַליענען שוין טרוקן־שטרויאיק. אין עטלעכע טעג אַרום וועט צייטיקן דער זאַנג. דאָ און דאָרטן שימערן זיי נאָך גרינ־בלעך בלוי, די פולע אַראָפּהענגנדיקע זאַנגען, פאַרשפּעטיקטע. זיינען קער־נער נאָך ווייך, קלעפּיק, און ווען מ׳פּרואווט זיי קוועטשן צווישן די פינגער, גיבן זיי אַ מילכווייסע פליסיקייט. אָבער די נאָוועמבערדיקע מיטיק־זון באַקט שטאַרק — עס ציט שוין צו סיעסטע, — אין אַ פינף זעקס זוניקע טעג וועלן די זעלבע קערנער זיין האַרט, מעליק צווישן די ציינער, צייטיק צום שניידן.

אויך די ליאַנען ברוינלען זיך שוין. די פרי־פאַרזייטע זיינען באַלד ציגל רויט, די הימל־בלויע בליעכצן ווערן וואָס אַמאָל וויניקער, בלישטשען די טיפגרינע קעפּעלעך, ווי מיניאַטור־ציבעלעס, אַקעגן דער ליכטיקער זון; פונדערווייטנס: אַ רעכטעקיקע הימל־בלויע לענטע, ניין, אַ שטיק בלויער הימל אף דער ערד, אָדער גאָר אַ פאַרכישופטער טייך: דאָס בליט דער שפּעט־פאַרזייטער ליאַן.

אָט באַלד אַ ליאַדע טאָג, ס׳זאָל נאָר נישט זיין קיין איבערשלאָג, דער ווינט איז אַ דרומדיקער, די פּרימאָרגענעס פרישע, טויאיקע — וועט אף אידישע פעלדער דערקלינגען דאָס ערנסטע ליד פון דער אַרבעט; די איינ־טאָניקע אָבער האָפערדיקע מעלאָדיע פון די מאַשינען — טו, טרי, טרי, טרי, טו, טרי, טרי, טרי, טרי!—וועט עס זשומען דורך דער אָנגעגלי־טער לופט: סיי פון דער אומגעלומפּערטער דורך זעקס פערד געשלעפּטער שנייד־בינד־מאַשין, סיי פון דעם טאַנקעגליכן ריז: די שנייד־און דרעש־

מאשין, סיי פון דעם קריכנדיקן און פויזנדיקן טראקטאָר, וואָס גראָבט זיך איין מיט זיינע שופל־רעדער אין דער גרודעוואטער ערד.

הויך אף די קעלניעס פון די טאנקן־שנייד־דרעש־גיגאנטן וועלן ברוי־נע פלינקע יינגען פאָכען מיט די לאנגע בייטשן איבער די צוועלף דער־שוויצטע, אין קייטן איינגעשפאנטע פערד; און די יינגענס כסדרדיקער הו־האָ, וועט ווערן פארטויבט פונם גהינום־געליארעם פון מאָטאָר, צילינדערס, קייטן, דרעש־זיפּן, עלעוואטאָרס, ציינדעלעך, שניידמעסער און פליגלען.

בינטלעך גארבן וועלן פאלן, זעקלעך מיט קערנער וועלן זיך אָנפילן, ווי ביי איינעם. ביי איינעם: שווערע, וואָגיקע גארבן, ביים צווייטן פעדער־לייכטע בינטלעך: מסתמא געכאפּט א פראָסט אין סאמע בליען, אָדער דער היישעריק אייניקע מאָל ארומגעגריזשעט, די „איסאָקא“ ארומגענזעגט...

ביי איינעם גיבן די מיילער פון דער שנייד־און דרעש־מאשין ברייטע פולע שטראָמען פון קערנער; זעקלנייער באווייזן קוים צוצונייען דעם אי־בערלויפנדיקן זאק, קערנער גיסן זיך ווי א מעכטיקע לאווע: א גוט געריע־טעניש; און ביים צווייטן רינט א דין, דין שטראָמל: דער זעקל־נייער רוט זיך אויס אויבן אפן זיץ, קאָן זיך פארגינען כאפּן א דרימל, ביז ס׳פילט זיך אָן א זעקל.

שניט־צייט אין אידישע קאָלאָניעס. צייט פון געשפּאנטער דערוואר־טונג, פון פיבערנדיקע טעג און נעכט, פון שווערער האָרעוואניע, פון פרייד און טרויער.

ווי פאר וועמען. א טייל זינגען א לויבגעזאנג דער שפע פון דער גוטער מאמע ערד, וואָס האָט זיי באלוינט פאר זייער שווערער מי, זיינען דערפּאה ביי זיי פנימער ליכטיקע, צופרידענע און זעלבסטזיכערע.

פרייד ביי איינעם און טרויער ביי א צווייטן. די צווייטע שעלטן די דאָזיקע ערד, וואָס איז פאר זיי א גרויזאמע שטיפמאמע.

ביי איינעם סטייען פשוט נישט קיין ליידיקע זעק, אָנצופילן מיט דער גרויסער שפע, מען הערט גאָרנישט אויף צו פירן פולע מיט זעק געלאָדענע וועגענער אין שטעטל אריין, און ביים צווייטן: שא, שטיל. קוי און שפּיי. עטלעכע בידנע וועגעלעך פון געמיינער תבואה: אי נישט געגעבן, אי מינ־

דערוויכטיקע „זיערנע"... און אף דעם ביסל לויערן בעלי־חובות: סוחרים־לעך, בענק, מאַשין־אַגענטן — רייסן זיך אף די פּאָר זעקלעך.

שכנים.ביידע האָבן גלייך געהאָרעוועט,ביידן האָבן די פּלוגעס אַרויסגעטרייסלט די קישקעס, ביידע זיינען געגאַנגען שפּאַנען כּאוּר, ביי־דע האָבן געציטערט פאַר קעלט אין די פּראָסטיקע נעפּלדיקע ווינטער־פאַר־טאָגן, ביידע זיינען נאָס געוואָרן ביזןביין, ווען ס'האָט זיך פּלוצים אראָפּ־געלאָזט אַ פּליוך, ביי ביידן האָט געדרונגען דער שווייס איבערן לייב אין אַ פּאַרנע טאָג. ביידן האָט געפּרעסן דער שטויב, דאָקוטשעט די זלידנע פליי־גן און קאָמאַרעס; ביידע האָבן גוט איבערגעקערט די ערד, נישט געזשאַלע־וועט קיין בראָנע, קיין דיסקע, געזייט צו דער צייט, ביי ביידן איז די אָרנקע געוואָקסן אַזוי אויסגעצייכנט, אַז כּאָטש נעם און זעץ אף איר ציבעלעס אוים.

פאַרוואָס - זשע ביי איינעם אַזויפיל, און ביים צווייטן גאָרנישט? פאַר וואָס ביי איינעם גוט און ביים צווייטן שלעכט?

אַזעלכע האַרבע קשיות פלעגט שטעלן דער קאָלאָניסט שייע לעדערמאַן. וועמען דאָס? גלאַט אַזוי דער וועלט, אָדער דעם הימל... כ'וויים, גאָט...

שוין פינף און דרייסיק יאָר ווי ער אַרבעט ביי דעם ברויט, און נישטאָ קיין מזל... כּאָטש נעם און טו זיך אָן אַ מעשה... יאָר איין, יאָר אוים תמיד דאָס זעלבע: עפּעס אַ סיבה, אָדער אַ סיבה'לע יאַוועט זיך שוין אין דער סאַמע רעכטער צייט, און שוין איז די קאָסעטשע איבערקערט... אַזאַ שלימזל שוין ביי לעדערמאַנען.

אויסערלעך וועט מען אף שייען גאָרנישט באַמערקן קיין שום חותם פון אַ געבוירענעם שלימזלניק. אַדרבא, איר האָט פאַר זיך אַ הויכן און ברייטן אידן, מיט אַ קיילעכדיקער חשובער באָרד, גוטע, תמיד לאַכעדיקע אויגן, שטענדיק ריין - אָנגעטון, ווי אַ באַלעבאַטיש - פאַרמעגלעכער קאָלאָניסט. לעצטנס ווערט ער אָפּט גיך מיד: דאָס זיינען די יאָרן, די יאָרן שטייען נישט. דאָס האַרץ קלאַפּט עפּעס מאָדנע שטאַרק. אָבער אַזוי באַמערקט מען נישט. כסדר אַ וויצל, אַ געלעכטערל, אַ גוט - אויפגעלייגטער מענטש, להיפוך צו זיין ווייב חיה - רחל, וואָס האָט שוין יאָ אַביסל אָן אָנגעכמורע־טן כּאַראַקטער.

זי איז בטבע אַ ניכטערנע אידענע, אָן סענטימענטן; וויינט נישט, באַ־קלאָגט זיך קיינמאָל נישט אפּן הויכן קול. חיה רחל איז אַן אשת חיל, רק פּארנומען: דאָ פירט זי ענערגיש מיט די שפינדלען, שפינט: זאָקן, סווי־טערס, קינדערישע זאכעלעך; דאָ קנעט זי מיט בריהשקייט דאָס טייג, צע־שאַרט דעם אויוון מיט דער קאָטשערע, רוימט, קאָכט, באַקט, שייערט, צי־רעוועט, דרייט די סמעטענע ־ מאַשינקע, קלאַפּט אוים מיט אַ הילצערנעם לעפל אַ שטיקל פּוטער, זעצט הינער אף די נעסטן, נעמט זיך צייט ארומצו־קריכן צווישן דעם ווילדן געפּלאָנטער פון די פאַרשידענע קרייטיכצער און שלעכטע גראָזן, הינטער דער „קינטע“ זוכן נעסטן מיט אייער, און דאָס טוט זי פּאַרטאָגס, כדי די שכנה זאָל זיך נישט פּעדערן, אריינעמען די איי־ער פון „אירע“ הינער אין פּאַרטוך אַריין. ס'בלייבט איר נישט קיין סך צייט חיה־רחלען. כאָטש אַלע גייען שוין שלאָפן, האָט זי נאָך עפּעס צו טון: פּאַרצירעווען די זאָקן, פּאַריכטן און פּאַרלאַטען די העמדער, די הויזן, די וועש, אָנייען קנעפּלעך. ס'איז דאָך עפּעס אַ באַלעבאַטישקייט, מוז מען דאָך האַלטן אַן אויג. ווען נישט, וואָלטן זיי געגאַנגען מיטן דאָס אין דרויסן.

אַז חיה רחל ליגט שוין אפּן געלעגער, קרעכצט זי אין זיך אַריין, קאָן לאַנג נישט איינשלאָפן: צי פאַר מידקייט, צי פאַר איבערקלערן. ביי זיך האָט זי שוין אייגנטלעך איין מאָל פאַר אלעמאָל באַשלאָסן: זאָל זיין וואָס עס וויל, עס איז נישט צו דערוואַרטן קיין גליקן, אזאַ איז דאָס לעבן, מי־שטייגס געזאָגט: האָרעווען, אויסגעריסן ווערן, נישט האָבן קיין טאָג קיין גוטן... אַזוי איז עס און פאַרטיק... בידו אפקיד רוחו... און פאַרטאָג ווידער טשאַפּען אין קאָראַל: די באַלעבאָסטע מוז זיין ביים מעלקן...

זי א טרוקענע, אַן אויסגעניכטערטע, און ער א בעל ־ בטחון, אַ פאַנטאַזיאָר.

חיה־רחל חלומט נישט פון גוטע קאָסעטשעס, פון „נעכטיקע טעג“. זי קילט אָפּ די גליענדיקע פאַנטאַזיעס פון איר מאַן. אַמאָל, ווען שייע הויבט אָן צו פאַנטאַזירן פון די גרויסע גליקן פון א קומענדיקער קאָסעטשע, האַקט זי אים אָפּ די פליגלען:

—שייע, שייע, וואָלסט דיר שוין געמעגט ארויסשלאָגן פון קאָפּ די

נאַרישקייטן, גענוג רבי - געלט געקאָסט. ביי דיר וועט וואַקסן דער דלות. גיי שוין, גיי, ביי דיר גוטע קאָסעטשעס? וואָס ביסטו, יעקב אהרון; דער גביר, ער וועט קויפן א נייעם קאַמפּ פאַרן אײדעם, א נייעם קאַמפּ פאַר די זינדלעך, נייע קאמפּן פאר די אייניקלעך, און דו, קבצן איינער, וועסט מוזן אוועקשיקן די קינדער, דער רוח ווייסט - וואו... ביי דיר, שייע, וועלן גערא־טן די חובות, די פראָצענטער, אם ירצה השם...

שייע תמיד ס'זייניקע: — עסט זען, ביי אונז וועט אויך אמאָל זיין אַ „גראַנדע"... ס'עט קומען אומגעריכט... עסט זען, דעמאָלט וועלן מיר אויך לאַכן... וועלן מיר אויך זיין יעקב אהרונס דער גביר...

וואָס זאָל זי דערויף ענטפערן, חיה - רחל, אז זי גלויבט נישט אין „אזעלכע פייגעלעך אין בוזים?"...

***

דאָס יאָר אָבער איז געווען אַ יאָר אַן אויסנאַם. אָווא! עפּעס גאָר־נישט צו גלויבן;

ביי שייע לעדערמאַן שטייען די תבואות טאַקע א גאָטס־וואונדער, טאַ־קע אף חידושים!

אזאַ געדיכטקייט פון ווייצן, ממש אַ געדיכטער וואַלד פון שווערע, פעסטע, אָנגעפּיקעוועטע זאַנגען... אזאַ ריינקייט ביי ליאָנען, מ'זאָל דאָס זען דערין איין ווילדע מעער, איין „אבראַבע", לויטער ליאָן, אין דער גאנצער געגנט איז אַזוינס נישט צו זען. שכנים זאָגן מבינות: — וואָס זאָגט איר נישט צו שייען, האַ? אַזעלכע ווייצן! אַזעלכע ליאָנען! ס'קומט אים נעבעך: שוין יאָרנלאַנג נישט געהאַט קיין לייטישע קאָסעטשע... זאָל אים דער אויבערשטער העלפן, וואָרום פון „„גראַז" ביז אין „זאַק" איז אַ גרויסער מהלך... סכנות, האָגל, שטורעמווינטן, שלאַגסרעגנס.

שייע איז אין די פעדערן. פון סעפּטעמבער אָן וועט ער דער אומרו אַליין: ער קאָן זיך קיין אָרט נישט געפינען. דער קאָפּ טראָגט אים. רק חשבונען, רק פּלאַנעווען, רק פאַנטאַזירן.

ער פאַרפעלט נישט קיין טאָג גענוי צו באַטראַכטן די געדיכטע „וועל־

דער" זיינע, און דאַבײ אַ האָפּערדיק זיפּצעלע, פון נחת־רוח, פון פרייד: נישקשה! נישקשה!

גייט אַריין אינעווייניק אין ים פון זאַנגען, טאַפּט אַ זאַנגל, צעקייט אַ פּאָר מילכיקע ווייצעלעך, אויבן איז הימל אַ בלויער, ווילדע קאַטשקעס קו־מען פון בראַזיל; „שערעלעך" קרייצן גראַציעז די פרילינג-לופט, גרילן צוויי־טשערן — היישעריק איז דאָס יאָר נישט געקומען — שטייט דער מענטש שייע אין דער געדיכטעניש, און ס'איז אים אַזוי גוט, און ס'איז אַזוי וואונ־דערבאַר עפּעס צו טראַכטן, חלומען: אַלעמען באַצאָלט, ביז איין סענט... צוריק די וועקסלען! האַ, נישט געטרויט שייען? מורא געהאַט, ר'וועט אַנטלויפן? אָט זעט איר, איך האַלט וואָרט. אַלעמען אָפּגעגעבן ס'זייניקע... דיר, פּאַסקודנער קליטניק, טויבער דוד, נאַ דיר די פּעזעס... האָסט זיך גע-דרייט ווי אַ שלאַנג ביז דו האָסט שוין אויסגעליען ס'ביסל צוקער. ס'ביסל זשערבע און די פּאָר אַלפּאַרגאַטעס, נאַדיר; אָט צאָל איך דיר אָפּ ביז איין סענט... כ'וויל מער נישט אָנקוקן דיין פּרצוף, בעסער קויפן אין קאָאָפּעראַ-טיווע... הי, הי, הי, טויבער דודל, אַהער דאָס וועקסעלע! אַלע! אַהער די וועקסלען...

אַ ווינטל האָט לייכט צעוויגט די כוואַליע פון די בלוילעך גרינע זאַנגען און שייע גייט ווידער אין זיינע „וועלדער" און חלומט: היה־רחל, די קינ־דער פלאָגן זיך נעבעך... די קיך רויכערט, די דראָטן פאַרזשאַווערטע, די פּאָסטן צעפוילטע, פון דאַך רינט אַריין, מ'דאַרף האָבן אַן עופות שטאַל, מ'דאַרף פאַריכטן די שפּייכלערס, פאַריכטן דעם וואָגן, צוקויפן אַביסל בהמות, ס'זאָל זיין וואָס צו מעלקן, מ'דאַרף אַ פּאָר נייע רעדער צו דער סול־קי, מ'דאַרף... אַ דאגה. וואָס מ'דאַרף נישט אַלץ... די בחורים צעלויפן זיך אין שטאָט אַריין, ווילן מער נישט טראָגן אַלטע פאַרלאַטעטע מלבושים, שמאַטעס, בונטעווען: אַ טאַטע איז דאָס? ניין, ער איז זייער אַ פּאַטראָן... לעבט פון זיי און צאָלט זיי אַפילו נישט דעם לוין, וואָס עס קומט דעם פּעאָן... פּעסעלע און חנהלע, שוין כלה־מיידלעך: צו פּעסעלען קומט גרע־נאַריאָ, דעם רייכן יעקב אהרונס... דער שידוך איז, פאַר שייע לעדערמאַן צו הויך... און ווידער צוריקגעשמועסט, מיט וואָס איז יעקב אהרון דאָס אַזאַ

מיוחס? ר'קאָן אפילו נישט אַוועקלייגן ווי ס'דאַרף צו זיין דעם „טאַטן" (די חתימה)... אָבער איצט... וועט זיין אנדערש...

די זון וואַרימט שוין די אלטע ביימער, פאַרן זעלבן געלט קאָן מען זיך דאָך אביסל אַנידערזעצן אף אַ פיין טרוקן פּלאַץ, און זיך לאָזן וואַרימען פון דער גוטער זון. אַ קאַלטעת ווינטער גּעווען, ווינטן און רעגענעס האָבן אויסגעמוטשעט די אלטע מידע ביינער. איצט איז דאָ מחיהדיק וואַרים. און דאָס ווינטל שפּילט זיך מיט זיין ווייצן, און דער קאָפּ איז ריין, און צייט איז אויך. דאָ גענוג. ער, שייע, קאָן נישט, טאָר נישט איצט גאָר־נישט טון: די דאָקטוירים האָבן גּעזאָגט, אז ער זאָל זיך היטן. דאָ וועט ער זיצן לאַנג, ביז ער וועט זען דאָרט אפן בערגל די יינגלעך אויסשפּאַנען זיי אקערן איצט, וועט ער אהיימגיין עסן מיטיק.

שייע קומט אריין אין הויף אַ טענצלדיקער מיט צוויי בינטלעך: ווייצן און ליאָן אפר א „מוסטער". זאָלן זיי זען און אויך הנאה האָבן. איצט וועט אפילו חיה רחל מוזן מודה זיין, אז ב"ה ס'זיינען פּאַראַגען אויסזיכטן אף אַ גאָר גרויסער קאָסעטשע...



עס איז שוין דער צענטער דעצעמבער, דעת סאַמע ברען פון שניט.

שוין דריי טעג גייט אַ הייסער ווינט פון צפון, ערגעץ פון די קאַלך־אויוועגעס פון דער וועלט: פון די אָנגעגליטע אמאזאָנען - ברעגעס, אָטעמט אַ הייסע לאַווע - לופט, מאַכט מיד, מאַכט שלעפעריק, מאַכט דורשטיק, דערוועקט ברענענדיקע פאַרלאַנגען נאָך אַ סיעסטע אף אַ קאַטרע אונטער אַ שאָטנדיקער ווערבע, נאָך אַן אייז־קאַלטן טרונק.

אָבער ס'איז קאָסעטשע - צייט: נישטאָ קיין סיעסטע! גראָד אין דער הייסטער מיטיק - שעה מוז מען איבערשפּאַנען די פערד פון דער „קאָסע־טשאַדאָרע", גראָד אין דער צייט ליגן ביים גליענדיקן מאָטאָר און זיך דאָרט גראַבלען מיט די אייליקע פינגער אין די רעדלעך און רערלעך, גראָד דאַן מוז מען שטיין לעבן דעם הייסן מאָטאָר און איינאָטעמען נאַפט־בוימל־געַרוך... נישטאָ קיין צייט צו דרימלען... די מאַשין איז קאַליע געוואָרן, פלי אין שטעטל אריין נאָך דעם צעבראָכענעם טייל, שטיי מיט גרעסטער

אומגעדולד ביים קאוואל און ווארט ווי ער קאוועט צונויף דאָס צעבראָכע־נע אקסל, ווי ער פאַרעט זיך ביי דער צעפּאָרענער זיפ... נישטאָ קיין צייט צו רוען, סיידן אפן וואָגן זעקלעך אונטערוועגנס אין שטעטל אריין...

שייע דרימלט אויך נישט. קאַסעטשע - צייט איז ער נישט ער, נישט מער דער מיושבדיקער שטילער שייע, נאָר א גאנץ אנדערער. א קלייניקייט! שניט ־ צייט! קאַלאַניסטישער יום הדין. א גאנץ יאָר חיונה שטייט אף דער וואָגשאָל. יעדער מינוט איז ווערט געלט. בפרט, אז מען האָט נישט קיין אייגענע מאַשין און דאָס ווייצן ־ שטרוי איז איבערגעטריקנט: געגוג סיבות צו קריגן א היציקן קאָפּ, צו לויפן צו אלע שכינים, בעטן ביי זיי רחמים, זיי זאָלן זיך דערבארימען און גיין שניידן. — טוט די טובה, זאָגט צו, וואָס וועט אייך אַרן, אייערס איז דאָך נאָך גרין, קומט מאָרגן, איבערמאָרגן, סטייטש, דער ווייץ שיט זיך דאָך אוים . . .

אין קאַסעטשע ־ צייט האָט דער מענטש אין זין צוערשט זיינס, זיינס איז בילעכער... אז מ'האָט זיך אביסל ארומגעארבעט, קאָן מען גיין צו פרעמדע.

שייע כאפּט זיך ביים קאָפּ, האָט תרעומות: וואו איז יושר? וואו איז מענטשלעכקייט? שמחה עטלים האָט צוגעזאָגט נאָך פאר דער קאַסעטשע אָפּשניידן סאראם תבואות. א פּאַפּיר ברויכט מען נישט צו מאַכן. אָבער איצט, אַז עס בלאָזט שוין דריי טעג נאָכאַנאַנד דער גליענדיקער צפון־ווינט, —עפעס וועט ער ברענגען — האָט מען מורא איינצושטעלן: טאָ וויל מען ראטעווען זיינס. טאָ צו וועמען זיך קערן און צו וועמען זיך ווענדן?

באין ברירה פירן די מידע פיס צו יעקב אהרונען, ביי וועמען ס'ווילט זיך נישט בעטן קיין טובות, אז ס'זאָל הייסן אז דער מחבר האָט אים אָפּ־געזאָגט . . .

רעב יעקב ־ אהרון ע־ע־ע־קעט: מ'קאָן נישט וויסן, צי ער מיינט יאָ, זיך נישט בעטן קיין טובות, אז ס'זאָל הייסן אז דער חזיר האָט אים אָפּ־אויב ער וועט ע־ע־ע קענען, נו אוראי האָט ער סיי ווי סיי ליב צו טאָן א שכן א טובה . . .

דאָ ווייזט זיך ארויס גרעגאָריע פאר א „קאַבאַזשערא“, נעמט דעם טאָ־

טן אין א זייט, רעדט אינם אריין אַ היפּשע ווײַלְע, ביז שייע הערט דעם פּסק־דין מיט אַ קלאַפּעדיק האַרץ:

—מיר וועלן שניידן ביי אייך. וואָס האָבן מיר היינט, מאָנטיק? אַלזאָ, סעניאָר לעדערמאַן, מיטוואָך נאָכן אָנבייסן זיינען מיר ביי אייך. מ׳קאָן אדורך מיט דער מאַשין דורך דער פּאָטערעז? גרייט אייך פּאָר זעק, פּאַ־דעם... עפנט אויף די דראָטן, מ׳זאָל נישט פאַרלירן קיין אומזיסטיקע צייט...

שייע בעט: אפשר: דינסטיק נאָכמיטיק, מאָרגן, הייסט עס? געדענקט אין גאָט, כאָטש אַ פּאָר העקטאַר אראָפּנעמען, כאָטש בלויז אף זריעה און מעל... זיי ווילן נישט הערן דערפון... נאָר מיטוואָך... שייע אָבער איז אַ פאַרשייטער קבצן: — וואָס אַרט עס אייך? דער ווייצן מיינער איז שוין אַ העלפט ווי ער איז געווען, אויסגעשיט. דאָ ווערט שוין יעקב אהרון גראָב:— גייט אייך, און פאַרדרייט נישט קיין קאָפּ... ר׳ווייסט דאָך, ס׳איז קאָ־סעטשע - צייט...

***

דער מיטוואָך איז געווען פון פּאַרטאָג אָן אַ הייסער. די נאַכט האָט נישט געבראַכט דעם דערפרישנדיקן זומערדיקן טוי; די פעלעכלעך, וואָס זיינען געבליבן איבערנאַכט דרויסן זיינען נישט געווען ווי תמיד פליטש־נאַס; די גראָזן טרוקענע, פאַרחלשטע.

מיט עקשנות בלאָזט אָן אויפהער דער צפון־ווינט. מ׳קאָן שוין גאַנץ פרי אָנהייבן שניידן, און די מאַשינען אַרבעטן פיבערדיק: אריינכאַפּן וואָס מער.

ניין אַ זייגער איז די היץ אזא שטיקנדיקע ווי אינמיטן טאָג. דער ווינט איז שוואַכער געוואָרן.

שייען געפעלט נישט די שטילקייט.

נאָך איז דער הימל מאַטאָווע בלוי, ריין. אָבער: אף צפון - מזרח באַווייזט זיך אַ קליין וואָלקנדל, אַ קיילעכדיקס. אָט איז שוין דאָ נאָך איינס, אַ צווייטס, אַ דריטס... אַ צענטס... פון אַלע זייטן קומען זיי, טויכן אויף, גיסן זיך צוזאַמען אין גיגאַנטן - וואָלקענעס. די פאַרב, פריער ווי נישט געסאָרטירטע סנויליקע וואַטע, איז איצט ווי ברודיקע וואָל.

איצט זיינען די וואָלקנדלעך גיגאַנטן מיט אָפענע, גיריקע פּיסקעס, וואָס שלינגען זיך איין ־איינס דאָס אַנדערע. און די אַלע ריזן-כמאַרעס שטרעבן זיך אונטערטינקען אין דרום־מערב, זיך פאַראייניקן מיט די אַנ־דערע ברידער ־ ריזן.

שטיל אַרום, קיין בלעטל שאָרכט מער, קיין וואסער ־ מילראָד באַוועגט זיך נישט, אַפילו די טומלדיקע טרוקענע שטרויען שאָרשקען נישט מער.

די „טאָרמענטע" קומט אָן. די שטילקייט איז דער אָנזאָג. אַלזאָ: אויס־שפּאַנען וועגענער, ניין, פריער אראָפּכאַפּן די זעקלעך פון קאמפּ... פריער, פריער... נאָך אוספּיעען מיט דער מאַשין צו קומען אין הויף אריין... און די, וואָס זיינען אונטערוועגנס מיט זעקלעך אין שטעטל אריין, אויב זיי זיינען נישט נאָענט פון א קאָלאָניסט, איז ניִשט מקנא צו זיין: זיי וועלן ווע־רן פליטש־נאַס...

באַלד וועט זיך צעשפּילן די התונה.

די גיגאַנטן האָבן זיך אַלע אריינגעוואָרפן אין דעם טונקל-בלייערנעם אָקעאַן אפן דרום־מערב ־ האָריזאָנט.

אָט גייט די כמאַרע: אַן אומגעוואָרפענע שטימפּיקע פּיראַמידע, בלוי־לעך־גרוי, באַפּוצט מיט א מעכטיק שוימיק צעפּלאָשעטע מאַסע: צעקעמטע פראַנזן פון עפּעס א פאַנטאַסטישן שטאָף.

און פּלוצים... ווירבלט עס, דרייט עס, ווילדעוועט עס, טרייסלט די בוימער, ריטשעט ארום די דעכער, אף וואָס די בלעכן ענטפערן אָפּ מיט א טרעשטשען, מיט א קנאַקן, ווי טויזנטער מעטאַלענע פעסער וואָלטן זיך געקייקלט עפּעס אף א הילצערנער, צעפּאָרעָנער בריק.

א ווײַלע שטיל. עטלעכע טראָפּנס קלאַפּן אף די בלעכן. און באַלד... מיליאָנען קראַנען אויפגעדרייט, שטראָמען, שמייסן די ערד, פּילדערן, גע־וואַלדעווען אף די געקאַרבטע דעכער . . .

געלבלעך ווערט די כמאַרע... אויגן אַנגסטלעכע קוקן אין ווילדן דרויסן... עס גייט האָגלען! גאָט דערבאַרעמדיקער! די פּראַצע, די פּראַצע אונזערע! . . . גאָט, אונזער ברויט! . . .

און באַלד: האַקט, הוקעט, ריטשעט, קאָלערט, קלינגט, העמערט, בווי־

ערט עס פארשייט אף די בלעכן, לעכערט אדורך דעם מוח, פארטויבט, פאר־טומלט... חיה־רחל! חיה רחל! ק-אָ-גל! אונזער האַרעוואַניע! אונזער האַרעוואניע....!

פינף מינוטן בלויז... האָגלען גרויסע ווי די טויבן־אייער... עס איז ווי־דער שטיל. דער הימל בלוי. די לופט אויפגעפרישט... מ'אָטעמט ווידער פרייער נאָך טעג און נעכט פון דושנעם, שטיקיקן צפון־ווינט.

—וואָס לויפסטו, שייע? וועסט נאָך אוספּיעענען צו זען דיינע „גע־דיכטע וועלדער"! וואָס רייסטו דיך, וואָס? מ'קאָן דאָך גאָרנישט צוקומען: די פּאָטערע איז דאָך אונטערן וואַסער... עסט צייט האָבן, ס'עט אָפּלויפן, וועסטו כאַפּן אַ פערד און אָנקוקן די גדולה...

שייע הערט נישט. שייע איז טויב צו אַלץ און אַלעם. ביי שייען קריכן שיעור די אויגן נישט אַרויס פון זייערע לעכער. שייע בראָדזשעט באַר־וועס מיט גיכע שריט, דורך די שטראָמענדיקע וואַסערן, דורך די טיפע בלאָטעס. שוין וויל עך זען, וואָס האָבן די „טויבן - אייער" געמאַכט פון זיינע ווייצן, סאַראַ חורבן זיי האָבן געמאַכט פון זיינע ליאַנען...

דאָס זיינען די תבואות? טאַטעלעך! מיין פראַצע! מיין פראַצע! מיין האָפנונג!... זיינען דאָ טויזנטער פערד אדורכגעטראָטן? האָבן דאָ טוי־זנטער בייטשן געקנאַלט און צעבייטשט די האָפנונג מיינע! נאָך וואָס ווייטער בראָדזשען? ווייטער איז דאָך אויך אַזוי: די זאַנגען ליגן צעבראָכענע אף דער דורכגענעצטער גרודע. ס'איז נאָר אביסעלע געבליבן, אביסעלע: פאַר דער זריעה, פאַר אַ ניי מוטשענען זיך... וועט סטייענען אף די פּאָר זעקלעך מעל... און פון די אַלע חלומות גאָרנישט געוואָרן? גאָרנישט... גאָרנישט!... נישטאָ קיין כוחות... דאָס האַרץ האַמערט אַזוי שטאַרק... ס'פארפעלט אָטעם... אפשר זיך אַביסל אַנידערזעצן? נישטאָ קיין כוח צו זוכן אַ טרוקן שטיקל אָרט.. עפּעס ווערט טונקל אין די אויגן, פלעמלעך טאַנצן אויף און אָפּ, בוימלדיקע פארויכערטע פייערלעך. עפּעס איז אַזוי זיסלעך - זויער אין מויל, פיס פאָלגן נישט... ווילן נישטאָ, געראַנק אויס־גערונען, האַרץ טוק־טוק... די זון געל... און פלוצים: פינסטערניש, שווי־דערן... אין בלאָטע צווישן פארפלאָנטערטע זאַנגען ליגט בלויז איין מעכ־

טיק קלאפנדיק האַרץ... אוי! ס'איז אַזוי וואויל, אַזוי אומענדלעך גוט: די רו, די שלווה אין דער וואַרימער שיטערער בלאָטע...

דאָס האַרץ שלאָגט שוין נישט. אפּן געלעגער פון די דורכן האָגל צע־שמעטערטע תבואות אַ צוזאַמענגעקנוילטער פּאַק... איבער אים שטייט אַ שוואַרצער קודלאַטער הונט, שייעס הויפהונט, און וואָיעט...

***

חיה ־ רחל איז אויך אין דעם פאַל אַ טרוקענע אידענע. אירע אויגן־זעק־לעך פאַרמאָגן איבערהויפּט קיין טרערן. זי וויינט נישט, יאָמערט נישט, ברעכט נישט מיט די הענט. זי האָט נאָר אַזעלכע טרוקענע רייד ווי שפּע־נער: — ס'האַרץ האָט נישט אויסגעהאַלטן... איצט, שייע, וועסטו אויס־רוען דיינע מידע ביינער... אַרום דער אידענעס שלייפן האָבן זיך צעלייגט אומצאָליקע דריבנע קנייטשעלעך.

ביים לעבן איז שייע געווען אַזוי אַ פּראָסטער קאָלאָניסט, וועמען מ'האָט נישט געגעבן קיינמאָל קיין כיבודים. דערפאַר אָבער האָט ער באַ־קומען, ווי דער שטייגער איז, אַ בכבודיקע לוויה. אַז אַלע האָבן געהאַט צייט. סיי־ווי־סיי זיינען די קאַמפּן געווען דורכגעווייקט און אַרויסצוציִען מיט דער מאַשין, מינדעסטענס אין אַ דריי טעג אַרום, האָט גאָר קיין רייד נישט געקענט זיין.

די חברה ־ קדישא האָט זיך נישט געדונגען: נישט געווען ביי וועמען און וואָס צו נעמען. מען האָט געשאָקלט מיט די קעפּ, באַדויערט: — נישט געהאַט קיין איין גוטן טאָג אין לעבן... נאָך אין פּאַלאַסיאָס געטאַפּט אַ וואַנט... געטראָגן אַן עופּהלע אונטער דער פּאָלע צו באַגראָבן... — אַ רחמנות אַ פאַמיליע... אַזוי זיך איבערנעמען? — אַ קאָלאָניסט מוז זיך מו־טשענען... דאָס איז דעם קאָלאָניסטס גורל... אַ קאָלאָניסט מוז קענען פאַרטראָגן צרות... — אַ קאָלאָניסט מוז האָבן אַ שטאַרק האַרץ... — ביי מיר האָט דער האָגל אויך אָנגעטון נישט ווייניק שאָדן... ,

—אָבער גאָרנישט אין פאַרגלייך צו שייעס...

—אַ קאָלאָניסט טאָר זיך נישט נייען קיין גאָלדענעם בייטל, ביז...— אַזוי איז עס, דער האָגל שלאָגט אויס, דער היישעריק פרעסט אָפּ, דער רוח

נעמט צו און מ׳שטעלט זיך ווייטער אקערן...

—וואס דען, באלד וואס ווען, אנטון זיך א מעשה...? ווי פאראיארן כיעל - הערש: אויפגעהאנגען, ווייל ס׳איז אים נישט געראטן... געווען א גביר... האט ער נישט געוואלט פארליידן, אז ס׳איז אים עטלעכע יאר נע־גאנגען שלעכט... — מיר, קבצנים, נעמען זיך נישט איבער... אבי אף ברויט...

יעקב אהרון איז אויך געווען אף דער לוויה, און אין געדאנק שוין גע־פלאנעוועט, אז ס׳וואלט געווען א יושר צו קויפן אדער צו דינגען דאס שטי־קל קאמפ פון לעדערמאן, וואס ליגט א דראט ביי א׳ דראט בשכינות...

שוין געלייגט די שערבלעך, אריינגעפאסט דאס ברעט, געבעטן מחילה... שוין פאלן רירעוודיק די לעצטע שויפלען ערד. שייעס זין האלטן סידורים אין די הענט און זאגן אלע מיט האמעטנער עברי קדיש... די מיידלעך כלי־פען... ארום פעסעלען שארט זיך גרעגאריע, און וויל זי טרייסטן.

חיה רחל קוקט שטאר. אף איר מענעריש פנים איז אויסגעגאסן מענע־רישע אנטשלאסנקייט.

באלד נאך דער לוויה נעמט זי איבער פולשטענדיק די מאכט איבער דער באלעבאטישקייט.

# אין אַ הייסער מיטיק - שעה

די פערטע קלאַס שיף האָט די עמיגראַנטן אויסגעבלייכט, אַרויסגע־זויגן פון זיי דאָס לעצטע ביסל כוחות.

פון דער שטיקענדיקער טיפקייט אונטן ביים געהודזש פון די טרייב־מאַשינען, לעבן גהינומדיקן גלי פון די הייצקעסלען, האָבן זיי אַרויסגעקוקט מיט קנאה צו די לופטיקע, ליכטיקע קלאַסן. פון די טיפע אייזערנע שוואַרצע טרעפּלעך האָבן זיי געגנבֿט געקענט זעען די ווייסע עמאַלירטע שפּאַציר־בריקלעך, די גלאַנציקע טענים - און ספּאָרט - פּלעצער, די פּיס פון די אין פּאַלם־ביטש באַקליידעטע הערן, די לופטיקע טריטעלעך פון יענע אומדערגרייכבאַרע פיינע דאַמען, האָבן זיי געהערט דאָס פריילעכע געלעכטער, וואָס קומט פון יענער אַנדערער בעסערער וועלט.

בשעת זיי אונטן האָבן זיך געפּייניקט אויף זייערע לוויזיקע נאָרעס, איינגעאָטעמט די מיט קאַרבאָל - אָנגעזעטיקטע לופט פון שלאָפזאַל פאַר פרייהונדערט פּערזאָן.

דער קאַרבאָל און די אויסדונסטונגס־ריחות פון די הונדערטער פּאַסאַזשירן זיינען געוואָרן נאָך אומדערטרעגלעכער, ווען דער דאַמפער האָט זיך פויל געשלעפּט איבער די טראָפּישע רעגיאָנען, דאַן איז ניט געווען מיט וואָס צו אָטעמען.

טעג און נעכט אָן דעם מינדסטן ווינטל און אַ גליענדע היץ, וואָס ליגט אויף איינעם ווי אַ מעכטיקע פּרעס. צו מיטיק און וויעטשערע די פּעטליכע פישזופּ, דאָס איינגעדעמפּטע, נישט פרישע פלייש. די לאַנגע נודנע טעג, די קאָשמאַרנע נעכט, דאָס אייביקע וואַבן איבער דעם קלומי־קל: דאָס אָרימע האָב און גוטס, מען קאָן דאָך קיינעם געטרויען אין דער פרעמד — — — ־יאָס אַלץ האָט טעמפּ געמאַכט דעם געדאַנק, אייזיקנע־

רויבט דאָס לעצטע ביסל זעלבסטווירדע, דאָס לעצטע ביסל שטאָלץ, וואָס איז איבערגעבליבן פון די פארלאָזטע היימען.

דאָך האָבן מאַנכע נישט אויסגעהאַלטן: די קנאה צו די ליכטיקע, לופטיקע קלאַסן האָט אין זיי ווילדע באַגערן אָנגעצונדן, זיי האָבן אַנט־שלאָסענע פון די אייזערנע טרעפּלעך אונטן זיך געריסן אַרויף, אָבער ענערגישע, ברוטאַלע הענט האָבן זיי ווידער אַראָפּגעשטופּט, דעם אַרויפ־גאַנג מיט קייטן פאַרצוימט.

בשעת אונטן האָבן הונדערטער מענשן אויסגעשפּיגן די גאַל פון דעם כסדרדיקן נודנעם טרייסלען, פון די עקלדיקע מאכלים, פון דערנידערונ־גען — — — האָט מען אויבן, אי די רחבותדיקע, לאַקירטע סאַלאָנען גע־טאַנצט, אינטערנאַציאָנאַלע זנות - מוזיק האָט געגעבן דעם טאָן, די אָנ־צוהערעניש, אַז מען קאָן פאַרווענען יחוד מיט די וועלטרייזענדע קאָקאָטעס.

און ווען אויבן איז די פרייד געשטיגן צו דער העכסטער מדרגה, ווייל די טראַנסאַטלאַנטיק האָט אַדורכגעקרייצט די עקוואַטאָר־ליניע, ווען די פיינגעקליידעטע דאַמען און הערן האָבן זיך דערלויבט אפילו אי־בער די מאָראַלישע נאָרמעס — — — איז אונטן, אין פערטן קלאַס, אַ פּיצעלע קינד, אין גסיסה־ווייען געלעגן.

די מאַמע, אַ בלאָנדע, פלאַקסהאָריקע ליטווינערין, האָט זיך די האָר פון קאָפּ געריסן, די הענט פאַרבראָכן און די הייליקע מאַריאַ געבעטן און דאָס שוואַרצע קרייצל אָפן האַלדז געקושט: — „דערבאַרעם דיך, דו אומ־באַפלעקטע, דערבאַרעמדיקע...“

צומאָרגנס האָט די שיף פאַרלאַנגזאַמט איר גאַנג, און אַ קליינע פּראָצעסיע, באַגלייט פון אַ גרופּע נייגיריקע, האָט זיך דערנענטערט צו דער שיפס־נאָז.

דער קאַפּיטאַן האָט זיין קאָפּ אַנטבלויזט, אַ קורץ געבעט אין זיין שפּראַך געזאָגט, צוויי שוועסטער - מאָנאַשקעס, פּאַסאַזשירקעס, האָבן אָפּגעריכט אַ לאַטיינישע תפילה, און פון אויבן האָט עפּעס אין וואַסער

אַ פּליושקע געטון: דאָס איז געווען דאָס מתל, אַף אַ ברעט צוגעבונדן און באַשווערט מיט אַ שטיק אייזן.

די מאַמע האָט זיך געריסן פון דאַמפּער - שפּיץ, געוואָלט נאָכשפּרינגען דעם טייערן ברעט, האָבן צוויי שטאַרקע מאַטראָסן - העכט זי צוריקגעהאַלטן, אַף די הענט זי אַראָפּגעטראָגן אונטן און זי פעסטגעבונדן צום הענגבעטל.

האָט די פּלאַקסהאַריקע ליטווינערין טעג און נעכט לאַנג געכליפּעט:

—מיין אָרים עופה'לע, מיין אָרימינקעס, אין ים אַריינגעוואָרפן, ס'וועט אַפילו צו תחית - המתים נישט קענען אויפשטיין... אָ, יעזוס מאַריאַ, מיט וואָס וועל איך זיך פאַרענטפערן פאַר יאַנאַשן, אָ, יעזוס מאַריאַ!...

האָט דאָס דאָזיקע געשעעניש שטאַרק פאַרקלעמט די הערצער פון די אָרימע היימלאָזע. זיי האָבן נאָכמער געגומען נאָכקלערן איבער זייער עלנט, איבער די גרויזאַמע פרעמד, איבער דאָס קומענדיקע, אומגעוויסע אין זייער גלות-לעבן.

אַזוי זיינען פאַרגאַנגען טעג און נעכט, די שיף האָט זיך געוויגט האַפּן איין, האַפּן אויס. פרעמד טומלדיק גערייד רייסט זיך אַרויף אַפן שיף, קייטן קלינגען, קראַנען קרעכצן, קוילן-שטויב דרינגט אַריין אין די קאַיוטן. די מחנה פערטקלאַסיקע פּאַסאַזשירן קוקן צו מיט חיהשן אומפאַרשטאַנד צום פרעמדן ליאַרם.

און ווידער פרעסט זיך איין די קנאה: די רייזענדע פון די ליכטיקע, לופטיקע קלאַסן שפּאַצירן פראַנק און פריי אַרום, זיי האָבן די מעגליכקייט אָנצוקוקן די פרעמדע קוריאָזע וועלט, בשעת זיי, די פון טיפן קעלער, האָט מען ווי אין אַ תפיסה געהאַלטן, פרעמדע פּאָליצייאישע הענט האָבן זיי צוריקגעשטויסן גראָב און באַליידיקענדיק.

און ווידער זשאַווערדיק געקלינג, אַ געהודזש, אַ אויפהויבן פון אַנקער, פון בריקלעך.

דער דאַמפּער טראָגט זיך איבער די דרום-אַמעריקאַנישע וואַסערן.

***

בליצן האָבן דורכגעשניטן די טראָפּישע הימלען, דער אַטלאַנטיק

האָט געשטורעמט, די שוימיקע כוואַליעס האָבן זיך געריסן צום שיף, וואָס האָט זיך מיט זיי געשפּילט אין האָפּסערלעך. דאָס דאָזיקע שפּיל האָט געקאָסט אַלע פּאַסאַזשירן די גרינגע גאַל, וועלכע האָט זיך צוזאַמען מיט די אינגעווייד ן געריסן אַרויס.

די פּאַסאַזשירן, אָן אונטערשייד פון קלאַס, האָבן שוין געטראַכט פון זייערע לעצטע מאָמענטן: פון טיפסטן קעלער - ווינקעלע ביי די קעסלען, ביזן העכסטן שפּיץ אין די לוקסוס-קאַבינעס, איין געקרעכץ און געבעט, צו אַלע מעגליכע און אומעגליכע געטער, אין אַלע שפּראַכן.

וויסט איז געווען דאָס שיף, אָפּגעליידיקט זיינע גלאַנציקע שפּאַציר-בריקלעך, מיט די ווייסע עמאַלירטע פּאָרענטשעס.

אַלעמען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער קאַפּיטאַן גיט אַלאַרם-סיגנאַלן. די ערשטע קלאַס-דאַמען האָבן געהעשעט. די געבעטן אויף אַלע שפּראַכן, צו אַלע געטער זיינען געוואָרן וואָס העפטיקער... מען האָט זיך געגרייט, זיך אָנגעטון די רעטונגס - גאַרטלען, נישט געוואָלט אָפּטרעטן פון די רעטונגס - שיפלעך...

און אַז דער ווינט האָט זיך געלייגט, הימלען זיך אויסגעלייטערט, האָט דער ריזיקער טראַנסאַטלאַנטיק זיך ווייטער געגליטשט אויף דער גלאַטער גלאַנציקער פלאַך צו דרום-צו.

אין פאַרנאַכטן האָבן שפּאַניער מיידלעך און בחורים געטאַנצט אויפן פּאָרדעק צום קלאַנג פון זייערע פייערדיקע אַנדאַלוזישע ראָמאַנסן:

א, סעניאָרעס, סעניאָריטאַס,
אייערע מאַנדל-אויגן אַוואַדע,
זיינען די שענסטע
פון סעווילִיע ביז גראַנאַדע.

א, סעניאָראַס, סעניאָריטאַס!
די מאַראַנצן - ביימער
אין אַנדאַלוזיע בליען,

און אייערע ליפּן
פון באַנגער גליען.

האָבן זיך די געזאַנגען פאַרצויגן אין די האַרציקע פאַרבענקטע מעלאָ־דיעס פון די איינס אינס אַנדערע. זיך קייטלענדיקע לידלעך: אַ, סעניאָראַס, סעניאָריטאַס, האָבן די קאַסטאַניעטן גראַציעז און פאַרשייט צוגעטרי־לערט. זיינען שוין אויך די פּאָרטוגעזן מיט זייערע לענגליכע ראָמאַני־שע ווייגען, היימישע עסנס, היימישע געטער.

בלויז די היימלאָזע אוקראַינער, ווייסרוסן, פּאָליאַקן און די אַלע פעל־קער פון קאַלטע, שנייאיקע מקומות,, פון בלאַסע נעפּלדיקע הימלען, האָבן געהאַט טרערן אין די אויגן. פאַר זיי איז אַלץ געווען מאָדנע פרעמד. די ווייטע זיך דערנענטערנדיקע האָריזאָנטן האָבן זיי געשראָקן.

די דאָזיקע בלויע הימלען, די דאָזיקע שטילע, ווייכסאַמעטענע פאַר־נאַכטן האָבן געהאַט אין זיך עפּעס היימישעס, נאָענטעס, אַט וועלן זיי זיך דערנענטערן צו די ברעגעס, וואו מוועט רעדן זייער שפּראַך, זינגען זייערע לידער, וואו זיי וועלן ווערן אויפגענומען פון אייגענע קרובים, וואו זיי וועלן באַגעגענען היימישע פּלאַנצן, היימישע הייזער, היימישע מידות, היימי־שע געזיכטער, מיט זייער ווייבער מעלאָדישער שפּראַך אַריין אין טאַנץ.

וואָס נענטער דער דאַמפער איז געקומען צום אומבאַקאַנטן ווייטן לאַנד,, אַלץ גרעסער איז געוואָרן די זאָרג. עס האָט זיך זיי אויסגעדוכטן, אַז זיי ווערן איינגעשרומפּן, קליינטשיקע קינדערלעך,, וואָס באַדאַרפן דעם וואַרעמען שוץ פון אַ מאַמען.

און אַז די שיף האָט שוין דערגרייכט איר ציל, האָבן זיי באַטראַכטן דעם לאַנג-געגאַרטן באָדן אויסגעבלייכטע, נעבעכדיקע, הילפלאָזע ווי זויג־קינדער, אומגעלומפּערטע און קאָמישע, מיט זייערע שווערע פעק און קלו־מיקעס, קאָשיקעס — האָבן זיי זיך מיטאַמאָל דערפילט ווי נישטיקע שטוי־בעלעך, ווי אָפּגענוצטע שמאַטעס, און אַזעלכע עלנטע, פאַרלוירענע, כאַטש נעם און וואַרף זיך אין ים אַריין.

און אַזאַ האַרצדריקענד בענקעניש האָט זיי אַרומגענומען צו די נישט־

לאַנג פאַרהאַסטע, פאַרלאָזטע היימען, טויזנטער קילאָמעטער דער־
ווייטערטע.

אָ, וואָלטן די שיפן זיי צוריקגעפירט צו זייערע סטאָלפּצעס, ליפּצעס,
צוריק צו די אַלע ליבע, טייערע דערפער, ווי זיי הייסן אַלע דאָרטן —
וואָלטן זיי מיט שמחה ווידער איבערגעטראָגן די מאַטערנישן פון דער
ווייטער ים־רייזע.

נאָכדעם ווי די פּיס האָבן וואָכנלאַנג געבלאָנקעט איבער די גאַסן פון
דער שטאָט פון די „גוטע לופטן", בוענאָס איירעס, וואו זיי, די אימיגראַנ־
טן, האָבן שטומע אף די הענט געוויזן, ארבעט געבעטן, און קיינער האָט
זיי געבראַוכט — אַ קריזיס אין לאַנד — האָבן זיי זיך מעת־לעתן־לאַנג
געשלעפּט אין טראַנספּאָרט־וואַגאָנעס פאַר פי איבער דער פּראָווינץ.

שטעטל איין, שטעטל אויס.

אין איינעם, אַ סוף־דעצעמבערדיקן פרימאָרגן האָט אַ אינטערנאַ־
ציאָנאַלער משא־צוג, אין ריכטונג בראַזיל־פּאַראַגוויי־באָליוויע, ארויס־
געשאָטן אַ צענדליק אימיגראַנטן איבערן שטעטל באַסאַווילבאַסאַ.

געוועזן זיינען עס פאַרחושכטע, אויסגעמוטשעטע פון וואַלגערן זיך הונ־
געריקערהייט איבער דער רייכער, רייכער רעפּובליק. האָט זיי דער דאָ־
זיקער משא־צוג אַראָפּגעוואָרפן, ווי אונטערגעוואָרפענע צויגלעך, זיי אויס־
געשפּיגן איבערן שטעטל מיט זייערע מאָדנע בינטלעך, פאַרשוואַרצטע
פּנימער און טאַמעוואַטע אויגן, געהערט האָבן די אונטערגעוואָרפענע צו
יענע נאַציאָנאַליטעטן פון די געגנטן שנייאיקע, וואַלדיקע, מיט בלאַסע נע־
פּלדיקע הימלען. און שטומע, אָנשפּראַכיקע, דאָס איינציקע פאַרמעגן די
אויגן־שפּראַך פון הונגער און עלנט.

איז געוועזן שניט־צייט אין די אידישע קאָלאָניעס, אין דער סביבה
פון שטעטל באַסאַווילבאַסאַ, וואָס געפינט זיך אין דער פּראָווינץ
„צווישן די טייכן".

האָבן זיך די אָרימע, פאַרשמאַכטע אימיגראַנטן געפּלאָנטערט אין
גרופּקעס, צעוואָרפענע איבער די שטויביקע שטעטלשע גאַסן, זיך אַלע
ווילע אָפּגעשטעלט פאַר די שפּייז־קלייטן, וואו עס זיינען געשטאַנען

קאָלאָניסטישע וועגענער, געוויזן די קאָלאָניסטן די אָראָפּהענגנדיקע, באַמבלענדיקע הענט, מיט הכנעהדיקע בליקן געבעטן אַרבעט.

האָבן די האָרעפּאַשניקעס מיט גרויסן צער אָנגעקוקט די עלנטע, ביי אַ טייל פון זיי האָבן זיך טרערן באַוויזן אין די אויגן. אָבער אַרבעט האָבן זיי גישט געקענט געבן. ווייל אויך אין זייערע שטיבער האָט גע־הערשט די נויט. די פעלדער האָבן דאָס יאָר געגעבן מיט קאַרגקייט. ביי אַ גרויסן טייל האָט דער היישעריק אינגאַנצן פאַרניכטעט די האָפנונג, די תבואות האָבן קיין שום ווערט געהאַט אפן וועלט-מאַרק, דער שניט איז געגאַנגען אָן פרייד, אָן חשק. דאָס קאַרגע ביסל האָט מען אַליין אָראָפּגע־נומען: פרעמדע אַרבעטס-הענט זיינען לחלוטין געווען איבעריק.

האָבן די עלנטע אימיגראַנטן נאָכגעקוקט מיט יאוש די אָפּפאָרנדיקע קאָלאָניסטן, פונקט ווי זייער לעצטע האָפנונג וואָלט אף אייביק אַוועקגע־פאָרן, און זייערע געזיכטער האָבן געצוקט פאַר צער.

איצט האָבן זיי אָן ציל און אָן צוועק געבלאָנקעט איבערן שטעטל ווי אָנבאַלעבאָסיקע הינט, זיך דערשלעפּט צו דער באַן - סטאַציע, געשטאַנען אַזוי אַ ווײַלע און געקוקט אין די ווייטקייט אריין, וואו די רעלסן פאַרלירן זיך אין די ווייטע סטעפּעס.

זיינען זיי געשטאַנען און זיך איינגעקוקט, פונקט ווי זיי וואָלטן דער־וואַרט פון דאָרטן זייער ישועה.

אַז פון דאָרטן האָט זיי דאָך די באַן געבראַכט, פון דאָרטן, ווייט, איבער די פעלדער, סטעפּעס, טייכן, ימים, וואו עס געפינט זיך דאָך די טייערע היים!

האָבן זיך די ליטווינער וולאַס און סטאַס, די פּאָליאַקן וואַצעק, וולאַ־דעק און פראַנעק, און די ווייסרוסן גריגאָריע און אַפאַנאַסי, חברים אין דער נויט, שטאַרק צעוויינט, געשאָלטן די פרעמד, זייער ביטער גורל: בע־סער דער טויט, איידער אַזאַ לעבן!

***

און ס'איז געווען סוף חודש דעצעמבער, זומער אפן דרום האַלב־קייליך. די לופט איז געווען אָנגעגליט. פון צפון - בראַזיל האָט געבלאָזן

אָן אויפהער גהינומדיקע ווינטן. העמד האָט זיך געקלעפּט צום לייב; פּיס זיינען פאַר מידקייט געווען ווי אונטערגעהאַקטע.

מיטיק - צייט אין שטעטל פון דער פּראָווינץ „צווישן די טייכן", ווען זון שטייט הויך אין זעניט, ווען שעהן שלעפן זיך פויל ווי טשערעפּאַכעס, ווען גומען קאָן ניט שטילן דעם דורשט, ווען פערד, בהמה שטייען אומבאַ־וועגליך אונטערן מינדסטן קזשאַקל, זוכנדיק אין סטעפּ שוץ און שאָטן פון דעם גליענדיקן קאַלך־אויוון — האָבן זיך די וואָגלער אַנגעטרונקען מיט וואַסער ביים סטאַציע - קראַן, זיך אַנידערגעזעצט אין שאָטן פון פּראַכט־וואַגאָנעס, און פויל גערעדט צווישן זיך.

ווען וואָס רעדן פאַרוואָגלטע אימיגראַנטן? ווען די היים, די היים! די ה־י־י־ם!

און וואַצעק האָט דערציילט און דערציילט: פון זיין היים־דערפל, פון זיין ווייס - געקאַלעכטע כאַטקע, פון זיינע שיינע הימל־הויכע ליפּעס, פון זיין טייערער, טייערער סטאַשיע, וואָס האָט זיך אַזוי געבעטן ביי אים ר'זאָל נישט פאָרן. — אָ, מיין גאָט, אָ לאַ באָגאַ, האָט זי געבעטן, — פאַר־לאָז מיך נישט, פאָר נישט אַוועק אין דער פרעמד, — נישט גוטע זיינען דאָרט. אָ, מיין האַרץ זאָגט מיר, אז כ'וועל דיך מער נישט זען...

און ער האָט איר געזאָגט: — אָ, נאַריש מיידל, דו רעדסט שטותע־רייען. ס'איז דאָך אַ רייך לאַנד אַרגענטינע. פון דאָרטן קומט אָן פאַר דער גאַנצער וועלט ווייס ברויט, און ערד איז דאָרט פאַראַנען וויפל דו ווילסט. וועסט זען, מיין ליבהאַרציקע סטאַשקאַ, דו וועסט דאָרטן נאָך זיין די גרעסטע באַלעבאָסטע, אָ, דו וויין נישט, מאַך נישט קיין באַבישע שטיק...

און וואַס האָט געכליפּעט ווי אַ באַבע, און גערעדט פון אַ דערפל ביים ניעמען, פון טיפע סאָסנאָווע וועלדער, פון זאַמדיקע קאַרטאָפל־פעל־דער, פון אַ מאַמע אַ שטרענגע, וואָס לאָזט נישט אַוועקפאָרן, וואָס וואָרנט דעם איינגעעקשנטן זון, וואָס וויל דווקא זוכן גליקן אין די וויטע לענדער:

—דו, מאַמע, סאַראַ תכלית דערוואַרט מיר אויף די פאָר זאַמדיקע מאָרגעס, זאָג, מאַמע?

—אָ, אינגל, אינגל: ווער ס'טוט זיך פון זיין היים רירן, קאָן זיין לעצטעס פאַרלירן!...

האָט פראַנעק, אַ בלויאויגיקער, אויסגעפּיעשטשעטער פויעריש בחורל, געהעשעט, און גענשטאַמלט פון עפּעס א דאָרף סטאָלבצי, וואו ער האָט ביי טאַטע - מאַמע פון כל - טוב געהאַט, האָט זיך אים פאַרגלוסט אוואַנטורעס. איצט האָט ער ביטער חרטה...

און אַפּאַנאַסיע האָט די טרערן פון די אויגן מיטן אַרבל געווישט און דערמאָנט מיט גרויס ליבשאַפט אַ מיט שטרוי באַדעקט כאַטקעלע, צוויי בעריאָזקעס, אַן אויבסט - גערטל פון קערשעלעך, באַרעלעך, ווייםפּערלעך, אַ סטאַוול מיט קאַטשקעס, א באַבענקע מיט פינף קינדערלעך, אַזעלכע וואווילינקע, אַזעלכע טייערינקע, און אים, דעם האַרצלאָזן טאַטן האָט זיך פאַרגלוסט אין דער פרעמד צו גיין. עס איז אמת, אף קיין ברויט געווען. אַ שטיקל ערד ווי א טישטיכל די גרויס. האָט ער זיך געמוזט געזעגענען. פראַשקע האָט אים ביים געזעגענען איבערגעצלמט. אים אַ קליין איקאָ־נעלע אַלס קמיע מיטגעגעבן, דאָס זאָל אים אַ שמירה זיין אפן וועג. און דער טייוול נעם עס! גראָד צו להכעיס האָט ער עס פאַרלוירן. האָט זיך ס'גליק גאָר אינגאַנצן פון אים אָפּגעטון. אָ, ער איז אַ פאַרדאַמטער, ער וועט שוין נישט זען קיינמאָל פראַשקען מיט די פינף קינדערלעך, וואוי־לינקע קינדערלעך, טייערינקע קינדערלעך...

האָט גריגאָרי געהאַלטן דעם קאָפּ זיינעם צווישן די הענט און ביטער געוויינט. פּימאַטשקאַ, זיין יינג ווייבעלע, באַלד נאָך דער חתונה, גע־מוזט פאַרלאָזן. נישט באַוויזן זי רעכט אויספּיעשטשען, דאָס טייערע ווייבעלע, געמוזט אנטלויפן פון דער היים: פון א זיכערן טויט, אָדער פון אַן אייביקער תפיסה. מ'האָט אים באַשולדיקט צו האָבן באַציאונגען מיטן מאָסקאַל. די שפּיצעלס האָבן אים שוין באַלד אין זייערע לאַפּעס געהאַט:

--יאָ, איך בין דאָס, וועמען איר מיינט, א פיינט פון יעטוועדן אונטער־דריקער, פון יעטוועדן הינטשלעגער, פון יעדן געמיינעם זשאַנדאַר, וואָס האָט אונזער גליק צעשטערט... זאָל לעבן די פרייהייט! טימאַטשקאַ, ווען וועל איך דיך ווידער זען, זיס פרויעלע?

האָבן די פאַרוואָגלטע היימלאָזע גערעדט און גערעדט, טרערן פאַר־גאָסן, און דער שטיקעדיקער סוף - דעצעמבערדיקער מיטיק האָט אף

זייערע געמיטער גערריקט ווי א גיפטיק שלאַפמיטל, און זיי זיינען אַנט־שלאָפן געוואָרן אין שאָטן פון די משא-וואַגאָנעס, די קעפּ אָנגעלענט אױף אײנאַנדער.

האָט זיך יעדער געהאַט זײן חלום, זײן קאָשמאַר. געקומען זײנען באַשײמפּערליך די פאַרלאָזענע הײמען, און מענשן, נאָר אַזעלכע פאַרנעפּל־טע, נישט־גרײפבאַרע, ווי אָנקערפּערליכע טיולן: עפּעס לאָזט מען נישט דערנענטערן זיך צו די אײגענע, עפּעס מישן זיך אױס די פרעמדע פּײסאַ־זשן מיט די הײמאַטליכע אין אַ זינלאָזן װיר־װאַר, אין אַ כאַאָטישן מיש־מאַש. פון אַ כאַטקע װערט גאָר פּלוצים אַ משא־װאַגאָן, פון הײמישן סטאַװ דער אָקעאַן, פון כטאַשקען, אַ בײזער זשאַנדאַר.

אָט גײט אַפאַנאַסי אַרומנעמען זײנע בלאָנדע קינדערלעך, נאָר עמיצער לאָזט נישט, עמיצער מיט האָריקע לאַפּעס און לאַנגע נעגל, הענגט ער גאָר אױף האָק פון אַ משא־קראַן, פאַלט ראַפּטום אַראָפּ אין שיפס־טיפע־ניש, וואָס שמעקט מיט קאַרבאָל. די באַבענקע וויל געבן צו עסן אַ שטיק ווײסן שפּעק, שפּירט מען עס פון די פאַסקודנע פּיש - זופּ. פּראַשקע פרעגט פּלוצים, וואו האָט ער אַהינגעטון דאָס איקאָנעלע, וואָס מען האָט אים מיטגעגעבן אַלס שמירה, כאַפּט ער צו איר אַ האַק, שרײען זײנע קינדערלעך...

גריגאָרי לױפט, לױפט, קאָן נישט אָטעמען און לױפט. זשאַנדאַרן מיט שפּיציקע װאָנסעס לױפן נאָך, װילן אים כאַפּן, שטעכן אים מיט זײע־רע באַגנעטן, אָבער דערגרײכן נישט, און ער לױפט װײטער אָן אָטעם. די זשאַנדאַרן יאָגן נאָך, זײ שלעפּן אַ תליה מיט זיך, און זײן פּימאָטשקאַ רײסט בײ זײ די פּאָלעס, װאַרפט זיך פאַר זײערע פיס. ער װיל זי קושן, הױבט די שיף אױף די בריקלעך.

װלאַס אָטעמט שװער אין שלאָף. ס'פּנים בײ אים איז שטרענג. עפּעס פירט מען אױף אַ טאַט קעגן זײן װילן. די מוטער ברענגט דעם גלח פון דאָרף, װאָס רעדט צונם מיט אַ בנעימותדיקער שטימע, ער זאָל דאָך נישט אָנטון דאָס עגמת - נפש דער מאַמען און אַװעקפאָרן, װערט פּלוצלינג דער גײסטליכער גאָר פאַרװאַנדלט אין זײנס אַ מומע, אַ מרשעת,

זואָס כאַפּט אים אָן און געוואַלדעוועט: — דו יונגאַטש, דו וועסט נישט פאָרן קיין אַרגענטינע, וועסט נישט פאָרן! די בייזע מומע און די מאַמע האַלטן אים פעסט, לאָזן נישט פּאַקן דאָס קלומיקל, וואַרפט ער זיך אויף דער מוטער און וואַרגט זי. אינדערמיטן וויל ער זי גאָר נישט וואַרגן, אָבער עפּעס אַ ווילדע בייזקייט שטופּט אים צו דער רציחה. טוט עס אים אין חלום, זייער באַנג, וואָס ער איז דאָס געוואָרן אַזאַ געמיינער יונג, צעוויינט ער זיך ביטערליך און וואַכט אין שלאָף: — אַרבעט גיט, אַרבעט, איר אַרגענטינטשיקעס! אַרבעט!...

פראַנעק שמייכלט אין חלום. ער האָט באַקומען עפּעס אַ געשמאַקע לייכטע אַרבעט, און דער באַלעבאָס צאָלט אַ סך, אַ סך פון די לאַנגע שמאָלע פּאַפּירלעך. און ער איז אויף דער פּאָסט און שיקט אַהיים אַ גאַנצן באַרג: — נאַ, נעם, גיב עס אָפּ מיינע דאָרט, שרייט ער צום פּאָסט־באַאַמטן. — אָבער, דו, גיב מיר עפּעס צו עסן, דו פויגל, דו איינער! דו הערסט, קאַפּושניאַק וויל איך, דורכוים קאַפּושניאַק! דער פּאָסטבאַאַמטער וויל צונעמען דעם באַרג פּאַפּירלעך, ברענען זיי אין דער האַנט און עס איז הייס, אַזוי אומדערטרעגלעך הייס...

*
**

און ס'איז געווען סיעסטע — צייט אין שטעטל פון דער פּראָווינץ „צווישן די טייכן", ווען אַלץ איז געלעגן אין אַ שווערן סאָפּען, דערדריקט פון דער היץ, פון די געקאַרבטע אָנגעגליטע בלעכן איבערן קאָפּ, אַ סיעסטע פאַר אַ דראָענד געוויטער, ווען מידע אַרבעטער עסט ביי דער דרעש־מאַשין זיין באַשיידענעם מיטיק, געפּייניקט פון די דריבנינקע פליגעלעך, וואָס קריכן אין די נאָז־לעכער, ווען די זעקל - טרעגער אין די תבואה־שפּייכלערס ווישן אָפּ אויף אַן אויגנבליק די שווייס־ריטשקעלעך פון זייערע האַלב־נאַקעטע גופים און דערקוויקן זיך מיט עטלעכע שלוק רויטן וויין, ווען די לאָקאָמאָטיוון שלעפּן זיך אַזוי פויל, בייטן די רעלסן, שלעפּן וואַגאָן אַהין, וואַגאָן אַהער, ווי זיי וואָלטן זיך געשפּילט אין בייטן די וואַגאָנעס, אין פייפן מיט די פייפעלעך, און מאַכן צו איינאַנדער מיט די הענט — — — האָט זיך דאָרטן, ווייט פון דער סטאַציע אַ משא־וואַגאָן

גענעבן א רוק פון אָרט, אהין און צוריק. עטליכע געשטאַלטן זיינען געפאַלן אין דער ברייט אויף די רעלסן. עס האָט אָנגעיאָגט סאַפּעדיק א פּאַרשטויבטער פּאַסאַזשירן-באַן...

פּלוצים האָט זיך געיאָוועט פון ערגעצוואו קופּקעלעך מענטשן, וואָס האָבן מאָדנע זשעסטיקולירט מיט און זיך איינגעקוקט אין דעם „עפּעס“ אויף דער ליניע.

אָן אויטאָ האָט אָנגעיאָגט מיט אימפּעט, אויפהויבנדיק א געוואַלטיקן שטויב: דער פּאָליציי - קאָמיסאַר און פּאָליציי-דאָקטאָר פון שטעטל. אַזוי ווי ס'איז געווען די הייסע מיטיק - שעה, די צייט פון רו אין שטעטל, איז געווען א אומבאַדייטענדער אויפלויף, ווען מ'האָט אַרויפגעלייגט די שרעקליך - צעבלוטיקטע און צוקוועטשטע טויטע קערפּערס פון די היימלאָזע אויף וועגענער.

די אימיגראַנטן האָבן געפונען זייער אייביקע רו אין דער פעטער קלעפּיקער ענטרע - ריאָסער ערד.

דער קאָמיסאַר האָט שטאַרק געשוויצט ביים צונויפשטעלן דעם פּראָטאָקאָל, און אַלע ווײַלע געקוקט אין פּעקל פון די פאַרבלוטיקטע פּאַפּירן, וועלכע דער פּאָליציסט, אָן אינדיאַנישער אָפּשטאַמלינג, האָט געהאַלטן אין זיינע קאָפּע - ברוינע הענט...

און קאָנסולאַטן וועלן שוין מסתמא מודיע זיין די קרובים וועגן דעם פּאָרפאַל, וואָס האָט פּאַסירט מיט זייערע נאָענטע, וועלכע האָבן זיך אוועקגעלאָזט זוכן גליקן אין דער גרויזאַמער פרעמד...

# סימע

אין קאָלאָניע שטייט א שילכל. איינזאם און פארלאָזן איז עס. דער ציגל ־ פלויט קרישלט זיך. שטייט עס דאָס קליינע פאריתומ'ט, שילכל, צווישן שאָטנדיקע פאראיסן און חלומט זיך אַן אוראלטן חלום... זעלטן קלויבט זיך דאָרט צונויף א מנין, שווער אים צונויפשלעפן. דאווענען דע־ריבער די צוויי עלטסטע קאָלאָניסטן אָפּ ביחידות, מיט הערצ'נר פארקלעמטע.

—געווען אמאָל א קאָלאָניע, זיפצט ר' זאנוול אין זיינע אַלטע גרייע וואָנצעס אַריין, — און איצט איז זי חרוב געוואָרן, חרוב ונחרב...

זיי דערמאנען זיך, די צוויי אַלטע אידן, פאַר יאָרן צוריק, ווען ס'איז נאָך געווען א גרויס ־ באפעלקערטע קאָלאָניע, אפשר א הונדערט משפחות. נייע, יומטובדיק אויסגעקאלעכטע שטיבלעך. איז דאן געווען פריילעך און לעבעדיק אין נייעם ישוב. געזאנג, טענץ, סעודהלעך. די פרילינג־טעג פון ארגענטינער אידישן קאָלאָניסט.

צווישן די פרישע שורות ־ שטיבעלעך האָט מען באלד געלייגט דעם פונדאמענט פארן שילכל. די ארבעט איז צוגעגאנגען מיט ברען. קאָלאָניסטן האָבן צוגעלייגט א האנט, געגעבן זייערע וועגענער צו פירן ציגל, זאמד, קאַלך, און בכלל האָט יעדער זיך געפלייסט מנדב צו זיין לויט זיין יכולת. דוד דער בערסאָנער האָט געשענקט די סטעליע, שימעלע סאַראָקער —א באַלעמער, חיים גרינשפון — אַן עמודל, שמחה קאלופטשיק — א ספר תורה די יקא — דאָס גאַנצע מאַטעריאַל און די ארבעט, ר' עליע סטעל מאַכער, א איד א סמצן געווען (שוין לאַנג אפּן עולם־האמת) האָט מנדב געווען ביי אַן עליה, הימל-בלויע פארב, צו מאָלן סטעליע און פענסטער...

אויך די ווייבער האָבן זיך מתעסק געווען מיט דער מצווה: געשטיקט

פּרכתן, פּלושענע, אַטלעסנע, זיידענע, ביט ליבשאַפט נעמען טייערע אריינ
געהאַפטן אין די מענטעלעך און פּרוכתן.

אין דעם נייעם שילכל האָט זיך אָפּגעוויקלט דאָס לעבן אין דער קאָ
לאָניע. דאָ האָט מען חתונות געפּראַוועט, אויפרופן און גלאַט אַזוי שמחה־
לעך. דאָ איז געווען אַן אָרט אַן אַסיפהלע אָפּצוהאַלטן, אָדער גאָר אין אַ
פּראָסטן מיטוואָך צונויפגעקומען צו עפּעס אַ יאָרצייט און דערביי נעמען
אַביסל בראָנפן, און פאַרבייסן מיט אַ קיכל, אָדער הערינג און מאַסלינעס.

עס איז געווען אַ פריילעך, רעשיק שילעכל. צו גרויסע ימים־טובים
איז עס געווען צו קליין פאַרן גאַנצן עולם מתפללים. און איצט — שוועט
אַפילו ימים־נוראים אַ מנין צונויפשלעפּן.

שטייט זיך דאָס שילכל פאַרשלאָסן וואָך־איין, וואָך־אויס, קיינער עפנט
עס נישט, און דאָס שלעסל ווערט דערווייל פאַרראָסט.

די קאָלאָניע שטאַרבט אָפּ, וואָס מער משפחות פאַרלאָזן זי, ציען אין
נאָענטן שטעטל אריין, אָדער אין דער רעזידענץ. און עס פאַרבלייבן נאָך
זייערע אַלטע שטיבער, שטומע, געשענדעטע, ווייל דער אַוועקציענדער רייסט
אַראָפּ פון זיין שטיבל צום פאַרקויפן די מער ברויכבאַרע זאַכן: דאַך, פענ־
סטער־טירן, אַפילו בוימער וואָרצלט מען אויס. ברונעמער ווערן אויס־
טרוקנט, הייזער־חורבות פאַרצויגן מיט אַ גרינעם מאָך, וועגט הויקערן זיך
ווילדע גראָזן שטעכיקע, דאָרניקע, וואַקסן מיט קראַפּט, נעמען די אויבער־
האַנט. און אין די פּייכטליכע רואינעם פּרוכפּערן זיך גאַנצע משפחות
פאַרווילדעטע, דערשראָקענע קעץ, וואָס פראַווען דאָרט זייערע מאוימדי־
קע נאַכט־אָרגיעס.

און אַן אומעט נעמט אַרום דער קאָלאָניע. פון שכן צו שכן ווערט ווייט.
זעלטן קומט מען זיך צונויף. די קאָלאָניע איז אויסגעליידיקט פון יוינ־
יואַרג. געבליבן זיינען נאָר עטליכע אַלטע קאָלאָניסטן, אַף וועמען מען
זאָגט, זיי האָבן אָנגעגרייט תכריכים. יינגע לייט זיינען דאָ אין דעם ישוב
נאָר אַזעלכע, וואָס האַלטן אין איין באַטאָנען, אַז זיי טויגן נישט צו עפּעס
אַנדערש ווי גאָר צו דער פּראָסטער מלאכה — די ערד־אַרבעט.

די אַלטע לייט, וועמען ס'טוט וויי דאָס האַרץ אַף דעם חורבן פון דער

ישוב, האָבן נישט באַוויזן צוריקצוהאַלטן די יוגנט, וואָס איז זיך צעלאָזן איבער דער וועלט, אַוועק פון קאַמף צו ווערן ווער א סוחר, ווער א קליינער, ווער א דאָקטאָר, אָבער וויניק פון זיי האָבן אויסגעקליבן דעם טאָג ערליך ברויט.

נישטאָ קיין אחדות אין דער קאָלאָניע. דאָס ביסל שכנים צעש...גט. אייגער טראָגט אפן צווייטן אַ שנאה אומזיסט - אומנישט. יעדער פאַ... זיך. גייט אַמאָל אַ שכן צו אַ שכן צוגאַסט, זיצט ער דאָרט אָפּ זיין צייט, ... רעדט רכילותן אף דעם סאַמע נאָענטסטן שכן, נעמט צו זיין פאַ...טיי מיט וואַרעניע און קומט אהיים ווידער אזוי פריידלאָז, וואָכעדיק און אויסגעליידיקט.

וואַקסט אונטער אַ מיידל אין אָט דעם פוסטן ישוב, אַ פשוטע דאָ... פישע מיידל, גייט זי פאַר בענקשאַפט אויס, און קוקט זיך אוים די אויי... אף די ווייטע שליאַכן, עמיצער זאָל אין שטיל-פלאַמענדע פאַרנאַכטן קומען באַרן טירל.

קיינער קומט נישט, און מיט ליבשאַפט דריקט זי צו צו די ...נע, שטייפע בריסטן אַ קליין ברודערל אָדער שוועסטערל. עס איז דאָך יינג, ברויזענד בלוט, געצייטיקט אונטער דער אַרגענטינער זון.

***

דאָ קומט אַן אומעטיקע געשיכטע פון א זיבעצן-יעריק מיידל, וואָס איז אויפגעוואַקסן אין דער דאָזיקער אומעטיקער פאַרלאָזענער קאָ...יע. אַ געשיכטע מיט אַ מיידל, וואָס האָט געהייסן סימע.

שעמעוודיק איז דער יידישער קאָלאָניסטישער בחור פון די דערריי... קע קאָלאָניעס, האַמעטנע שווער. וויניק באַרעדעוודיק. און קיין ... נישט: אף אים ליגט דער גאַנצער עול פון אַרבעט. אַז ער שפּאַנט או... אַקער איז ער אַ טויט - מידער. איז ער אַן אומעטיקער דער בחור ... ישוב. פונקט ווי דאָס בלוט וואָלט אין אים פאַרגליווערט געוואָרן. האָט ער נישט קיין יוגנטליכע פלינקקייט, פאַרלאַנגען, באַגערן. ער וועט נישט קומען אויספילן די בענקשאַפטפולע בין-השמשותן פון סימען, ער וועט נישט קומען אף אַ שיין - געזאָטלטן פערד און ווינקען, רופן די יינגע שכנה פאַ...ן

טירל. ער איז אַ פאַרבלאָזער אזאַ, אַ מאָנאָטאָנער, אויפגעוואקסן צווישן מענשן אָן אַ ליד, אָן אַ מעלאָדיע, אָן אַ אייביקער פארהאָרעוועטער איז ער.

דערוועקט זיך אַמאָל ביי אים דער גליסט אין זיין יינג בלוט — זוכט ער אַ באַפרידיקונג, אַ זעטיקונג אין אַ ראַנטשע, אין אַ נאָענטן שטעטל...

נישטאָ אין דער קאָלאָניע יענע האַרציק - פריידיקע באַציאונג צווישן יינגל און מיידל, יענע פאַרבאָרגענע שיינע ליבעס, יענע פלאַמענדע טרוי-מען ביי יינגע מענטשן. דאָ זיינען עס בלויז צוויי פיינטלעכע לאַגערן.

אזוי וואַקסט זיך סימע אונטער, אַ פולשטענדיק צייטיקע פרוי, שוין צו פופצן יאָר, אַ מיידל אַ ברען, מיט אַ פאָר פינקלענדיקע קוילשוואַרצע אויגן, באַקן — פולע, גלידער קיילעכדיקע, וואָגיקע, ווי ביי שקאַפּעס פון איר פאָטער. צייטיק און פול מיט באַגערן, קוקט זי זיך איין מיט חידוש און אַמאָל ביים מעלקן דאָס אָפּגעהאַקטע מרוטשען פון דעם ליבעס-דורשטיקן איינגעהאַלטענעם אָטעם אפן הויף, ווי דער האָן טרעט אַ הון, אָדער זכרל; אָדער אין פעלד אף דער פאָטערערע ווי אַ היציקער אָגער בייסט זיך איין דער שקאַפּע אין רוקן. און גראָד דאַרף שטיין דערביי דער יינגער פעאָז און אַריינרעדן איר אין אויער אַ פאַסיקן קאָמענטאַר... סימע ווייסט, אַז זי דאַרף אים דערויף זאָגן פאַראַכטליך: חזיר.

זי ווייסט בכלל, אז אַ בחור דאַרף מען ענטפערן הלצהדיק, אַביסל בייזלעך, די ביכלעך, וואָס זי לייענט, לערנען זי אַזוי, אזוי האָט זי געלערנט די עלטערע חתונה - געהאַטע שוועסטער, און די מוטער האָט געזאָגט:— די מענער דאַרף מען יאָגן פון זיך ווי די הינט.

סימע בליט. די יינגע, צייטיקע בריסטלעך שטעכן אַדורך דאָס דינע קליידל. דער גאַנצער יינגער קערפּער וויגט זיך ריטמיש אין זיינע בולטע פאָרמען. סימע צייטיקט אין איר קליידל, ווי דער מאַיס אין זיין שאָלעכץ. אַ פעסטער שטאַמיקער קערפּער, געראָטן אין איר זיידן, דעם אָרענדאַטאָר אין יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניע.

קומען און פאַרגייען בלויע הייסע מיטיק - שעהן, שטילע זון - צע-פלאַמטע זומער - פאַרנאַכטן, אומרואיקע דעמפּיקע נעכט. — און סימע

בענקט, האָט חלומות אומרואיקע. ס'רעדט אין איר די שטימע פון איר זיבעצן - יעריקן קערפּער, וואָס פאַרלאַנגט ארומגענומען צו ווערן פון קרעפ־טיקע, גליסטיקע אָרימס. ס'שמאַכטן די ליפּן, די רויטע פרישע תאוה'דיקע ליפּן. אָבער קיינער קומט נישט. ס'גלוסט זיך אַזוי ווייקען, און עמיצע־זאָל טרייסטן . . .

ביז איינמאָל שטעלט זיך אָפּ פאַרן טירל א שוואַרצער יינגער בחור אף א ברוין שלאַנק רייט־פערד מיט א באַזילבערטן געשפּאַן, מיט א פיין־קלינגענדיקן „א גוטן טאָג, שיינינקע", בעט ער די דערלויבעניש צו לאָזן אָנטרינקען ס'פערד. שפּעטער דערציילט דער פּעאָן סימען, אַז דאָס איז דאָן פערנאַנדאָ, דער יינגער אויפזעער פון יענער „עסטאַנסיע" דאָרטן, מיט די הויכע לינדן און עקאַליפּטוסן.

פון יענעם טאָג אָן פלעגט דאָן פערנאַנדאָ פאַרלאַנגזאַמען זיין גאַלאָפּ פאַר סימעס הויז. דעם פערד האָט עס שוין געצויגן צו דער גרויסער, ברייטער קאָריטע נאָענט ביים וועג. און דאָס מיידל פלעגט שוין אָפּהיטן פון אונטער די פאָרהענגלעך, צי ס'בלישטשען נישט די באַזילבערטע צוימלעך פון דעם שוואַרצן רייטער, און ווען יאָ — ארויסקומען, מכלומרשט זיך בייזערן אף די בילנדיקע הינט און דערביי כאַפּן א שמועס מיט דאָן פער־נאַנדאָ, הערן מיט גרויס תענוג זיין מעלאָדישן „אף באַלדיקן ווידערזען, שיינינקע".

און מערקווירדיק: פאָרט נישט פאַרביי דער אויפזעער עטליכע טעג, פאַר זייער שטוב — ווערט איר, סימען, עפּעס אַזוי אומעטיק. סאַראַ פרייד נעמט זי אָבער ארום, ווען זי הערט ווידער דעם באַקאַנטן דריבנינקן גאַלאָפּ! דעמאָלט קען זי שוין מער נישט איינזיצן אין שטוב.

שוין איז זי אינדרויסן, געפינט זיך אוים עפּעס אָן ארבעט.

באַלד זינגט דער רייטער אויס זיין „גוט אָוונט, סימפּאַטישע".

סימע לאַכט האַרציק. אַז פערנאַנדאָ רעדט — דוכט, זינגען פאַר איר די הימלען, פליסט דאָס בלוט גיכער אין אירע אָדערן, גייט א שטראָם פרייד אדורך איר נשמה.

ער דערציילט, ווי געשיקט ער וואַרפט דעם פאַנג־שטריק, דעם לאַסאָ,

האָ, האָ! עס וועט קיין לאָשעק, אפילו דער ווילדסטער, נישט אנטרינען. ער איז אויסגעוועזן א וועלט: ער דערציילט פון דער ווייטער, ווייטער פּאמ־פּאַ, פון די קאָרדאָבער בערג, פון מענדאָסער וויינגערטענער, פון קאָרע־מינער מאראנצן־סעדער, וואו איז ער אַלץ נישט געווען? אמליבסטן גע־פעלט ער סימען, ווען זיין קול ווערט ווייכער, שטילער און ער רעדט פון ליבע, פון קושן, אז ער וואָלט געווען גליקלעך, אז עפּעס אַזאַ שוואַרצאויגיקע זאָל אים באַגליקן, און קיינער קאָן אַזוי אַזוי ליבן ווי די שיינע „רוסאַס". אָ, וועגן די „רוסאַס" וואָלט ער געגאַנגען אין פייער און אין וואַסער, ער וואָלט אַ וועלט אומגעבראַכט, ער וואָלט...

רופט שטרענג די מאַמע פון שטוב: — סימע! סימע!

און זי, אין כעס: — מאַמע, באַלד, שוין קום איך!

און בלייבן ווילט זיך, הערן דעם סימפּאַטישן פערנאַנדאָן דערציילן פון זיינע אוואַנטורעס, זיך קוויקן מיט זיינע קאָמפּלימענטן.

זי ווייסט, אז די מאַמע וועט איר שפּעטער דערציערישׂ־בייז פאָרוואַר־פן, וואָס זי שטייט אָפּ שעהן לאַנג מיט דעם גוי.

—וואָס וועלן זאָגן שכנים? אַ כלה־מיידל. ס'פּאַסט דאָך נישט צו שטיין מיט אַ שגץ, מ'טאָר דאָך נישט אריינפאַלן אין לייטישע מיילער. אַ מיידל מוז וויסן אָפּצוהיטן איר כבוד...

ועט סימע ענטפערן: — מאַמע, ס'איז מיר אַזוי אומעטיק דאָ, טאָ וואָס איז, אז איך רעד מיט עמיצן? אַבי אביסל פארברענגען.

און זי וועט ווייטער שטיין ביים טירל, שפּילן זיך מיט דאָן פערנאַנדאָס רעווענקע, גלעטן די מאָרדעטשקע פון ווייס־קעפּיקן פערד, און ווערן פאַר־שיכורט פון יינגס רייד. סאַרע סימפּאַטישער! סאַרע סימפּאַטישער! ...

טאַטע ־ מאַמע האָקן אָפּ דאָס געשפּרעך זייערס ווען סימע קומט אריין. די מאַמע גייט ארום אַ פאַרצאָגטע, אַ פאַרצאָרנטע, זיפצט, קוקט איר נאָך אָף שריט און טריט.

איינמאָל שמועסט דער טאַטע מיט דער טאָכטער אין אַ האַרטן טאָן: זי'ט וועט געבן קלעפּ, כאָטש ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געשלאָגן קיין איי־גן קינד, אויב ס'וועט נישט נעמען אַ סוף דאָס שמועסן מיטן שגץ, ס'איז

אים א חרפה אויפצוהויבן די אויגן פאר ליטן, אז ער קומט אין שטעטל אריין, איז איבעראל שושקעט מען זיך ווענן זיין טאכטער...

סימע ווערט בייסט אפן געלעגער. די עלטערן שושקען זיך. דאס מיידל הערט אפגעריסענע פראזן: „מ׳דארף די מויד חתונה מאכן“, „אז ס׳זאל זיך מאכן א שידוך“, „שידוך, שידוך, שידוך, איינציקע עצה“...

אין עטליכע וואכן ארום איז די מויד א כלה. דער פויקער פון די שטעטלשע קלעזמער האט געשדכנט, א יינגערמאן א פארדינער, נאך גוט, וואס ער איז נישט קיין הינגער, האט ער נאך נישט געהערט דאס גערייד וועגן דעם כלה־מיידל, אין די קאנטן וואלט געוועזן שווער מיט איר א שידוך צו טון, קיינער וויל נישט נעמען א מיידל מיט א פגם.

סימע איז א כלה פאר דעם קוענטעניק דעם „גרינעם“ פון בוענאס איי־רעס, וואס קען קיין ווארט שפאניש, רעדט פון אידישע ביכלעך, פון שרייבערס. וואס לאנגווייליקן סימען זייער. דער גרינער האט אויך געקויפט עטליכע מתנות, און איז באלד אפגעפארן נאך די תנאים אין דער הויפט־שטאט: מ׳מוז ארבעטן, מ׳קאן דערווייל פארלירן די קליענטעלע.

דער חתן שרייבט לאנגע בריוו אין אידיש, ווי געוויינלעך פארליב־טע בריוו, אבער סימע פילט אין זיי נישט קיין שום טעם. זי ענטפערט אפ ווענן געזונט, פון דער ווירטשאפט, זי ענטפערט אין שפאניש, אבער זי קאן בשום אופן נישט ארויסברענגען א ווארימען טאן, אז זי האט קיין שום גע־פיל צו דעם גרינעם, זי קלייבט זיך איינציקע מאל עס אים שרייבן, אז ס׳וועט גארנישט ווערן פון זייער פארלאבונג, אז מען מוז איבעררייסן, אבער זי ליינט עס אפ פון טאג צו טאג.

דערווייל קומט דאן פערנאנדא זייער אפט, און אז ער ווערט געוואויר פון אירע תנאים, דער פעאן האט עס אים דערציילט, וואגט ער נישט מער צו קומען בייטאג, און גנבעט זיך אונטערן שפייכלער, ווען עלטערן שלאפן שוין. הינט האבן שלום געשלאסן פאר א שטיקל פלייש. א שטילער פייף צו סימעס פענסטערל, א טאנגא - מעלאדיע, און ס׳מיידל באווייזט זיך א שטילינקע, א בארוועסע, א ציטערנדיקע אינגאנצן. פערנאנדא פליסטערט:

—סימיטא, סימפאטיקא! כ׳האב דיך ליב, אז דו מוזט אייביק פארבלייבן מיינע...

ס'איז פארהוילן פאר טאטע־מאמע, וואָס זייער טאָכטער, די כלה, טוט אין די פינסטערע, קילע נעכט, ווייל שטום זיינען די הינט, שטאָק-פינסטער די נעכט. סימע שלייכט אַ באָרוועסע צו אים, צו זיינע קושן אין זיי־נע אָרעמס.

און איינמאָל אין אַזאַ לעבליכער ווארימער זומער ־ נאַכט גיט זי זיך אים אינגאַנצן איבער.

אין נאָענטן שילכל־הויף רוישן גאָר וואונדערליך די פאראיסן. מאראנ־צן ־ בוימער דופטן דורכדרינגליך. אַ שטערנהימל פול, פול ווי אַ זיפּ. אין דערבייאיקן שטעטל קלינגט באַפּעלעריש אַ קירכן ־ גלאָק פון דער נייער ציגל ־ רויטער קירכע. ס'איז וויינאַכטן. קלינגט דער גלאָק מיט דינע, פאַלשע קלאַנגען פון אַ געמיינעם מעטאַל, אָבער דורכאויס באַטאָנענדע: קלינג ־ קלינג! מיר ווען בלייבן; קלינג ־ קלאַנג! מי־י־־ר ווע־ע־ע־לן בליי־יי־בן!

אין דער דאָזיקער נאַכט פארגעסט סימע אירע עלטערן, איר אָפּשטאַם, איר ערנוואָרט דעם חתן און הערט נאָר די שטים פון איר יינג ברוזענד בלוט.

פון דער דאָזיקער נאַכט אָן האָט סימע ליב צו זיין אַליין. די באַקן גליען ביי איר מאָדנע. אז מען פרעגט זי עפּעס, ענטפערט זי פארחושט, אָבער נישט דאָס וואָס מען פרעגט זי. די אַרבעט פאַלט איר פון די הענט. זי בריט זיך אָפּט אָפּ, איבערזאַלצט די זופּ. אַז דער חתן קומט אַראָפּ צו־גאַסט, איז זי פונקט קראַנק, האָט קיין לוסט צו זיין מיט אים. טאַטע־מאַמע פאַרברענגען מיטן חתן, וואָס פילט זיך שטאַרק אומבאַקוועם. אַז ער וואָלט געוואוסט, אַז ער וועט גראָד אָנטרעפן די כלה קראַנק, וואָלט ער אָפּגעליינט די נסיעה אויף אַן אַנדער געלעגנהייט...

פאַרן אָפּפאָרן וויל סימע אים בשום ־ אופן זעען, זי האָט שלעכט געטון צו געבן איר יאָ ־ וואָרט. וואָס זאָל זי טון, אַז ער האַרצט זי בשום־אופן נישט?...

און ס'איז געשעען אין אַ פאַרנאַכט, די עלטערן זיינען געפאָרן אין שפּיטאָל אַריין. די מאַמע האָט שטאַרק געליטן אויף איר לעבער ־ קראַנק־

הײם. האָט סימע נישט געסטײעט. שכנים זײנען געריטן צו דער עסטאַנ־
סיע מיט די הױכע לינדן. אױך דאָן פערנאַנדאָ איז פארשװאונדן.

***

אינמיטן פון די װעגן שטײט א ראַנטשע, פון שטרױ געפלאָכטן, א
ברײטע, א גערױמע. כאַפּט מען א בליק אינעװײניק, זעט מען א ײנגע
פרױ, אָבער מיט זײער פארעלטערטע שטריכן. א קלײן קינדל ריטשט זיך
אף דער ערד. סימע, סעװערינאַ איצט זופּט מיט טרױעריקײט א מאַטע...
אף דעם בית־עולמל, הינטער דער קאָלאָניע, איז צוגעקומען נאָך א
פרישער קבר: סימעס מאַמע האָט געקרענקט און געקרענקט און אײן טאָג
נישט מער אױפגעשטאַנען.
טאַטע האָט געזאָגט קריש און געהאַלטן אין אײן זאָגן צו די שכנים:
—דאָס פּײנע טעכטערל איז געװען דער מאַמעס מלאך־המות, געבראַכט
מיט אירע שײנע מעשים די מאַמע אין קבר אַרײן... נישט געװאָלט װאױ־
נען אין א לײטישער שטוב, א ראַנטשע געפעלט איר בעסער...
עס פּוסטעװעט די קאָלאָניע, יעדער האָט בדעה אַרױסצופאָרן פון איר,
זאָל נאָר זײן עפּעס א לײטיש גערעטעניש, מוז מען זיך אַרױסקריגן פון
דעם „פינסטערן קאַמפּ", „װאַװינעז" „צװױשן מענשן". עס פּוסטעװעט דאָס
שילכל. ראש השנה און יום כפור מוז מען דעם מנין צוזאַמענשטעלן
פון אורחים. שלעכט װעט זײן מיטן בית־עולם. װען די תושבים װעלן
אַלע אַװעקפאָרן, װעט ער װערן באַװאַקסן מיט װילדע גראָזן און אין די
קברים װעלן זיך אײננעסטן „װיסקאַטשאָס", און די מצבות װעט מען צע־
גנבנען פאַר די נאָענטסטע ראַנטשעס.

# דער האָלענדישער פויער

אין שטאַל קלינגען אָפּ הילצערן־הילכיק די טרעפּטשעס. אַ בייזע פאַרשלאָפענע שטימע קרייעט הייזעריק צום בוידעם־שטיבל:

—העי, יאַן, מעלקן!

דער שטוב־זייגער קלאַפּט אויס מיושבדיק - איינגעגעסן: פיר. דאָס קול נאָך שטרענגער:

—יאַן, אויפשטיין!

פון די לאָנקעס טראָגט זיך אַ לאַנגאַטעמדיק מוקען פון קי. דער פּאַראָבעק יאַן האָט אפּנים, שוין דערהערט דאָס וועקן און ענטפערט מיט אַ גרילצענדיקער שטימע:

—יאָ, באַלעבאָס.

אין עטלעכע מינוט אַרום סקריפּטשעט שוין דער לייטער און עס באַווייזט זיך דער קנעכט, אַן אָנגעברוגזטער און מיט כעס. טוט אָן די טרעפּטשעס, שאַרצט אַרויף די הויזן איבער די האָריקע פּיס און קוועטשט צו אפּן צעשויבערטן קאָפּ דאָס קיילעכדיקע מעלק־היטעלע.

באַלד קלימפּערן און טאַראַראַמען די מילך־קאַנען. פון שוואַכן אָנהויב־זומערדיקן פּאַרטאָג-נעפּל שיילן זיך אויס ביסלעכווייז די קאָנטורן פון די בהמות. זייער געמו־ו־ווערט אַלץ אומגעדולדיקער: צוליב די פולע אָנגעדראָלענע הייטערס. נאָר צוגעצויגן, קענטיק, דורך דעם קאַנען - גערודער, קומען זיי נענטער צו דער מעלק־אומצוימונג, זיך איבערצוגעבן אין די האַרטע דלאָניעס, וואָס וועלן זיי באַפרייען פון דער שווערער נודנער פולקייט.

אף דעם נאַסן גראָז באַוועגן זיך, פּאַמעלעך און אָן ווערטער, די צוויי מענער.

שוין שפריצן הויל די מילכשטראַלן אין די צינקענע עמערס אַריין. רי סי סרעבצן הנאָהדיק, בשעת די קלעפּיקע הענט קוועטשן און פּרעסן אַרויף און אַראָפּ, אויף—און—צו איבער די וואַרעמע אָנגעקוואָלענע ציצן. פון אָנהויב גייט עס מיט ברייטע שוימיקע שטראַלן, ווייל פולע, און צום סוף, אויסגעליידיקטע, ווי לעערע טאָרבעלעך, פאַלן בלויז דינע שני־עלעך. ס'העלפט מער קיין קוועטשן, קנייפּן: ס'קומען בלויז נאָך טראָפּענעס...

די הויז ־ מויד סיסיע קומט אַלעמאָל אוועקנעמען די פולע עמערס און ברענגען די ליידיקע. יאַן לאָזט נישט דורך קיין שום געלעגנהייט זי אָנצוכאַפּן בא איינעם פון די ליטקעס, אָדער צו ציען באַם זוים פון איר קלייד. די דינסט מיט אירע קיילעכדיקע פּאָרמען, אירע דיקע גלאַטע באַקן, דערוועקט תמיד אין דעם יינג בלוט־אויפברויזענדיקע געדאַנקען; טראַכט פון איר א סך אף זיין געלעגער אין בוידים ־ שטיבל. צייט זי איז דאָ א דינסט בא די מאָלענאַרס טשאַטעוועט ער אף איר: זי טרעפן אליין אין שטאַל, אונטער דער היי ־ סטערדע, זי אַנידערוואַליען... אָבער די מויד איז שטאַרק מיט רוחות, זיינע פּרוואוון גיבן זיך נישט איין, זי לאָזט אים כסדר שטיין מיט אַ טרוקענעם צונג. דעם יינג נעמט די נכפה: אזא מין מיוול פון אַ מויד...

זיצענדיק אפן מעלק־בענקעלע, אָנגעלענט דעם קאָפּ אף א בעדרע פון א קו, גלאָצט ער נאָך דער מויד, ווי זי טאַסקעט מיט אירע קרעפּטיקע לאַפּעס די פולע עמערס, ווי אירע היפּטן וויגן זיך און ער ווערט ווי צעחושט. ס'בלוט שטייגט אים אין קאָפּ אַריין פּאַר גליסטונג. א ווײַלע הערט ער אויף צו מעלקן, זיצט פאַרתמעוועט, ביז די מויד שטורכעט אים:

—דו, יאַן, וואָס האָסטו אָנגעשטעלט א פּאָר אויגענעם? גיב דעם עמער!

שטאַמלט דער געלער זומער - שפּרענקעלנדיקער יאַן עפּעס אַן אומגעלומפּערטן וויץ וועגן נעבוי פון די קיעשע אייטערס, ווייזט אויף סיסיעס פעסט־אַנטוויקלטן בוזעם. די מויד פּלאַצט אויס פון געלעכטער, וואַרפט אַראָפּ ס'מעלק־היטעלע. דער צעשויבערטער יינג לאָזט זיך נאָך איר, זי דרייט זיך אַרויס געשיקט, און שרייט צו אים פון איבער דער איבערצווימונג:

—דו געלער טייוול, טשעפּע זיך נישט, האָב חתונה מיט א קו... פאַר אַזאַ פּרצוף ווי דיינעם וועט סטייען... פאַרשטאַנען?

דער פויער בייזערט זיך פון אונטער זיין קו:

—איר דאַרטן, וועט לאָזן מעלקן, האַ? די בהמה אַנטלויפט דאָך פון אייערע משוגענע שטיק! י־אַ־ן!

פאַרטיק מיטן מעלקן, וואַשן די צוויי מענער זיך אַרום דרויסן אין רעגנפאַס, ווישן זיך אָפּ אין דעם בלויען האַרטן האַנטוך, וואָס די סיס דערלאַנגט זיי. די פויערטע מיט דער דינסט האָבן שוין אָנגעטרונקען די קעלבער מיט מאָגערע מילך, פאַרמישט מיט קלייען, די נאַר וואָס־געבוירענע געגעבן טרינקען פון א פלעשל און די עלטערע פון עמערס; אויך די חזירים האָבן באַקומען זייער טעגלעכע פּאָרציע, כריוקען פאַר תענוג, און שטעקן די פרעסערישע שנויצן אין דער זופּ פון קעז־וואַסער מיט קוקורוזע־מעל.

אַלע זעצן זיך אַרום דעם טיש אויף די הילצערנע בענק. די מענער לייגן די מיצן אויף די קני, קרייצן די הענט, פאַרמאַכן פרום די אויגן און טראַכטן א ווײַלע די טיש־תּפילה אָן ווערטער, פון די „רעפאָרמירטע". באַלד קייען זיי דאָס שוואַרצע ברויט מיט קעז, פאַרטרינקען מיט שווערע כאָרכלענדיקע זופּן די קאָרנקאַווע, פאַרווייסט מיט מילך... און ווידער מיט מיצן אויף די קני, פאַרגלאָצט די אויגן און פאַרזונקען אין דעם וואָרטלאָזן געבעט.

יאַן הויבט זיך אויף מיט א קרעכצל, פאַרציט דעם פאַסיק און הייסט זיך געבן א מיסט־גאָפּל צו ריניקן דעם חזיר־שטאַל. דער פויער בלייבט נאָך א ווײַלע זיצן, ווישט אָפּ מיט דער רויטער פאַטשיילע די יאָנצעס, שטאָפּט אָן די ליולקע, צינדט זי אָן מיט א שפּענדל, קרעכצט, הילט איין ס'פּנים אין רויך און טענהט צווישן איין ציי און דעם אַנדערן:

—א תּכלית אַביסל אונזער האָרעוואַניע, דו פּראַצעווּעסט און פּראַצעוועסט. יאָגסט פון דיר דעם אָטעם אַרויס, און וואָס האָסטו, העט?

די פויערטע רוימט אַראָפּ פון טיש די ברעקלעך, וואַרפט זיי צו דער קאַץ און דעם הונט. אויפן אַלטנס רייד ענטפערט זי גאָרנישט, שאָקלט בלויז צושטימענד מיטן באַהייבלטן קאָפּ, קענטיק שוין געוואוינט צו איר מאַנס מענה־לשון. . .

מאַלענאַר שטעלט זיך אויף, נעמט ס'פּיילכל אין האַנט און גייט אין פּעדער־הייזל שאַרפן די לאַפּעטע, וואָרום ער קלייבט זיך צעגראָבן עטלעכע בייטן, איבערזעצן קרויט און בוריקעס.

פון פעדער-הייזל טראָגט זיך זיין גרילצנדיקע שטימע פון א באַלעבאָס:

—מאַריע, האָסט אַריבערגעטריבן די יאָריקע קעלבער אין קלאַווער־לאַנד? סים, ס־י־י־י־ם! וואו ביזטו? כ'האָב געמיינט, אז ביזט שוין ווי־דער ביי פּיטן, דיין באַשערטן... דו, סים, גיב אים נאָר נישט צופיל פאַר דער חתונה, נאָכדעם וועסטו וויינען... און איצט זאָלסטו מיר די רויטבאַ־פּלעקטע תיכף ומיד צופירן צו וואַן ראַאַלטעס בוהיי. די בהמה וויל נישט עסן שוין באַלד דעם צווייטן טאָג... ס'איז שוין די העכסטע צייט. נאָך נעכטן האָב איך עס דיר געזאָגט... זי נעמט גאָרנישט אין מויל אריין, און שטייט נישט איין אף איין אָרט... זי באַדאַרף דעם בוהיי... און וועסט קו־מען צוריק, זאָלסטו העלפן יאַנען אויסרייניקן דאָס בוריקעס־פעלד, מאַריע וועט אויך קומען...

ביז דער באַלעבאָס פירט איר צו די רויטגעפלעקטע, פּאַשעט סים דערווייל אָן די קראַליקעס מיט קרויט ־ בלעטער, באַלד זעט מען זי אפן סטעזשקעלע שלעפּן די בהמה אף א שטריקל, שרייענדיק: האָ, האָ, האָ, און זי אונטערטרייבענדיק מיט א וווערבע־ריטל.

אינדרויסן בילט „אַקילעס" אפן פּאָסט־שליח, וואָס דערווייטערט זיך גיך מיט זיין ביציקלעט. מאַלענאַר רייסט אויף א בריוו און לייענט א ווייַ־לע. פון פעדערהויז אף דער שוועל פון דער קיך, פאָכעט ער מיטן בריוו־בויגן:

—דו, אַלטע, הערסט? ווידער א נייעס... דער באַלעבאָס פון לאַנד האָט שוין ווידער געהעכערט דעם אָפּצאָל... אָטאָ־דאָ שרייבט ער עס, לויטן קאָנטראַקט... ווען נישט, וועט ער אָנעמען גרינטלעכע מיטלען... א וואויל נייעסל, הע? דאַכט זיך, אז דאָס פערדל וועט נישט קענען טראָגן מער די שווערע משא, הע, מאַריע?

דער זייגער קלינגט זיבן. דורך די נידעריקע פענסטער זעט מען דעם קנעכט זיך פּאָרען מיט א טאַטשקע מיסט. מאַלענאַר שניצט אַרום צוויי

נייע הענטלעך פאר די גראָב־העקלעך, און שטעלט זיי אין אַ זיים.

—גיי, וועק אויף ס׳יינגל. — זאָגט דער פויער צום ווייב, מיט דער פייקע צווישן די ציין, — זאָל ער נישט פאַרפעלן היינט די שול.

און ווען די פויערטע קומט צוריק פון שלאָפצימער, וואָס געפינט זיך עטלעכע טרעפלעך העכער, בורטשעט ער אי צו זיך, אי צום ווייב:

—כ׳בין צופרידן, וואָס דער האָט כאָטש נישט צו טאָן מיטן מיסט, האָט נישט קיין עסקים מיט דער אומדאַנקבאַרער ערד, וואָס ציט דיר אַרויס דיין מאַרך און שוויים... דו האָרעוועסט, האָרעוועסט, און סוף האָסטו נאָר חובות און חובות, פאַרן האָרעפּאַשניק בלייבט גאָרנישט... וואָלט מען כאָטש געהאַט אַן אייגן שטיקל ערד, נישט פרעמדע, געדונגענע, וואָלט דער זון נישט אַוועקגעגאַנגען פון מאַטנס ערליכער פּראָפעסיע... איצט זאָל ער גיין!... ער מוז דאָך.... וואָס קענען מיר אים געבן? ניין, אונזער בחור וועט נישט זיין קיין פאַראָבעק אף געדונגענער ערד!... דו הערסט, וואָן דער ברינק, פּאַסקודנער, פעטער חזיר, דו זאָלסט מיר אויפהערן שיקן אַזעלכע בריוולעך!... קאָנכט דיך אַליין מטריח זיין און זען, ווי מיר ווערן „געשוואָלן רייך“ אף דיינע פעלדער, אויסוואורף, וואָן דער ברינק!...

מאָלענאַר פאַרגעסט, קלאַפּט מיט דער פויסט אפן טיש. די ליולקע גייט אויס און שטעקט שוואַרץ־גרוי צווישן די צעקנייטשטע, פון טאַבעק־פאַרברענטע ליפּן...

דאָס ערד־קאָליריקע פּנים זיינס ווערט נאָך פינסטערער.

דורות פון פויערים האָבן אף זיין צעאַקערט פּנים, זייער אומפאַרוויש־באַרע חתימה געלייגט. די טיפע בייזע אויגן, די גראָבע פאַרהאַרטעוועטע פּאַלד־קנייטשן, דאָס שטרענגע, זעלטן־לאַכעדיקע געזיכט, זיינען בירושה איבערגעגאַנגען.

אויסגעפּרואווטע דורך מי און נויט, דורכגעווינטיקטע דורך די האַרבסט ־ און פרילינגס־שטורעמס, געפייניקטע פון די טרוקענישן, פאַר־פלייצונגען, זאַווערוכעס, געבאָדענע אין שוויים אין די מיטיק ־ שעהן פון היי ־ שניט, רוקענעס געבויגענע פון גראָבן, האַקן, קאָסיען, קאָפּען, יעטן די אומענדלעכע קאַרטאָפל־און בוריקעס־פעלדער; אומגעלומפּערטע פון שלעפן

די צענטנער-שווערע משאות; אויסגעדארטע, סנאָכיסע, בייזע, מרה־שחורה־דיקע פון די פריידלאָזע טעג; עקשנותדיקע, איינגעשפּאַרטע פון דעם כסדר־דיקן קאַמף מיט די בייזע כוחות פון דער נאַטור, וואָס לויערן אָן אויפהער אויף דער פראַצע זייערער, ווי א טויזנט - קעפּיקע הידרע, — און דאָך צונע־בונדענע מיט אן אומבאַגרענעצטער ליבע צו דער ערד, וואָס איז זייער אַלץ, זייער סטיכיע, זייער מוטער, זייער פרייד; און ווערן זיי אַוועקגעריסן פון איר, פון דער ערד זייערער, מיט געוואַלט, זיינען זיי ווי יענע מעכטיקע דעמבעס, וואָס אַ הוראַקאַן האָט זיי ביז די וואָרצלען געריסן, זיי געמאַכט וואַקלדיק, געלאָזן אָן יניקה, טריקענען זיי ביסלעכווייז...

* * *

שניט־צייט אין דעם לאַנד פון בלומען, גרינע לאָנקעס און גאָטס־פּאַרכטיקע פּויערים. דאָס שמעקעדיקע היי פילט אָן די סטאָדאָלע פון פּאָל ביז צום דאַך - קראָקווע. דער געדשטן איז שוין אין דער סטערדע, שוין צישט די קאָסע אין קאָרן...

זון אויף וועג און שטעג, זון אויף די רויטע דעכער פון די פּויערישע הויפן, אויף די גרינע שמאַראַגדענע לאָנקעס, אויף די קוועקזילבערדיקע קאַנאַלן, וואָס שניידן זיך אדורך די שטילע שטעטלעך מיט די שפּילנדיקע זיינערס, זון אויף די באַלאָדענע קארשן - בוימער, אויף וועלכע עס שווארצלען זיך די צייטיק - זאפטיקע קארשן, אויף די געלע מושטאַרדע - פעלדער, אויף די טייכלעך מיט די בלענדענד־ווייסע קאַטשקעס, אויף די גלאַנציקע זאַטע קי, אויף די זילבערנע בעריאָזע־וועלדלעך, אויף די הייבלעך פון די שטאַלטנע זעע־לאַנדער פרויען, אין די הערצער פון די חנוודיקע האָלאַנדס טעכטער, זון אין די דורכגעוואַרעמטע סאָסנע - וועלדער, זון אויף די מאָגערע זאַמד־ערדן פון דער בעלדערלאַנדער פראָווינץ, זון אפילו אין דעם אָרעמען הויף פון די מאָלענאַרס . . .

די דינסט - מויד סיס שטייט איבערגעבויגן איבער די טרושקאַווקע־בייטן, זאַמלט אין אַ טיפּן סקלער די רויטע, מיט פּיצינקע סקרעלעך אָנגע־שפּיקעוועטע, דופטענדע פרוכט. דער גאַנצער קערנדיקער גוף טענצלט אויך אונטער, אזוי פריילעך איז איר אפן געמיט. זיי האָבן שוין אָפּגעשמו־

עסט, זי מיטן פיטן, בראָטיאָהאַנס קנעכט, אַז נאָך די לעצטע קארטאָפל, נאָך פארן זייען דעם ווינטער־ווייץ, וועלן זיי פראוועגען זייער חתונה. פּיט האָט שוין געקויפט אַ שטיקל לאַנד און וועט אויך סטראָיען אַ שטיבל אין הילגעם, וויל זיין אַ בלומען־פויער, האָט אַ שטיק היאַצינטן־לאַנד בירושה לעבן האַרלעם... פריידט זיך די מויד, ברומט אונטער איר ליב־לינגס - לידל:

אַ שמחהלע בלויז איינמאָל אין יאָר,
איינמאָל אין יאָר,
אין לאַנד פון רעפּלמינד,
אוי, קושן און ליבן,
איז דאָך קיין זינד . . .
אוי, קושן און ליבן,
קיין זינד,
אין רעפּלמינד . . .

יאַן, וואָס קומט אָן מיט אַ פולן וואָגן מיט גרין גראָז פאר די חזרים און פערד, פאַלט אריין מיט זיין גראָבן קול אינדערמיט פון איר פריילעך פישער־לידל מיט זיינס אַ נאָכגעמאַכטן באַס:

מארי, אייער קליידל פאַלט אראָפּ,
מארי, אייער קליידל פאַלט אראָפּ,
האַלט עס פעסטלעך צו,
האַלט עס פעסטלעך צו...

—דו, דו האָריקער צאָפּ, וועסט אויפהערן מיט דיין ניבול־פּה־געזינ־געכץ? — כעסט זיך סים און וואַרפט אים אַ שטיק ערד אין קאָפּ אריין... דער יינג ווייכט אויס און שטעקט איר דערפאַר ארויס די גאַנצע שאַרסטקע צונג.

מאָלענאַר קומט אָן פון יענער זייט דראָט־פאַרצוימונג, וואָס פירט צו די פעלדער. אַט־וואָס באַטראַכט ק'קאַרטאָפל - פעלד, אַ קלייניקייט גע־ליטן פון אַ יוני־פרעסטל. אַז ער שפּרייזט אריבער ס'טירל פון פערד־שטאַל, וואוהין יאַן שיבט איצט זיין לאַדונג פון גרינעם גראָז, מרוקעט ער אים צו,

אז מאַרגן - איבערמאָרגן וועט מען שניידן. מ'דאַרף היינט אין אונטס נאָכאמאָל איבעררייידן מיט מאַטיאַסן וועגן א זעקס שניטערס.

—שניט - צייט, טראַכט זיך מאָלענאַר, און ס'פרייט אים גאָרנישט. אפּן פּראָדוקט לויערן די בעלי־חובות, די באַלעבאַטים פון פעלד. ס'איז סיי ווי סיי דאָס אַלץ נישט זיינס... צו וואָס זיך פרייען? ער וועט סיי ווי סיי נישט נהנה זיין פון דעם גוטס.

אָט איז ווידער היינט געווען א וואָרענונגס־בריוול פון „וואַן דער ברינק„, אז ער וועט אים אַלץ פארמשכונען. ער מוז, אלא נישט, וואַרפט ער אים אַראָפּ... נו, זאָל ער וואַרפן. דער קיילער־יינג וואַן דער ברינק, זאָל ער וואַרפן...!

און אז ער שטייט א ווייַלע שפּעטער ביים האָלץ־קלאָץ, אָנצוהאַקן אביסל קליינהאָלץ פאַר דער קיך, נעמט זיך אים ראַיען אין פליכעוואַטן קאָפּ שוין פון לאַנג באַהאַלטענע מחשבות, דעראינערונגען אַלטע, ווייטיקלעכע, וואָס מען וויל פאַרגעסן. די ליולקע לעשט זיך ווידער, און די האַק אין דער קנאַביקער האַנט שפּאַלט מיט כעס די גרויסע שטיקער בע־ריאָזע קלעצער...

* * *

יאָ, פּונקט אין שניט־צייט איז עס געווען, אַקוראַט אין צוויי־דריי טעג פאַרן קאָרן־שניט, ווי זייער גוט איז פאַרקויפט געוואָרן. זיין טאַטע —ער געדענקט אים נאָך מיט זיין ברייטן טוכענעם הוט, ברייטער באָרד און דער גלאַטער שוואַרצער זשיפּיצע — א בייזער געווען, די קינדער רק געקאַ־טעוועט, אַרבעטן האָט מען געמוזט אכצן שעה אין מעת - לעת, פון זונאויפ־גאַנג ביז זונאונטערגאַנג. ווי לאַנג איז שוין אין דעם? פינף און דרייסיק, זעקס און דרייסיק יאָר? האָט דער טאַטע עפּעס דערציילט, אז עפּעס מאַשי־נען, גרויסע שנייד - מאַשינען, אף יענער זייט ים, אין אַמעריקע, האָבן אים געמאַכט פאַר א בעטלער... ווען שניט־צייט איז אָנגעקומען, האָט דער טאַטע אַוועקגעיאָגט די שניטערס... — מ'וועט נישט שניידן! זאָל עס פאַרפוילט ווערן! — האָט ער געשריגן.

האָט דער רעגן גענעצט די פולע זאַנגען, וואָס זיינען געוואָרן שוואַרץ,

פארפלאָנטערט ווי סאָלטענעס. האָט דאָס דאָזיקע יאָר נישט געצישעט די־סאָסע שאַרף אַף צייטיקע קאָרן־פעלדער. מ'האָט נישט געבונדן קיין סנאָ־פּעס, ס'האָט נישט געזשומט פריידיק די דרעש־מאַשין פאַר זייער סטאָדאָ־לע. דער טאַטע איז געווען ווי אַ צעווילדעוועטער אָקס, און די קינדער האָבן אים אויסגעמיטן פול מיט שרעק.

—אין ערגעץ אַ פאַרשאָלטן לאַנד האָט מען דערפונדן אַ מאַשין, איז אַן אומגליק פאַר אַלע פּויערים: טאַרבעס וועלן זיי מעגן נעמען אַף זייערע פּלייצעס און וואַנדערן — אַזוי האָט כסדר געבורטשעט דער טאַטע און זיך רק נעקריגט מיט דער מאַמען.

און צו־האַרבסט צו האָבן אָנגעהויבן קומען מענטשן, אַן אַ שיעור פרעמדע מענטשן, און האָבן גענוי באַטראַכט זייער האָב און גוטס, געהייסן זיך אַלץ ווייזן, אַלץ באַטאַפּט, געזאָגט מבינות, אָפּגעשאַצט, אַריינגעקראָ־כן מיט די בלאָטיקע שטיוול אין דעם שענסטן צימער זייערן, אין זאַל, וואו די מאַמע פלעגט זיי, דעם קליינוואַרג, דערלויבן אַריינצוקומען בלויז אין אַ זונטיק אָדער חגא־טאָג זינגען קאַפּיטלעך תהילים, הייליקע לידער, וועלכע דער טאַטע האָט באַגלייט מיט דער פּוס ־ האַרמאָשקע. האָבן זיי אַלץ ארומגעטאַפּט די דאָזיקע פרעמדע, ווי הינט אַלץ באַשמעקט. יעדע פאַר־טעג פלעגט מען שפּאַנען די בריטשקע און געבראַכט אַלערליי מענטשן פון באַן. די פאַראָבקעס האָט מען אָפּגעזאָגט. מ'האָט גאָרנישט געטאָן איז פעלד און אין גאָרטן. דער הויף איז געוואָרן באַוואַקסן מיט קראָפּעווע, מיט אַלערליי ווילדע גראָזן, וואָס האָבן זיך אַדורכגעשפּאַרט אַפילו דורך די ווייסע שטיינדלעך פון געפלאַסטערטן גאַניק.

צוביסלעך האָט מען אָוועקגעפירט די בהמות, פערד, פלוגעס, אַלעס, אַלעס. פרעמדע האָבן זיך כסדר געפּאָרעט, באַטראַכט דאָס הויז, געקוקט אין די שטאַלן, אין אַלע ווינקעלעך פון הויף, אַפילו געקראָכן אַפן דאַך... אָט האָט איינער, אַזאַ דיקער, אַזאַ אָנגעפּרעסענער, אָנגעזאָטלט אַ פאַר סוועטש-ברילן און אַדורכגעלייענט הויך אַפן קול דעם שפּרוך אַפן פּאָסאַד:

„דער וואָס באַאַרבעט די ערד,
דעם וועט קיינמאָל קיין ברויט נישט פעלן."

און דערנאָך חוזקדיק געשמייכלט צו זיין באַגלייטער:

—זעט אויס, אז ביי די מאַלענאַרס האָט דער ספר - משלי געהאַט אַ שטיקל טעות...

איין געוויסן טאָג איז דער טאַטע אהיימגעקומען אַ מידער, אַן אויסגעמוטשעטער פון שטאָט און געבראַכט מיט זיך אַ גאַנצן פּאַק מיט געלט. ער, פעטער, האָט נאָך קיינמאָל נישט געהאַט אַזויפיל געלט צוזאַמען. אָבער דער טאַטע האָט זיך גאָרנישט געפרייט דערמיט. די מאַמע האָט געווישט מיט דער שירץ די טרערן.

און שפּעטער — פרעמדע פעלדער, פרעמדע כאַטקעס. פעטערן האָט זיך אַזוי געבענקט נאָך דער אַלטער היים, נאָכן טייכל אַף זייער פעלד. געווען זיינען דאָרטן הויכע ברייטבלעטערדיקע קאַשטאַן - בוימער, שמעקעדיקע ליפּעס... נאָך שטאַרקער פון אַלץ האָט ער געבענקט נאָך פראַנטיען, דעם שכנס רויטבאַקיקן מיידל. אין די פאַרנאַכטן, ווען מ'פלעגט שיקן אַף דער לאָנקע צו די קעלבלעך, איז פראַנטיע אויך דאָרט געווען... ס'איז אַזוי גוט געווען צו זיין צוזאַמען... מ'האָט זיך באַהאַלטן אין גאָרטן... אָ, דער גאָרטן...

ס'איז אָבער נישט געווען קיין צייט צו בענקען. דער טאַטע איז געוואָרן שטרענגער און בייזער ווי פריער. — מיר זיינען נישט מער קיין מיוחסים, באַלעבאַטים, נאָר פּשוטע פּאַכטערס. מ'מוז שווער האָרעווען, כדי אַרויסצובאַקומען דאָס שטיקל ברויט. נישטאָ קיין צייט צו פוילענצן. קנעכט קענען מיר אויך מער נישט האַלטן. אַליין מוז מען אַרבעטן...

די צוויי עלטערע ברידער האָבן אויסגעוואַנדערט למרחקים, מ'דאַרף פאָרן פינף וואָכן מיט אַ שיף, דאָס ווייטע לאַנד האָט ערד אָן אַ שיעור, מ'גיט זי אַפילו בחנם, אַרגענטינע הייסט דאָס לאַנד.

און טאַטע, מאַמע, שוועסטער און די איבערגעבליבענע זין — אַלע זיינען געוואָרן איינגעשפּאַנט אין יאָך, וואָס מ'האָט געשלעפּט געדולדיק. קאָרן האָט מען נישט געזייט מער. ס'האָט נישט געלוינט. אמעריקע האָט אַ ראַנס אירע נייע גרויסע מאַשינען, געקענט פאַרקויפן ווייצן בחצי - חנם. האָבן די מאַלענאַרס געהאַט בלויז לאָנקעס, לאָנקעס, אָפּצוימונגען, מעלה-

גירהדיקע בהמות, די מילך האָט געגעבן די געמוטשעטע פּרנסה. דריי אַ זייגער אויפשטיין, וואָרום פינקטלעך זעקס האָבן די קאָנען שוין געמוזט זיין ביי דער באַן. קיינמאָל נישט דערשלאָפן. כסדר מעלקן, מעלקן; פאַר־טאָגס שפּאַנען אין נאַסן גראָז, אונטערן גאָס - רעגן צוגויפנעמען די קי און ווערן נאַס ביזן ביין. מיסט - רייניקן, קאָנען - געקלימפּערייַ; און כסדר האָבן זיך געקלעפּט די אויגן, כסדר אַ פוילע מידקייט אין די גלידער, סיי אין וואָכנטעג, סיי אין די זונטיקן, סיי אין די ימים־טובים. אַלע טעג גלייך: מעלקן... בלויז מיט איין שטיקל אונטערשייד, וואָס זונטיק האָט מען זיך פאַרגונען צו שלאָפן מיט עטלעכע שעה מער. סאַראַ גליק! אפילו עסן האָט זיך נישט געגלוסט, אַבי אויסשלאָפן זיך... דרויסן האָט זיך גע־פרייט די דאָרפס - יוגנט, האַרמאָשקעס האָבן זיך פאַרצויגן, מאַנדאָלינעס האָבן געטרעמאָלט, די מיידן האָבן געקייכט פון געלעכטער... און פּעטער מאַ־לענאַר האָט געכראָפּעט אויף זיין בוידעם - שטיבל - געלעגער, אויסגעגלייכט די מידע ביינער... און דאָס איז געווען זיין איינציקער תענוג: שלאָפן, שלאָ־פן, ביז אין אַלע אייביקייטן אריין! נאָר אפילו זונטיק האָט דער טאַטע געוועקט פיר אַ זייגער נאָכמיטאָג צום מעלקן, לעזן די ביבל, און זינגען קאַפּיטלעך תהילים. האָט פּעטער דערפאַר פיינט באַקומען אי די ביבל, אי די פּוס-האַרמאָניע, אי דעם טאַטן, וואָס לאָזט ניט שלאָפן.

אָט איז מיטאַמאָל אַ מגפה אויסגעבראָכן צווישן זייער סקאָט. באַקו־מען בלעזלעך אפן צונג און קלאָען, קי זיינען ווי אונטערגעזעגטע בוימער, מיט שוים אויף די מאָרדעס אומגעפאַלן. דער טאַטע האָט דעם לעצטן קלאַפּ פון גורל נישט געקאָנט מער איבערטראָגן. די מאַמע איז געשטאָרבן אַ האַלב יאָר שפּעטער.

דאַן האָט ער, פּעטער, ס'אָרימע באַלעבאַטישקייט איבערגענומען, אַרענדירט לאַנד ביי וואַן דער ברינק. אַ באַלעבאָסטע האָט געפעלט אין הויז. אליין האָט ער זיך נישט געקענט געבן קיין עצה. אָט די מאַריע איז דאָס געווען די אויסדערוויילטע. זי האָט געהאַט פלאַקס־בלאָנדע האָר, ניט שיין, נישט מיאוס, אַ טאָכטער פון אַן אָרימען פויער. געבראַכט אין דער ווירטשאַפט האָט זי אַ פּאָר געזונטע הענט צו אַרבעטן, מער גאָרנישט. האָ־

בן זייביידע מלחמה געהאלטן מיט דעם הארטן לעבן. געווען נישט מער ווי איין קינד, א יינגל... דער קיך - רויך האט פארפינסטערט איר געזיכט. די לאנגע יארן פון שווערער, שווערער פראצע האבן זי בייז געמאכט... און איצטער שטייען זיי ווידער ביים אפגרונט. וואן דער ברינק וויל אראפוואר־פן, די קאנאליע! אקוראט ווי פאר פינף און דרייסיק יאר זיינע עלטערן. ניין, גראבער הזיר, וועסט נישט ווארפן. אדער...!

* * *

פעטער מאלענאר הויבט אויף די האק מיט אזא מין רוגזה, אז זי בלייבט זיצן פעסט אין קלאץ, דערמאנט זיך, אז די באלעבאסטע קער אוודאי ווארטן אפן האלץ. ווארפט אריין ס׳צעהאקטע קליינהאלץ אין א קויש, און טראגט עס אין קיך אריין. נעמט די ליולקע ארויס פון מויל, קלאפט זי אפ אין ביישטידל, שטופט זי ווידער אן און זאגט האלב־ברומיק:

—יא, מאריע, דער כלב וואן דער ברינק, האט ווידער געשריבן, געגע־בן צו פארשטיין, אז אייגנטלעך געהערט דער נייער קארן - שניט אינגאנצן אים, אויב נישט, וועט ער... עך, צו וואס ריידן פון דעם אויסוואורף? יא, כ׳האב דיר געוואלט דערציילן, נעכטן בין איך געווען אין שטאט, געווען ביים דירעקטער, יאנע לערנט זיך גוט, ר׳וועט שוין אוודאי באלד ענדיקן וואס זאל מען מאכן ווייטער פון אים? זאג, מאריע, וואס?

—הם, הם, וואס איז דער חילוק? סיי ווי סיי וועט דאס שוין זיין איי־נער מיט ווייסע הענטעלעך, א שטאטיש פראנטל מיט א לייכט לעבנדל... עפעס אן אדוואקאטל, א פענקריצער אדער אן אנדער ביכער-פרעסער...

דער פויער פארגעסט זיך ווידער, קלאפט אין טיש מיטן פויסט:

—גאט איז מיין עדות, כ׳האב עס נישט געוואלט, מאריע, פאר מיר זיינען זיי אויך ווי די פעסט, די ווייסע הענטעלעך און אויסגעבלייכטע פנימלעך... אבער, זאג, צי קען איך פארמשפטן אונזער יאנע צו בידעווען אף פרעמדער ערד, ארבעטן פאר דער פאכט, פארן חשובן איידלגעבוירע־נעם וואן דער ברינק? ניין, ניין! איך בין דער לעצטער ביי ערד... יאנע וועט שוין האבן ווייכע הענטעלעך און אן אויסגעמערגלט, אויסגעוויקטן שטאטישן פנים, זיין א פיינער הער און זיך שעמען מיט זיין פארגרעבטן

מאטן. די וואן דער ברינקס, די פעטע חזרים, וועלן זיין זיינע חברים.
דער פויער לאָזט זיך שווער אראָפּ אפן באַנק, און באַגראָבט דאָס פּנים צווישן די קני. מאריע ווישט די אױגן מיטן פארטוך.
סים קומט אריין מיט א טעלער סאלאט, וואָס זי האָט אָנגעשניטן צום מיטיק, שטעלט אים אפן לאנגן אָפּגעשייערטן טיש, גייט אריין אין שטאַל שיילן קארטאָפל; ס'איז איר פריילעך: נענטער ווי ווייטער. פּיט סטראָיעט ווין ס'שטיבל אין הילעגעם, זינגט זי זיך צו:

אין בעלדערלאַנד שוין
די קאַרשנבוימער בליען,
און דו, מיין הארץ, טוסט
צום טייערסטן ציען.
פון נארציסן, היאצינטן,
וועל איך אים
א קראַנץ אויסבינדן... טרא־לא־לא־לא־לא.

דער געלער קנעכט יאַן, פאַלט איר ווידער אַריין מיט זיין נבול־פּה, ווייל זי רק איבערשרייען מיט:

—מאַרי, אייער קליידל פאַלט אראָפּ,
—מאַרי, אייער קליידל פאַלט אראָפּ,

און שטייענדיק אפן שוועל פון קיך, שרייט ער צום באַלעבאָס:
—הע, דאָרט, די ברייטפּלייציקע האַלט זיך ביים אָפּקעלבן... עס גייט שווער... קומט העלפן...

דער פויער גלייכט זיך אויס, פאָלגט נאָך יאַנען. זיי פּאָרען זיך דאָרטן לאַנג אין שטאַל, ציען מיט אלע כוחות ביי א שטריק: ס'איז א שווערע געבורט, אַן ערשטלינג. באַלד ליגט די קו א דערשעפּטע אפן פּאָל און א נייע נפשל לעבן איר. מאָלענאַר לייגט זיי אונטער אַביסל שטרוי אלס געלעגער. מאריע ברענגט פאר דער געווינערן א ווארעם קלייענזיפּל. אַט פּרואווט דאָס הילפלאָזע באַשעפענישל זיך שטעלן אױף די פיס, קאָן נאָך נישט, צו שוואַך. די מאַמע לעקט עס און לעקט עס, עס געפעלט איר דאָס לעבן, ווייל דער באַלעבאָס האָט באַשיט דאָס קעלבעלע מיט גראָב זאַלץ.

מאַריע דעקט דערווייל צום טיש. פון דרויסן בלאָזט אריין אַן אויפֿ־פרישענדיק וואסער־ווינטל פון אייסל־טייך, באַוועגט עס שטיפּע־ריש די פאָרהענגלעך.

נאָכן עסן עפנט דער פויער דעם אלטן פארגעלבטן אמסטערדאמער ירושה־תנך און לייענט מיט אַ פייערלעכער שטימע מלכים ב', קאפּיטל ד', וואו מ'האָט פאָריקן טאָג זיך אָפּגעשטעלט:

„און אַ געוויסע פרוי פון די ווייבער פון די נביאים, האָט געבעטן „ביי אלישען אזוי צו זאָגן: דיין קנעכט, מיין מאַן איז טויט. און דו „ווייסט דאָך, אז דיין דינער איז געווען אַ גאָטספאָרכטיקער. און דער מאַ־„נער איז געקומען צו נעמען מיינע צוויי קינדער אלס שקלאַפן.

„האָט אלישע צו איר געזאָגט:

—„מיט וואָס קען איך דיר העלפן? זאָג מיר, וואָס האָסטו אין שטוב?

„האָט זי געענטפערט: דיין דינסט האָט גאָרנישט מער ווי אַ „קריגל בוימל."

א טויטשווייגן הערשט אין דער פויערישער שטוב. אלע שאָקלען צו פרום מיט די קעפּ.

אפילו ווען די געריכטס־שלוחים מצד דעם הער וואַן דער ברינק טרע־טן איבער די שוועל, נעמען זיי אראָפּ די היטלען, הערן זיך צו מיט גרויס דרך־ארץ ביז צום סוף פון קאפּיטל, און בלייבן אומבאַוועגלעך ביז מאַלע־נאָרס הויזגעזינט ריכט נישט אָפּ די וואָרטלאָזע תפילה...

* * *

אזוי האָט פעטער מאַלענאר נאָכגעפאָלגט זיינע ברידער אין דעם ווייטן לאַנד, מיטגענומען דאָס ביסל אָרימקייט, וואָס וואַן דער ב־ינקס עקזע־קוטאָרן האָבן אים באַוויליקט צו לאָזן: וועגענער, בראָנעס, כאָמעטעס, גאָפּ־לען, לאָפּעטעס, און אפילו אַ קליין הילצערן הייזל מיט צוויי סקאָסן, פונקט ווי אין זיין היימלאַנד, און זיך באַזעצט אף דער פעטער ענטרע־ריאָסער־ערד, וואו זיינע ברידער זיינען שוין געווען אזוי היימיש איינגעוואָרצלט,

אַז אין די גרינע לאַנקעס, אין דעם בערגאַרא - טײַכל האָבן זײ געזען אַ שטיק פון זײער אַלטער הײם, האָבן עקסטאַנס אַמאָל געטראַכט צו מאַכן אַ לוסטרײזע צו זען די האָלענדישע מילן, די פּאָלקס־טראַכטן, די בלומען־פעלדער... אַ קוק טאָן, שטעלן אַ לײַטישע מצבה די „אָרימע אַלטע לײַט“ און צוריק פאָרן צו דער אײגענער ערד.

# דער ליידנסוועג

אין אַ קונסט ־ מוזעאום, דאַכט זיך אין בריסל, האָב איך אַמאָל געזעען אַ גרופּנסקולפּטור: פערד, הוילע פעל אוןביינער, זייער אָפּגענוצטע, פאַרמאַטערטע באַשעפעניש. גייען זיי, שלעפן זיך אָן ציל, כמעט סקעלעטן, די קעפ געבויגן צו דר׳ערד. און אזוי פיל צער, אזוי פיל כמעט מענשליכער אומעט ליגט אין די פערדישע בליקן. רירנדיק ביז גאָר זיינען די אויסגעמוטשעטע שלעפּפערד, פון וועמען די מענשן האָבן צוגענומען זייער גאַנץ חיה׳ש לעבן. איצט זיינען זיי פאַרלעס און קומען פון אַ קוילן ־ שאַכט, וואו זיי האָבן חדשים ־ לאַנג געצויגן אין האַלב ־ טונקל די קוילן ־ וועגעלעך, און איצט נוצלאָזע, כמעט בלינדע, שלייכן זיי ווי שכורע אף די וועגן, כדי סוף־כל־סוף צו קראַפּירן ערגעץ־וואו אין אַ רינשטאָק אָדער נעבן אַ פּלויט.

פון דאַן אָן איז ווי אַ סימבאָל געוואָרן אָט די גרופּנסקולפּטור, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „דער מאַרטירער ־ וועג“ און האָט פאַרקערפּערט אין זיך די ליידן פון לעבעדיקן וועזן, וואָס די אומשטענדן האָבן אויסגעשפּיגן.

איבעראַל אף מיינע וואַנדערונגען איבער שטעט און לענדער איז מיר אויסגעקומען צו זען אַזעלכע שטומע, האָפנונגסלאָזע ליידן. כ׳האָב זיי געזעען אין גרויע קאַלטע נעפּלדיקע פרימאָרגנס הינטער די פאַריזער באַנבריקן, וואו זיי די וואַגאַבונדן האָבן געציטערט מיט זייערע בידנע אין שמאַטעס געהילטע גופים. כ׳האָב זיי געזען מיט די אַש־קאָליריקע פּנימער, וואָס האַנדלען מיט פּאַפּיראָסן און צוקערקעס שפּעט נאָך האַלבע נאַכט, פאַר די פאַרגעניגן - לאָקאַלן, כ׳האָב פאַרנומען דיין אומטרייסטבאַרן טרויער, דו מאָגער גאַסנמיידל, ווען דו וואַנדערסט שעהן־לאַנג אף

די גליטשיקע טראָטוארן און דיינע פּיס, באַקליידט מיט דינע קונסט־זייד־זאָקן פריירן, פרירן; כ׳האָב געזען, דיך בכבודער איד מיטן שווערן פּאַק סחורה, ווי דו האָסט זיך געבאָדן אין שווייס, ווייל זיין אַ פּעדלער אין די טראָפּן־שטאָט ריאָ דע זשאַנעיראָ ביי 40 גראַד היץ אין שאָטן, איז נישט לייכט. כ׳האָב זיי געזען איבעראַל בלאַסע, שעמעוודיקע, מיט אויגן פאַר־לאָשענע, סיי אין געשטאַלט פון אַ טובערקולאָזע בלומען - פאַרקויפערן, סיי אַלס שמאַטע - קלייבער נישטערן אין מענשלעכן אָפּפאַל. איבעראַל זיינען זיי דאָ, זיי, וועמענס לעבן איז נאָר אַ ליידנסוועג, אַ „וויאַ קרוציס", אין וועלכער דער מענטש ווערט געשטעלט אין איין מדרגה מיט דער ליי־דענדער חיה.

דאָ אין אַרגענטינע האָב איך דאָסדראַזיקע בילד ווידער געזען, צווישן פאַרבלאָטיקטע וועגן אין אידישע קאָלאָניעס. בלויז אַ קליינע וואַריאַציע: פערד און מענש זיינען געווען שותפים צו אַ געמיינזאַמען אומאויסשפּרעכ־לעכן צער.

וואָכנלאַנג ווייקט דער רעגן די וועגן פון ענטרע־ריאָסער אידישע קאָ־לאָניעס. פּאַמעלעך שלעפּן זיך די וועגענער מיט זעק, און די רעדער גרוז־ניען אין בלאָטע. די פערד ציען אָן שטייף די פּאַסטאַראָנקעס, וואָס רייבן די פאַרוואונדעטע זייטן און ריטשקעלעך שוימיקער, ווייסער שוויים רינט איבערן גאַנצן מידן פערדישן גוף. וויאָ, וויאָ, היי־היי! — געוואַלדעווען די אָנטרייבער הייזעריקלעך, און די פערד שטרעקן אויס ווייט די פאָדערשטע פיס און ציען, ציען דורך דער קלעפּיקער, עקשנותדיקער בלאָטע. ביי אַ פּאַנטאַנע, וואו רעדער זינקען ביז די אַקסן טיף אין בלאָטע, און ס׳העלפט קיין הוקען און קיין קנאַלן מיט די בייטשן, בלייבט נים קיין אַנדער עצה, ווי צו פאַרשאַרצן די הויזן ביז איבער די קני און אַריבערטראָגן די זעק אַף אַ האַרטערן וועג.

גאָר אין אַ זייט פון דער גרויסער רייע פורן, וואַרט אויך אַ ביד־נע וועגעלע, אַ „טראַנטע" — רופן עס די באַלעגאָלעס. ווייל דער קאַסטן איז געשטיקעוועט פון פאַרשידענע ברעטלעך, די אָרטשיקעס און רעדער זיינען פאַרלאַטעט און פאַרבונדן מיט דראָטן און שטריק. אַרום

די טראנטע פֿארען זיך צוויי נידעריטשקע מענטשלעך. דער שוויס רינט איבער זייערע ניט־געגאָלטע פּנימער און זיי שמייסן, שמייסן, די בייטש ניט כמעט נישט קיין אָפּקלאנג, זי הערט זיך אַזוי טויבלעך טרוקן, ווייל זי טרעפט נישט אויף ווייכע רוקנס אָדער פעטע הינטנס פון אויסגע־כאָליעטע, אויף האָבער און גוטער פאַשע געהאַלטענע סוסים, נאָר אויף הוילע ריפּן און אַרויססטאַרטשענדיקע בעקנביינער. די פערד זיינען ווי מקבל־באהבה, איינס פּראָטעסטירט צומאָל מיט די הינטערשטע פיס — ס'האָט נאָך כוח, נאָר די איבעריקע איז דאָס אַלץ איינס. אַ פערד פון שמוציקער באוואָרקע ־ קאָליר ליגט אויסגעצויגן אף דער ערד. דער שפּאַן פון צעפוילטע זעק ווערגט דעם פאַרטערטן קאָפּ. צו אַ ווייס־גרוי־נע־פּלעכטער שקאַפּע רייסט זיך און הויבט דאָס קעפּל אַן אָפּגעקראָכן לאַשע־קל: ציט, ציט ביי דער טרוקענער ציץ — און קיין מילך קומט נישט...

—אהאַ, שוין זיך געיאָוועט די ברידערלעך מיט זייערע פגירות — צעשרייען זיך די נאָכקומענדיקע פורמאַנעס אין כעס, וואָס זיי פאַרלייגן דעם וועג.

—פערד מוז מען געבן עסן, אַז מען וויל, זיי זאָלן ראַוועווען, — עצה'ט איינער.

—עסן זיי האָבער, גלאַנצן די הינטנס ביי די פערד, אלא, נישט ליגן זיי אין דר'ערד — וויצלט זיך אַ צווייטער.

—זיי ווילן האָבן ס'גאַנצע פאַרדינסט, און עסן אַ קרענק.

—ביי די נידעריקע „ברידערלעך" — אַזוי רופט מען זיי — פאַרציען זיך די שטעכיקע שוואַרצע פּנימער צו אַ כיטרער גרימאַסע.

—די פערד האָבן היינט אינדערפרי אויפגעפרעסן כמעט אַ וואָגן לע־נישטשעס — מורמלען זיי, ווי זיך פאַרענטפערנדיק.

—אַנו, חברה לצים, שמחה, שייע, זאַנוול, אונטערלייגן אַ פּלייצע! מ'מוז דאָך די שלימאַזלס העלפן, אַז נישט וועלן זיי דאָ שטייען ביז איבער אַ יאָר פורים, — זאָגן פורמאַנעס.

—מיטן לײדיקן וואָגן גייען זיי ווי געשמירט די סוסים, — מאַכט חוזק איטשע דער בעקער־יינג, וואָס שטייט דאָ מיט אַ וואָגן מעל־זעק.

אזא מין באגעגעניש קומט אָפּט פאָר מיט די ברידערלעך אויף די שליאַכן פון די אידישע קאָלאָניעס. טעגלעך שלעפּט זיך מיט משא אָדער אָן משא ס'באַקאַנטע עמיגראַנטישע פורל מיט די מאָגערע האַלב־טויטע פערד, ווי אַן אָרימע לוויה; טעגלעך גייען מענטש און פערד זייער דערנער־וועג. נישט זעלטן טרעפט זיך, אז איינס פון די אויסגעמוטשע־טע באַשעפענישן פאַרגלאָצט פּלוצים די גרויסע מאַטע אויגן, גיט ראַפּ־טום אַ פאַל, ווי מ'וואָלט אים אונטערגעהאַקט די פיס... ווערט מיט מי אויסגעשפאַנט, לאָזנדיק דעם פגר ליגן אינמיטן וועג. אין עטליכע טעג וועט שוין פון דעם קיין זכר נישט זיין. מהגות הינט פון דער גאנצער געגנט וועלן איבערנאַכט רייסן שטיקער פון דעם עיפּושדיקן פגר, זעטיקן זייערע אייביק־הונגעריקע היגטישע מאָגנס, און איבערלאָזן וועלן זיי נאָר דעם הויפן ביינער... אזוי ענדיקט זיך ס'לעבן פון אַן אויסגעדינטער שקאַפּע. נישט געקאָנט מער איבערטראָגן און זיך אַנידערגעלייגט אויס־רוען אויף אייביק אויף דעם קילן וועג.

זיי, די מענשן, זיינען אויסדרויערענדער. די „ברידערלעך" קענען מער איבערטראָגן ווי זייערע ליידנס־שותפים. מאָרגן, איבערמאָרגן וועט מען ביי אַ קאָלאָניסט אויסבעטן פאַר עטלעכע פּעזעם אַ געמיין פערד. קאַרגע פיגירות, וואָס זיינען ווערט צו ווערן אַרויסגעטריבן, זיינען דאָ ביים קאָלאָניסט? קומען די ברידערלעך, צוויי קלייגע אויסגעמאָגערטע נפש־לעך, מיט פאַרכליניעטע שטימעלעך, אומדרייסטע, אויף וועמעס שווארצע באוואַקסענע געזיכטלעך, עס האלטן זיך תמיד פּעדערלעך פון די צעריסע־נע איבערבעט־ציכן, דער טראָט זייערער איז אַ שטילינקער, ווייל זיי גייען אין צעפּאָדעמטע, צעפּאָרענע לעטשלעך — און האַנדלען איין אַ שקאַ־פּע, אַ רענדל אַרויף, אַ רענדל אראָפּ, אַבי פּטור צו ווערן פון אַ פּאַדלע.

אז דער וואָגן זייערער מיט דער משא קומט אָן פאַרן שטעטל, אַ שטע־טל מיט אָפּגעשיילטע האַלב־איינגעפאַלענע שטיבלעך, דורך וועלכן ס'גייט נישט דורך קיין באַן, קיין אָמניבוס, בלייבן זיי שטייען, לאַנג, לאַנג, ווי זיי וואָלטן וועלן כאַפּן אָטעם, זיך אויסרוען, כדי אַריינפאָרן מיטן גאַנצן קנאַק. די פערד ווילן אָבער נישט ווייטער. שמייסן די ברידערלעך,

שמייסן. און די בייטש האָט אַ טויב ־ טרוקענעם אָפּקלאַנג און ס'לאָ־שעקל ביי דער גרוי־ווייס־געפלעקטער שקאַפּע ציט, ציט און קיין מילך קומט נישט.

****

אינמיטן גאַס פון שטעטל, נעבן אַ תבואה־גאַלפּאָן, ליגט אַ טייל פון די ברידערלעכס וואָגן ־ געשפּאַן. די פערד פאַרשמאַכטע, אָטעמען, אָטע־מען מיט די אַרויסשטאַרטשענדע ריפּן. דער טאָג איז אַ הייסער. די גאַס איז שטויביק, קיין פּיצל שאָטן אַרום און אַרום. פערדישע גומענס לעכצן נאָך אַ קאָריטע וואַסער אָדער לכל־הפּחות נאָך אַביסל געווייגלעך וואַ־סער אין אַ קאַלוזשע.

בינדן די ברידערלעך אָפּ די שלייעס מיט די אומציייליקע קניפּן, זע־צן זיך אין שטיקל שאָטן, וואָס פאַלט פון וואָגן, נעמען אַרויס אַ שטיק ברויט און פון זעלבן זאַק אַ קאַוואַן און שניידן צו פּליטשעז, און די זאַפ־טן פון דעם אַרבוז רינען אויף דער גאָמבע, און פליגן זשומען.

אַרומשטייענדיקע פורמאַנעס, וואָס וואַרטן אויך מען זאָל עפענען דעם גאַלפּאָן, און קאָלאָניסטן, וואָס וואַרפן איבער די מיטיק־שעה אין שטעטל, האָבן איצט אַ שטיקל צייט ־ פאַרטרייב: זיך טשעפּען צו די שלימזלדיקע ברידערלעך:

—פּש, פּש, פּש, סאַראַ סוסים, פּעט פאַרלאָרן. — ברידערלעך, שיט אָן אַ ביסל זאַלץ אויף די ווידלען פון אייערע היציקע אָגערס, וועלן זיי הולכען.

—הער נאָר דו, וואו באַקומט מען דאָס אַזאַ טונקעלע סחורה פאַר אַ העמד? נישקשה פון אַ העמד — ביליק און מ'דאַרף עס קיינמאָל נישט וואַשן — ווענדעט זיך צו די ברידערלעך אַ הויכער, דיקער בחורעץ מיט אַ דיקן טאָפּלטן קין און אַ ברייט צופרידן געלעכטערל, וואָס קלינגט ווי אַ געהירזש פון אַ שקאַפּע, וואָס רופט צו זיך אַ לאָשעקל. אַלע שעפּן תענוג פון דעם וויץ. די ברידערלעך נאָגן דעם אַרבוז און צעקרישלען דאָס ברויט. זיי שווייגן.

נאָר דאָ ווערן פּלוצים די אַנדערע אויך אַנטשווייגן, ס'מאַכט דעם

איינדרוק פונקט ווי א שפארבער וואָלט זיך אַראָפּגעלאָזט אין א הינער־הויף און א צעפּלאָשעטע קוואָקע וויל זיי אויף אַלע אופנים פארטיידיקן —רייסט זיך אַדורך דאָס געזעמל א דיקליכע, נידעריקע, ברוגזע און זייער פארביטערטע אידענע. קיילעכדיק, און מיט יענער אומנאַטירלעכער דיקקייט פון א האָרץ־ליידענדן. דאָס פּנים האָט ווייסע, טויטע אויגן, דער שטערן פול מיט צרות־קנייטשעלעך. די טויטע אויגן זיינען איצט אַזוי פארטרערט ווי ביי איינער פון די שקאַפּעס אין נעשפּאן. די קליי־נינקע אידענע גיט אַ מעסט אָפּ מיט א פארניכטנדיקן בליק די חוזק־מאַכערס, וואָס שווייגן איצט ערנסט. דער גראָבער בחורעץ ציט זיך צוריק און פּייפט אונטער עפּעס א טאַנגאָ ־ מעלאָדיע. די אידענע שטעלט זיך פאר די ברידערלעך און קווימשעט צו די ארומשטייערס:

—צ'לאַכט מענשן, האַ? ענק איז לאַכעדיק? צ'האָט פארגעסן, אז מען דאַרף רחמנות האָבן אַף עלנטע יתומים, פארגעסן דעם פּסוק?

די אידענע שאָקלט זיך און רעדט מיט א ניגון פון טייטש ־ חומש:

—ווי, איז מיר נישט, אויף אונז איז דאָך אויסגעגאָסן אַלע איובס צרות, ווי נאָר אַן אומגליק — שטייט עס איין ביי דער וויסטער אַלמנה מיט אירע זינדעלעך...

א טרער באַווייזט זיך פון די אויגן - קישעלעך און קייקלט זיך פּאַוואָליע אַראָפּ אַף די דיקע אָנגעשוואָלענע באַקן — און צום וויפלטסטן מאָל נעמט די אַלמנה פּאָדראָבנע איבערדערציילן די געשיכטע פון אירע צרות. — אַבי מיר האָבן געמיינט, אז מ'וועלן טויגן צו דעם ברויט — צו מוטשען זיך טויגן מיר, אוודאי, קוקט אַף די מאָגערע, פארהונגערטע פערדלעך, נעבעך, פונוואַנען זאָלן זיי פעט זיין, אז ס'איז נישטאָ קיין פּאַ־שע... די אידענע צעכליפּעט זיך אויף אַן אמתן און גלעט דאַביי צערטליך אירע ביידע זין אויף די באַבערדלטע באַקן.

פארנאַכט צו פאַרט מען אהיים. אויף א שטיקל לאַנד, ארומגע־צוימט מיט איין דראָט, וואָס הענגט שלאַבעריק אַראָפּ, שטייט א שטיבל פון ציגל, זייער ענלעך צו אַן אוהל פון אַן אָרימען קליינשטעטלדיקן רב. דאָ הויזט די אַלמנה מיט די ברידערלעך. קאָלאָניזירט אויף א „קינטע"

ביי דער יקא. און שלימזלען. וואָס זיי פאַרזייען נישט, וואַקסט נישט. אַז דער היישעריק דאַרף איבערנאַכטיקן, מיידט ער נישט אויס די „שלי־מזלדיקע פויגלען“. פאַרזייען זיי מאַיס, גייט וואָכן ־ לאַנג נישט קיין רעגן און זיי האָבן אַ גוטע גערעטעניש פון „אַבראַכעס“; האָבן זיי אַ מילך־סו, מאַכט זיך, אַז פּונקט ווען זיי זייגען אין שיל, יום כפור, פילט זיך די בהמה אָן דעם בויך מיט גרינעם קלאָווער, און ס'העלפט שוין נישט מער דאָס שטעכן אין דעם אָנגעבלאָזענעם בויך, ביז וואָס, ביז ווען, מוז מען שוין רופן דאָן כואַן דעם פעל־שינדער און די שווארצע האָבן אַ געשמאַקע פלייש ־ סעודה: אַלע ראַנטשעס און אַלע הינט זייגען אַ גאַנצע וואָך פאַר־זאָרגט מיט פלייש. זעצט די מאַמע קוואָטשקעס, פגרט אַ קוואָטשקע אוועק אַף דער נעסט: ווערים, אַ צווייטע גייט מיט אירע הינדעלעך צו דער שכנה, ביי אַ דריטער פרעסן די שטשורעס אויף די עופהלעך. אַזעל־כע לאַ יצלחס זיינען זיי. זייער „ברויט“ ציען זיי פון וואָגן און די פערד־לעך, וואָס פּאַשענען זיך איבערן נאַכט אין גאַס, ווען פּאַשע איז פאַראַנען, און אַז נישט, ווערן זיי הויט און ביינער.

די שטוב רופט די אַלמנה דאָס „גרוב“. די ווענט דרינגען האָבן שוין לאַנג פאַרלוירן דעם טינק, האָבן זיי אַ אומבאַשטימטן קאָליר, ברודיק־שוואַרץ פון רויך, וואָס וואַליעט כסדר פון באַק־אויוון און פון די מחנות רויענדע פליגן, וואָס לאָזן אין אַ זומערדיקן פאַרטאָגס נישט איינליגן אַ מינוט אפילו, זיי זיינען דער וועק־זייגער, דורך זייער זשום און זלידנע בייסן זאָגן זיי אָן, אַז ס'איז שוין צייט צו שפּאַנען. שפּאַנען הייסט גיין זוכן די פגירות ערגיצוואו אין אַלדע אויסרייסעגישן, אָדער גאָר פאַר־שפּאַרט אין אַ פרעמדן קאָראַל פאַרן גיין „אין שאָדן“.

ס'טרעפט אַ סך מאָל, אַז זייערס אַ פערד, נאָך אַ נאַכט פון קאַלטן איי־זיקן דרום־ווינט, האָט ניט געקענט מער אויפשטיין, זיך דערשלעפּט צום שטיבל, כדי צו פאַרברענגען זיינע לעצטע גסיסה־מאָמענטן נעבן דער טיר פון זיין באַלעבאָס, פּונקט ווי ס'וואָלט געזוכט הילף אין לעצטער נויט. עפנט איינער פון די ברידערלעך פאַרטאָגס די טיר, טרעפט ער ליגן, איג־גאַנצן אָן אָנגעבלאָזענעם, מיט אומגעהויער פאַרגרעסערטע אויגן, אַ פערדיי־

שן גוף, פון װעלכן ס'טראָגט זיך שוין דער ריח פון פארלענדונג, דער לעצ־
טער שטאָפּל, דער לעצטער איבערגאנג פון ערדישן זיין, די צעפאַלונג...

***

און װידער אמאָל שטייען די ברידערלעך מיט זייער אלטער „טראנ־
טע“ ביים אריבערגאנג פון אַ לעפּקער זומפּיקער בלאָטע און שמייסן,
שמייסן... און די בייטש האָט אזאַ טויבליך - טרוקענעם אָפּקלאנג, און
ס'לאָשעקל רייסט זיך, רייסט זיך, צו דער װיים-גרוי־פלעקיקער שקאַפּע,
ציט, צ'יט — און קיין מילך קומט נישט.

# פאַרפרעמדטע

## (איינאקטער)

### פערזאָנען:

משה, א קאָלאָניסט, 55 יאָר אלט.

באשע, זיין פרוי, אָנהויב די פופציקער.

עדא, א פריילן פון זיבעצן יאָר

ראיסא, א מיידל פון דרייצן יאָר

וויקטאָר, א יינגל פון עלף יאָר זייערע קינדער

ארטורא, דער עלטסטער זון, אין די מיטעלע דרייסיקער

ערמיניא, זיין פרוי, זיבן און צוואנציק יאָר אלט.

לערער:

### סצענע:

אן אויפגערוימטע קאָלאָניסטישע שטוב. א גאסט־צימער. אויסגעקאַלעכט הימלבלוי, אונטן מיט א שווארצן ראנד. דאָס פענסטער באהאָנגען מיט ווייסע געשטיקטע פאָרהענגלעך. טירן: צו דער קאָלאָניע-גאָס, צו דער קיך און שלאָף־צימער, אלע מיט קרעטאָנענע פאָרהענגלעך. אינמיטן שטוב א טיש מיט זעקס „ווינער" בענקלעך. אין די ווינקלען — פארשי־דענע שטרויענע און לעדערנע ליג־שטולן, באליינטע מיט ציר־קישעלעך. אנטקגן פון טיר און פנסטער, ווינקעלענדיק א פיאנע, איבער איר א הענ־גענדיק ביבער - שאפקעלע. די ווענט באפוצט מיט צאַצקעס און שטי־קערייען. א קרערענצל פון גלעזערנע טירלעך.

אָנהויב האנדלונג: שבת נאָכמיטיק, סוף פון אקט: שבת־צונאכטס.

ב א ש ע (רוימט אָפּ דעם טיש פון טיי, לייגט צוריק ארויף דאָס אָפּגע-טרייסלטע טישטוך, קרעכצט אונטער) — אוי, איך האַלט מיך קוים אויף די פיס פון די נעסט, די פיס טראָגן מיך שוין נישט... א גאַנצן טאָג נישט איינגערוט.

ם ש ה (דרימלט אין א ווינקל־שטול): — האַ, וואָס? יין

ב א ש ע (קרומט אים נאָך): — האַ, וואָס, וואָס האַ-וואָסטע? בעסער וואָלסטו געזען צונעמען עפּעס א דינסטל. אז אים אַרט גאָר־נישט, אז ס'ווייב ווערט אויסגעריסן...

ם ש ה :— וואָס טשעפּעסטו דיך, האַ? וואָס ווילסטו? איך וואָלט גע־מיינט, אז די מיידלעך וואָלטן אויך געקאָנט אביסל מיטהעלפן, נישקשה, ס'וועט זיי גאָרנישט שאַטן צום געזונט. האַ?

ב א ש ע : — דו, רק האָסט נאָר פּרעטענזיעס צו די קינדער... ער, וואָלט זיי נאָר געוואָלט מאַכן פאַר דינסטן. גרויסע אויגן האָט ער, אז די קינדער פאַרברענגען אביסל. רק עס וואָרטשעט. נעכ־טן זיך אָנגעטשעפּעט אין ראַאיסעלען, הלמאי זי שפּילט צופיל אויף פּיאַנע. פּאַאולינען לאָזט ער גאָרנישט אויף די אויגן, האָט זי קיינמאָל נישט ליב צו זיין אינדערהיים. און סאַראַ צרות ער האָט אָנגעטאָן אַרטורען, דווקא געוואָלט זיין גאָטס סטראָפּ־טשע, אים לערנען פּרומקייט.

ם ש ה (איראָניש): — און א גויאישע שניר אַרט דיך גאָרנישט? (שפּאָ־טיש): — וואָס האָט ער דען געטאָן, דיין אַרטורעלע? איין קלייניקייט: חתונה געהאַט מיט א גויע! דאָס איז גאָרנישט, האַ, וואָס?

ב א ש ע :—ווער זאָגט דען, אז ס'איז גאָרנישט. אָבער ס'איז דאָך שוין א פאַרפאַלענע זאַך. נאָך אַלעמען איז ערמיניא א גאַנץ וואוי־לע פרוי, נישט ערגער ווי די פיינסטע אידישע טאָכטער. און ווידער צוריקגעשמועסט: דו אַליין, ביזט דען אַזאַ פרומער

אידז וויפל מאָל האָסטו פארגעסן אפילו, אז ס'איז שבת?
און יום־כפור פאָסטו יאָ רעכט?

מ ש ה : — מסתמא, אזוי באַשערט אין ארגענטינע. נייע מקומות, טאָרן
טאַטעס זיך נישט מישן אין די עסקים פון זייערע קינדער.
נייע מקומות. דער טאַטע מיינער, עליו השלום, דער ברינס־
קער דיין, וואָלט אזוינס נישט דערלאָזט. (אין אויפרע־
גונג): — ער וואָלט אזא יינג איבער דער שוועל נישט ארײַ־
בערגעלאָזט. וואַזשנע געסט! זע נאָר, ווי דאָס לויפט זיך אָן
אַ גאַנצן טאָג, לויפט זיך אָפּ די פיס, ווי דאָס יאָגט ארויס פון
זיך די נשמה... איך וואָלט זיי אויפגעגומען, די פריצים.
וואַזשנע געסט! נישקשה פון געסט!

ב אַ ש ע (מיט איינגעהאַלטענעם צאָרן, רעדט צונם ווי איינרוימענדיק
אין אויער(: — דו, דו וצדקתך, רעד אביסעלע שטילער. אָבער
די טשעקלעך, וואָס דער ארטוראָ שיקט דיר יעדן חודש שמעקן
דיר? דו ביזט דאָך דער אמתער פרנסה־געבער... וואַזשנע
קאָסעטשעס וואַקסן ביי דיר אין קאָמפּ!... שוין איינמאָל אַ בר־מזל...!

מ ש ה (רעזיגנירט): — יאָ, דאָס געלט, דאָס געלט מאַכט אים דאָ דעם
ארטוראָ פאַר אַ גאַנצן מושל... מיר זיינען זיינע פונדיקלעך
און ער איז דער פּאַטראָן... און אַלץ צוליב די פּאָר פּעזעס,
וואָס גייען אריין אין די שמאַטעס פון דיינע טעכטערלעך...

ב אַ ש ע (אין כעס): — לאָז אָפּ, דו אַלטער עקש, די קינדער, שוין
ווידער די קינדער!

מ ש ה (מאַכט מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט זאָגן: טשעפּע זיך אָפּ!
נעמט אַ צייטונג און וויל לייענען).

ב אַ ש ע (רייסט ארויס די צייטונג, שטעקט זיי אונטערן טישטוך): —
דו ווייסט דאָך, אז ארטוראָ וויל דאָס נישט ליידן! ער וויל
נישט, אַז ערמיניאַ זאָל זיך פילן שלעכט צוליב די אידישע
בלעטער דיינע. ס'פּאַסט נישט...

מ ש ה (ענטפערט גאָרנישט, דרייט זיך אַ ווײַלע אויף און אָפּ איבער

דער שטוב, ברומט אונטער א חזנישעס, זעצט זיך ווידער אין ליג־שטול, און קוקט פאר זיך זייער פארזארגט).

(ס'קומט אריין ר א א י ס א, א קאפריזנע און נערוועאיש קינד, דעקט אפ די פיאנע און נעמט אומענדלעך איבן, ווי אף צו להכעיס די העכסטע טענער און אן אויפהער).

מ ש ה : — ראאיסע, כ'בעט דיך, אביסעלע שטילער (ראאיסע מאכט זיך נישט־הערנדיק און קלאפט אן אויפהער די גאמעס).

מ ש ה : — זיי אזוי גוט, קינד, דער קאפ טוט מיר וויי.

(ראאיסא באמבלט ווייטער, ביי דער פיאנע קומט פאר א שטיל מחלוקתל) ע ד א, (וואס האט זיך באוויזן פון דער קיך־טיר, וויל אראפשטופן די שוועסטער פון בענקל. זיי אמפערן זיך א ווײלע, סוף־כל־סוף בלייבן ביי־דע זיצן צוזאמען. ראאיסא קלאפט גאמעס און עדא דעם ניגון פון טאנ־גא: „עסטא נאטשע מע עמבאראטשא ביען“. פון הינטערן פארהענגל, וואס פירט צום שלאף־צימער, באווייזט זיך א ר ט ו ר א : א הויכער ברונעט, מאסיווער קערפער, גלאטפארקעמטער, גלאנציקער קאפ האר. מיניאטור־וואנסעלעך. אנגעטאן אין א געשטרייפטער זעפיר־פיזשאמע. רעדט מיט אפגעציילטע ווערטער און מיט א באפעלערישער באטאנונג. באלד דערשיינט אויך זיין פרוי ע ר מ י נ י א, דעליקאטער שפאנישער פרויען־טיפ, גוטמוטיק, שטארק העפלעך, אבער אביסל אומזיכער) אלע א חוץ משהן לויפן איר אנטקעגן און סטארענען זיך איר צו חנפענען.)

ע ד א : — אויב איר ווילט זיך זעצן דא, שוועגערן? (וויל איר דערלאנ־גען א ווינער בענקל).

ב א ש ע : — ניין, ערמיניא וועט זיך בעסער זעצן אף א לעדערנער שטול (הויבט זיך אן שטארק צו פארען, נעמט ארויס פון קרע־דענצל ניסלעך, קאראמעלאס און איז מכבד. ארטורא דרייט זיך נערוועאיש אויף און אפ איבערן צימער. א ווײלע שטעלט ער זיך ביים פענסטער, קלאפט מיט די פינגער אף די שויבען).

א ר ט ו ר א (צום טאטן, וואס זיצט אין וויג־שטול ווי אפוועזנד):—

טשע, אַלטער, וואָס כ'האָב דיר געוואָלט זאָגן. ביי דיר אפן הויף איז דאָך ווי ביי א גרינגאַ. די דראָטן אָפּגעלאָזט, די טויערן פאַרבינדן מיט שטריקלעך. די פּעאָנעס האָבן גאָרניט קיין דרך־ארץ. דער סקאַט שטייט מיט די אַרויסגעשטעקטע צינגער ביי דער אַלאַמברע, און צו טרינקען גיט זיי קיינער נישט.

באַשע (שמייכלט אונטערטעניק): — יאָ, יאָ, זאָג אים דעם אַלטן, ער איז שוין עובר־ובטל, לאָזט זיך אַרומקריכן אפן קאָפּ. רק צייטונגען, ניגונים ליגן אים אין זין. זאָג אים, זאָג אים, נעם דיך אָן פאַר דער מאַמען (פון דער קיכנטיר קומט אריין וויקטאָר, א קרעפּטיק דאָרפיש יינגל, א סך אויסגעוואַקסענער ווי לויט די יאָרן, אַביסל שעמעוודיק אין דער אָנוועזנהייט פון די געסט).

באַשע: זע נאָר, וויקטאָרסיטאָ, ווי דו ביזט קויטיק. ווי לאַנג איז עס, ווי איך האָב דיר געגעבן א פּאָר ריינע הויזן. א שרעקלעך יינגל איז דאָס. קום נאָר אַהער.

עדאַ: — מסתמא געווען מיט מאַטשאָן ביי דער אַראָזשאָ.

וויקטאָר (קרומט איר נאָך): — און דיך, וואָס גייט עס אָן? (עדאַ שלעפּט אים אין קיך אריין, א ווײַלע בלייבן זיי דאָרט).

אַרטוראָ: — א שלעכט דערצויגן יינגל. טשע, אַלטער, כ'האָב דיר נאָך געוואָלט זאָגן: דער וויקטאָרסיטאָ האָט א שוידערלעכן שפּאַנישן אַקצענט. פון וואָס קומט דאָס? מ'וואָלט אים שוין געמעגט שיקן וויניקער אין דער רעליגיעזער שולע... מ'מוז אים געבן א דערציאונג! מאַכן פאַר א לייט. כ'וועל אים מיטנעמען קיין בוענאָס איירעס (עדאַ קומט צוריק מיט וויקטאָרן אָן אויסגעוואַשענעם און אויסגעקעמטן).

באַשע: — איצט זעסטו אויס כאָטש ווי א מענטש. אַנו, לאָמיר נאָר זען, זאָג עפּעס לכבוד די געסט. (אַלע קוקן אויף אים מיט דערוואַרטונג. דאָס יינגל קווענקלט זיך שטאַרק, שווייגט. עדאַ

רוימט אים עפּעס איין אין אויער, קענטיק, אַ צוזאָג פון עפּעס
א נאַשעריי, אָדער אַן אנדער מתנהלע, דעציידירט ער זיך און
הויבט אָן מיט אַ קווימשיק קינדיש שטימעלע: „אָ, ווי ליב
איז מיר די אידישע שול..."

(באַשע, עדאַ, ראַאיסאַ זיינען אויסער זיך: — אָבער ווי־ק־ט־אָ־רדר!!
דו האָסט דאָך געקאָנט עפּעס אזא שיין שפּאַנישעס!! אָבער וו־יי־ק־ט־אָ־ר!
(דאָס יינגל איז איינגאַנצן צעמישט, קאָן נישט עפּענען ס'מויל).

**א ר ט ו ר אַ** (מיט אַ נעמאַכטער בייזקייט): — נו, זעסטו, פּאַפּאַ, דאָס
יינגל האָט קיין שום דערציאונג. (צו ערמיניאַן): — זיי ווערן
דאָ אין קאַמפּ אויפגעצויגן ווי די ווילדע. אַן אייגן ברידערל
און אומדערצויגן ווי אַ צעלאָזענער לאָשעקל...

**ע ר מ י נ י א** (קנאַקט אַ ניסל און קייט עס מיט אַ וויכטיקער מינע):—
סי, ארטוריטאָ. דערציאונג, — מיין פריינט, איז אַ וויכטיקע
זאַך. קינדער מוז מען דערציען.

**א ר ט ו ר אַ** (אַנטשלאָסן): — פּאַפּאַ! מיין וואונטש איז, אַז ס'זאָל ביי
אייך זיין אַ לייטישע שטוב. איינמאָל פאַר אלעמאָל, זאָל מען
ביי אייך אָפּשאַפן אייער רוסנשפּראַך. כ'לאָז מיך קאָסטן
געגוג... כ'האָב שוין אייניקע מאָל געזאָגט, אַז איך וועל אים
שפּעטער אפשר נעמען אין מיין אָפּיסינע, אָבער צום ערשטן
לערנט אים אויס ווי ס'געהער צו זיין אויסשנייצן די נאָז.

(משה שווייגט).

**ע ר מ י נ י א**: — אָבער ארטוריטאָ, מיין טייערער, רעג דיך נישט אויף!
וואָס נעמסטו זיך צום הארצן, וואָס בייזערסטו זיך אָפּ אַלטן?
דער אַלטער איז דאָך אַ גאַנץ וואויל קאָמיש מענטשל. אַ
טייערער אַלטיטשקער. לאָז אים צורו, מיין ליבער.

**א ר ט ו ר אַ**: — לאָז, לאָז מיך, כ'וויל בלויז, זיי זאָלן ווערן אביסל
לייטיש. כ'גיב מיר געגוג מי פאַר זיי.

**ע ר מ י נ י א**: —נו, יאָ, מיין טייערער. דערציאונג איז אַ וויכטיקע זאַך,
(וויקטאָר מאַכט הינטער זייערע פּלייצעס גרימאַסעס און

טראָגט זיך אָפּ דורך דער טיר, וואָס פירט אין קיך).

באַשע און די מיידלעך: — אינדעראמתן, ערמיניא, אַרטורי־טאַ האָט רעכט, פּולשטענדיק רעכט.

(משה שווייגט. אין שטוב ווערט וואָס אַמאָל פינסטערער. די מיידלעך, אַרטוראַ און ערמיניא גייען אַרויס דורך דער טיר צו דער קאָלאָניע־גאַס. אַ שלוש־סעודותדיקע שטילקייט. משה ברומט אַ „בני היכלא"-ניגונדל. באַשע צינדט אָן אַ לאָמפּ. פון דרויסן הערט זיך אַ פּאַטשן אין דלאָניעס).

באַשע: — דאָס איז אַוודאי דער אידישער לערער. האָסט אים ניט געזאָגט, אַז אַזוי לאַנג אַרטוראַ איז דאָ צו־גאַסט, זאָל ער נישט קומען?

משה (קאַטעגאָריש): — ניין!

באַשע (קרומט אים נאָך): ניין, צעברעך אַ ביין! ווייסט דאָך, אַז אַרטוראַ קאָן נישט ליידן די גרינגאָס, היינט צו וואָס זאָל ער דאָ קומען?

משה (ביי זיך פּעסט): — כ'וויים, נו איז וואָס?

(מ'פּאַטשט שטאַרקער, די טיר פון דער קאָלאָניע - גאַס עפנט זיך ברייט. ס'קומט אַריין דער אידישער לערער, אַ מיטלוואוקסיקער ייִנגערמאַן מיט ווייכע באַוועגונגען, בלאַס, טראָגט ברילן און רעדט בנעימותדיק).

לערער: — אַ גוט־וואָך אייך. נו, ר' משה, ס'עט גיין אַ רעגן?

משה: — אַ גוט יאָר. פונוואַנען גייט דער ווינט?

לערער (צו באַשען): — און וואָס מאַכט איר, סעניאָראַ? וואָס מאַכט דער רעוומאַטיזם? רעוומאַטיזם איז דער בעסטער באַראָמעטער. ס'ציט עפּעס? (באַשע מאַכט זיך נישט הערנדיק).

משה (וואָס איז קענטיק געוואָרן לעבעדיקער און מוטיקער): — זיצט, גוטמאַן, זיצט. וואָס מאַכט אייער בני־בית?

לערער (פאַרויכערט אַ ציגאַרעטל, לייגט איינס פאַר משהן): — אַ נו, ר' משה, נעמט אַרויס דעם שאַך, וועט מען מאַכן אַ פּאַרטיע צו דער גוטער וואָך.

באַשע (אַנגעדרודלט): איצט איז נישט די צייט דערצו, מ'האָט אפילו

נישט אראָפּגענומען דאָס שבתדיקע טישטוך, און ס'איז פּאָר וויעטשערע (מיט א געמאַכט געלעכטערל):—מ'ווייסט שוין אייערע שאַכפּאַרטיעס. איר פּאַרזיצט זיך ביז דער האָן קרייט און פאַרגעסט גאָר אין אייער אידענע.

ל ע ר ע ר (לאַכט): — פּע, פּע, סעניאָרא באַשע. איר זענט געוואָרן אזא בייזע. וואָס אַרט עס אייך, אז מ'וועט האָבן אביסל הנאה? מ'עט זיך זעצן אין א ווינקעלע, קיינעם נישט שטערן...

ב א ש ע : — איך האַלט נישט דערפון, איצט איז פּאָר וויעטשערע, און...

מ ש ה (מיט א וואַקסענדער אומגעדולד): — עסט לאָזן צורו, עסט נישט טשעפּענען פּרעמדע מענטשן? עסט אויפהערן צו זיין ווי א זלידנע פליג? (צום לערער): — זיצט, גוטמאַן, זיצט אַט-אַ־דאָ.

(זיי שטעלן אוים די פיגורן אפן שאַכברעטל, ביידע פאַרטיפן זיך אין שפּיל. דער לערער קנייטשט מיטן שטערן. משה קלאַפּט מיט די פינגער. א ווײַלע אומבאַוועגלעכע).

ל ע ר ע ר : — עט מען פּרואוון (שטעלט איבער א פיגור, זינגט אונטער) —„און די פידלדיקע פידלער, האָבן פידלדיק געפידלט, פידלדיק האָבן זיי, פידלדיק געפידלט האָבן זיי...“ (איבערגייענדיק אין א גמרא-ניגון): — זאָל איך גיין אזוי, וועט ער דאָך גיין אַנדערש, און ער וועט צונעמען, אוי ווײַ צונעמען. „און די פּייקלדיקע פּייקלעך האָבן פּייקלדיק געפּייקלט, פּייקלדיק געפּייקלט האָבן זיי...“ נו, ר' משה, האָט איר זיך שוין מישב געווען? איר קריכט דאָך ווי א טשערעפּאַכע.

מ ש ה (שיסט אוים מיט א נצחונדיקן): — ויקרא בשם ארוני! כ'האָב אייך געפּאַקט מיט א סאָלדאַטל! (צעזינגט זיך מיטן ניגון „פון באַסלאַוויטש ביז ליבאַוויטש“): — נעם איך מיר דאָס שוואַרצע סאָלדאַטל, דאָס שוואַרצע סאָלדאַטל, אוי, וואָס אַרט עס אייך? כ'וועל אייך מאַכן מאַט, אוי, וואָס הער איך אייך? כ'בין אויך אזא קנאַקער ווי איר. המבדיל בין קודש לחול, חטאתינו... גוטמאַן, איר האַלט דאָך עפּעס היינט נישט קיין קאָפּ...

**א ר ט ו ר א** (איז ארייגעקומען אומבאמערקט פון די ביידע שאכשפי־לערס. ער קוקט א ווײלע אף זיי מיט חוזק. דעם לערער באַ־גריסט ער נישט, פונקט ווי ער וואָלט אים גאָרנישט באַמערקט, פאַרלייגט ער די הענט און רעדט ווי צו זיך אליין): — צוויי גרינגאָס האָבן זיך דאָ אנידערגעזעצט פלוידערן, צוויי ליידיק־גייערס. אנשטאט צו זען, אז דער קאָראל זאָל זיין ווי געהע־ריק פאַרמאַכט, פאַרלאָזט ער זיך אפן פעאָן, זיצט דאָס און און פאַרברענגט מיטן אנדערן גרינגאָ (צו דער מוטער): —ווער איז דער גרינגאָ?

**ב א ש ע** (דערשראָקן, אויפבליקענדיק פון איר געניי): — דאָס איז דער אידישער לערער.

**א ר ט ו ר א** (סאַרקאַסטיש): — אָ, דער לערער פון דער רעליגיעזער שו־לע! ביי אים האָט דאָס וויקטאָר אזא תכלית? (צום לערער):— מיין מיינונג איז, אז איר טוט דאָ אָן אומנוצלעכע ארבעט. מאַכט קאַליע דעם אקצענט פון די קינדער און לערנט זיי גרינגאָ־לידער. צו וואָס דאַרף מען דאָס?

(דער לערער שווייגט. די שוועסטער, נאָך זיי ערמיניא, קומען אָן פון דער קאָלאָניע־גאַס. ערמיניא זעצט זיך ביי א האַנט - ארבעט. ראיסא קוקט צו. עדא קלאַפּט אויס אף דער פיאַנע: „אָ, טו טענעס טאַמביען טו היסטאָריאַ"... ביי די לעצטע ווערטער פון זייער עלטערן ברודער פּאַטאַקעוועז אלע: — „דו האָסט רעכט, ארטוריטאָ, קאָמפּלעט רעכט".

**מ ש ה** (שטעלט זיך ראַפּטום אויף, גייט צו צום זון, האַרט אונטער דער נאָז, און ווענדעט זיך צו אים, פעסט און אנטשלאָסן):—וואָס כ'האָב דיר געוואָלט איצט זאָגן, ארטוראָ, ביי מיר הייסטו: אהרון, הער מיר אויף פון היינט אָן דאָ צו פּאַטראָנעווען. דאָ בין איך באַלעבאָס. פאַרשטאַנען? און א חוץ דעם בעט איך דיך נישט צו באַליידיקן מיינעם א פריינט.

**א ר ט ו ר א** (צוקט מיט די אקסלען, באַפעלעריש): — טשע, אלטער, מיר וועלן זען, ווער ס'איז דאָ מער פּאַטראָן, איך צי דו? דו

מענטש עס אביסל ווימן, אויב דו ווייסט עס נאך נישט, אז דו האסט בלויז א פארשוילדיקטן קאמפ. און איך האב דא צו זאגן, ווייל, דו ווייסט דאך... אלזא, קיין צוויי ווער־טער: פאטראן בין איך דא... סי, סעניאר!

מ ש ה (איז אינגאנצן בלאס, סטארעט זיך צו באהערשן, אבער ס'גע־לינגט אים נישט): — שווייג, בן מיינער, שווייג! האב אבי־סל דרך־ארץ פאר אן אלטן פאטער, ביזט שוין אלט גענוג דערצו. און געבילדעט אויך. אן אדוואקאט. דו ביזט באלע־באס, אמת, אפן גאנצן האב און גוטס מיינעם, נעם עס דיר! ירשע מיך ביים לעבן. דו ביזט פאטראן, אבער נישט אף מיין נשמה. הא, ס'געפעלט דיר נישט, אז דיין ברודערל וועט אויך קענען א אידיש ווארט? ס'וועט דיר איינריכטן דעם יחוס דיינעם? א פיינעם זון האב איך מיר דערצויגן! דער טאטע איז שולדיק! (דער לערער שארט זיך שטי־לינקע ארוים).

א ר ט ו ר א (וויל אויסדרייען דעם דישל און געבן דעם ענין א שפא־סיקע ווענדונג, קלאפט דעם פאטער גוטברודעריש אין פליי־צע): — טשע, אלטיטשקער, ביזט געווארן אינגאנצן היסטע־ריש. וואלסט דיך געמענט לאזן אונטערזוכן פון א דאקטאר. בא! לאמיר נישט ריידן פון פריערדיקן עסק... כ'האב מיך פארערדט. קאפשמערצן. ווייסט נישט ס'ענטרע ריאסער קלימאט פאר א רעגן?

מ ש ה (ווי פריער, אומבויגזאם): — האסט דיך בלויז פארערעט? ניין, בניאק, איצט שפאסן מיר נישט מער. יא, איך בין זיך אליין שולדיק. נישט קיינער. כ'האב אפגעלאזט די לייצעם פון דיר, מיין זינדל. כ'האב דיך נישט דערצויגן ווי ס'דארף צו זיין. כ'האב געזינדיקט: צו דערציען א זון א שונא ישראל, א ווילד־פרעמדן...

ב א ש ע : — אפשר וואלסטו שוין אויפהערן צו פלוידערן, זאלן שוין

דיינע שונאים ריידן פאַר דיר. קינדער, לאָמיר מאַכן וויע־טשערע (ערא מיט ראַיסאַן אַפּ).

מ ש ה (לייגט נישט קיין אַכט אױף אירע רייד): — כ'האָב פאַרנאַכלע־סיגט דיין נשמה (ווייזט אױף די פאָטאָגראַפיעס, וואָס הענגען אױף די ווענט): — ס'האָט מיר געטאָן אַ משונהדיקע הנאה, ווען ס'איז אָנגעקומען דאָס בילד, ווי דאָס זינדל איז אויסגע־פוצט פריציש, איז אַ גרויסער פאַרדינער, אַ מענטש מיט אַ דיפּלאָם, וועט נישט דאַרפן זיין קיין קאָלאָניסט...

ב אַ ש ע (אין גרויס פאַרצווייפלונג): — אוי ווי איז מיר, אַ צאָרן איז אויסגעגאָסן געוואָרן אױף אונז... אזא אלטער עובר ובטל!

מ ש ה :— פאַרברעך נישט די הענט, באַשע, האָסט מורא, אַז ר'וועט אויפהערן שיקן געלט, דער תכשיט? נו, נו, ס'וועט גאָר־נישט שאַטן... וועלן זיי נישט אַרומגיין אין זיידנס און אין סאַמעט; וועלן זיי נישט אַריינברענגען די פרעמדע טומאה אין שטוב אריין; וועלן זיי אפשר בלייבן פּשוטע, קאָלאָ־ניסטישע קינדער, קאָלאָניסטישע קינדער!

אַ ר ט ו ר אַ (ווענדט ווידער אָן דעם אויטאָריטעטן טאָן(: — איצט זע איך, אַלטער, אַז מיט דיר איז נישט צו שפּאַסן, מיט דיינע משוגענע שטיק וועסטו נאָך רואינירן דיין פאַמיליע. טאָ זאָל זיין! ס'טוט מיר שוין באַנג גענוג, וואָס ס'איז מיר איינגעפאַ־לן גראָד ביי אייך אָפּצורוען די פּאָר טעג. ס'איז אַן עבירה איבערצוטרעטן אייער שוועל. כ'האָב שוין לאַנג געזאָגט ער־מיניאַן, אַז מיר טוען בחינם זיך מקריב זיין פאַר די לייט. וואָס נאָך האָסטו צו זאָגן, אַלטער בעל־דרשן?

ע ר מ י נ י אַ (נאַאיוו, גוטמוטיק): — דיאָס מיאָ! וואָס קומט דאַ פאָר? פאַר וואָס ווערטלט איר אייך כסדר? אַרטוריטאָ, באַרואיק דיך דאָך!

ב אַ ש ע (וואָס איז אויסער זיך פון די פּאַסירונגען, באַרירט דער שניר און דעם זון דעליקאַט די פּלייצעס): — קומט, קינדער, קומט.

דער טיש איז שוין געדעקט. לאָמיר אים לאָזן אליין. דער אַלטער נאַר ווייסט נישט וואָס ער רעדט היינט. ר׳איז חסר־דעה געוואָרן...

מ ש ה (זעט אוים געפּאַסט אף אַלץ. דאָס פּנים איז באַדעקט מיט שווייס. די אויגן סטאַרטשען אַרוים. אַז באַשע וויל גיין אין צווייטן צימער, האַלט ער זי צוריק מיט אַ ברוטאַלער באַוועגונג): —בלייב, באַשע, בלייב, זאָג איך דיר! האַ, האַ, דאָס ביזטו, באַשע? גאַרנישט צו דערקענען. געוועזן אַ צאַנה־וראנה אידענע, געוועזן ביי אונז אַ אידישע שטוב, אמאָליקע צייטן האָבן זיך געלויכטן דורך אונזער שטיבלס פענסטער די שבת־דיקע ליכט... איצט ביזטו געוואָרן אַ חניפהדיקע, קרי־בערישע אידענע...

ב אַ ש ע (סאַרקאַסטיש): — ר׳ משה, אפשר ווילט איר, איך זאָל אָנ־טאָן אַ פּאַרוק, אָנהייבן גיין אין מקוה? ר׳משה, דאָ איז נישט ברינסק! ע, איז דאָס געוואָרן אַ נאַרישער משה אף דער עלטער... זעט נאָר ווי דאָס האָט זיך צערעדט, משוגע מייַנע שונאים...

ע ד אַ (קומט אַריין דורך דער קיכן־טיר: — מאַמאַ, זאָל מען שוין אויפ־געבן די וויעטשערע?

ב אַ ש ע: — וואַרט, וואַרט, ביז דיין פּאַפּעלע וועט אויסשיטן זיין זאַק רייד.

ע ד אַ (צערטלט זיך צום פּאָטער): — אָבער, פּאַפּאַ, העד דאָך שוין אויף! וואָס האָט ער דען געזאָגט, דער ליבער אַרטורינקאָ? ער האָט נישט געמיינט חלילה דיך צו באַליידיקן. ער איז דאָך אַזאַ גוטער, אַרטוראָ. נישט אמת, ברודערל?

ב אַ ש ע : — לאָז אים, דעם מענטשן! געפונען אַן אָרט צו וועמען צו ריידן...

מ ש ה (ווישט זיך דעם שטערן מיט אַ רויט טיכל, שפּינענדיק ווייטער דעם פּאָדעם פון זיינע אויפגעבראַוזטע געדאַנקען): — יאָ, יאָ,

באשע, מיין באגלייטערן... דו האָסט געמאַכט פון אונזער היים א פרעמדע. ס׳איז מיר געוואָרן קאַלט לעבן אייך. אויסגע־לײדיקט האָט איר מיין שטוב פון היימישער ווארימקייט. מרה־שחורה׳דיק פרעמדס האָט איר אריינגעבראַכט. איר זענט אַלע געזעסן אויף מיין נשמה און זי געזוויגן. דו, ארטוראָ, די טעכטער, די אונטערגעוואקסענע זין. איצט וואָלט איך וועלן צוריקקערן צום ריכטיקן לעבן. כ׳וויל ווידער האָבן א שבת, א יום טוב, ווייל א טרויער, און אומעט יאָגט אָן אייער כסדרדיקע וואָכעדיקייט, איר פארפרעמדטע...

(אפן פיאַנע באַמבלט מען די טענער פון „קארדא סוסיאָ, קארא סוסיא, טע אַלווידאסטע א לאוואר". דאָס קלאַפּט אויס ארטוראָ מיט איין פינ־גער צו פארטומלען דעם אלטן).

ארטוראָ (כיכיקעט): — דער אַלטער מאָנאַלאָגירט נישקשהדיק, פונקט ווי א הייזעריקער אַקטיאָר.

ערמיניא (באַליידיקט): — ארטוראָ! האַלט זיך צוריק! לאָז צורו דעם פּאַפּאַ!

באשע (איז אריין אין קיך און קומט צוריק מיט א פארבונדענעם קאָפּ): — אָ, כ׳על שוין ליגן עטלעכע טעג אין בעט א קראַנ־קע, איבער דעם אידל דאָרטן.

משה (ווי אָפּוועזנד, שפּינט ווייטער דעם פאָדעם פון זיין אינערלעכן רעוואָלט): — דו פארפרעמדטער, העזהדיקער זון, דו מיט דיין חוצפה, דיין שנאָה צו אונז, האָסט מיך צוריקגעבראַכט צום אמתן וועג. כ׳האָב ביז איצט געבלאָנדזשעט. בין געווען א מסוכהנער חולה... איצט בין איך א געהיילטער... (ארטוראָ שלייכט ארויס. הינטער דער טיר הערט מען פייפן די מעלאָ־דיע: „קארא סוסיא, קאדא סוסיא...") כ׳על זיך באמיען צו ראַ־טעווען פון מיין פלייש און בלוט, דאָס, וואָס כ׳על נאָר קענען, און דו (דראָעט צו דער טיר), זאָלסט נישט וואגן אונטער מיין דאַך צו באשמוצן דאָס, וואָס איז מיר הייליק! כ׳על נישט

דערלאָזן! (לאָזט זיך ראָפּ אַ דערשעפּטער אפן וויג־שטול).

אַ ר ט ו ר אָ (קומט צוריק, אַנטשלאָסן): — ערמיניא, כ'האָב געהייסן שפּאַנען. פּאַק איין די זאַכן. מיר פאָרן מיטן עלפער באַן. זאָל זיך וויקטאָר פאַרגרייטן. כ'נעם אים מיט.

ב אַ ש ע (רופט): — וויקטאָר! וויקטאָר! (דאָס יינגל שטעקט אַריין דעם קאָפּ): — זע נאָר, ווי דאָס איז ווידער שמוציק, ערשט נישט לאַנג איבערגעטאָן. טו דיך גוט אָרומוואַשן, עסט מיטפאָרן קיין בוענאָס איירעס.

ו י ק ט אָ ר (שטעלט זיך הינטער דעם פאָטער, ווי ער וואָלט ביי אים געזוכט שוץ): — פּאַפּאַ, פּאַפּיטאָ, מיט אים וויל איך נישט פאָרן. פּאַפּיטאָ, כ'וויל בלייבן ביי דיר... (וויינט).

אַ ר ט ו ר אָ : — אַלזאָ, ר'וויל נאָך נישט. דאַרף מען נישט...

מ ש ה (אויך אַנטשלאָסן): — דאָס קינד וועט בלייבן דאָ, ער פאָרט נישט מיט... (וויקטאָר קוקט מיט טרערן פון דאַנקבאַרקייט און ליבע צום פאָטער. אַרטוראָ מיט אַ מינע פון פאַראַכטונג. אַלע, אחוץ משהן, אָפּ.).

## פ אָ ר ה אַ נ ג .

# אידישע לערער

אין וואגאן הערשט א בין־השמשותדיקע טונקלקייט. די עטלעכע פאסאזשירן זיצן אנגעכמורעטע, דרימלענדיקע, א יעדער אין זיין ווינקל.

דער צוג טראגט זיך מיט אימפעט דורך דער נאכט, קייכנדיק און סאפענדיק. פון צייט צו צייט כאפט ער אפ אביסל דעם אטעם, ביי די פארשידענע סטאציעס, וועמעס נעמען זיינען קוים לעזבאר דורך די פארלאפענע פענסטער. דאס זיינען סטאציעלעך ווי שפייכלערס, פון נעקארבטן בלעך, פארוויכערטע לאמטערנעס, אפגעריבענע אויפשריפטן, פארשלאפענע באאמטע און טרעגער, וואס שטופן די וועגעלעך און שיבן די פעקלעך שלעפעריק און פלעגמאטיש צו דעם באגאזש-וואגאן.

דער פארשלאפענער באן־שעף, וואס האט אודאי אף א ווייליע פארלאזן דאס ווארעמע פארפאלק־בעט, איז צופרידן, וואס ענדלעך גייט ער זיך זיין וועג, דער צוג. דער לאקאמאטיוו לאזט ארויס אן אימהדיק־קלאגעדיקן פייפן און שניידט זיך איין מיט זיין בלענדנדיק אויג אין דער נאכטישער וועלט.

דער פאסאזשיר ליפמאן ציטערט אין זיין לייכט הארבסט־פאלטנדל. א קאלט שניידיק ווינטל רייסט זיך אריין דורך א האלב - אפן פענסטער און וויל אים דוקא פארקילן א זייט.

דער קאנדוקטאר מאכט שוין צום ווייפלטן מאל זיין בילעטן-רעוויזיע איבער די ליידיקע וואגאנעם. דאס ביסל פאסאזשירן זיינען זיך צעשפראכן אין א זייט־געזונט. יעדערס סטאציעלע נעמט צו איינעם.

געבליבן איז ליפמאן אליין אין אן אפטייל. עס זעט אויס, פונקט ווי אייביקייטן וואלט זיך דא אין ווינקל שוין געפונען אזא איינגעקנוילטער פאק, וואס עמעצער האט אים דא איבערגעלאזט, פארגעסן.

דער צוג טראָגט זיך דורך דער נאַכט און האַמערט אין קאָפּ אַריין מיט אַן איינטאָניק, נודנע קלאַפּן: טיך, טאַך! טיך־טאַך! טיך־טאַך! דידאָזיקע טיך־טאַכס צווינגען מיט אַן איבערנאַטירלעכער עקשנות רק זיך צוצוהערן צו זיי, לאָזן נישט אָפּ אַף אַ רגעלע, עַגבערן זיך איין אין מוח און דערלאָזן נישט בשום אופן אַ גאַנצן טראַכט טאָן; די טיך-טאַכס זיינען באַפעלעריש, הייסן נישט אַדורכהיפּן אַפילו דעם מינדסטען דעטייל פון די דאָזיקע מאַוימדיקע רעדער - און לאָקאָמאָטיוו־טענער.

ליפּמאַן דריקט צו דעם שטערן צו די נאַסע שויבן, שטרענגט אָן די אויגן עפּעס צו זען. זיינען דרויסן בלויז פּאַרמלאָזע שאָטענעס, איינגעהילט אין ווייסן רויך. דער צוג לויפט שלאַנגיש אין דער שוואַרצער נאַכט אַריין, און מיטן נודנעם טיך־טאַך באַהערשט ער אַלץ אַרום, איבערשרייט דעם שטורעם, וואָס וואָיעט איצט איבער די פּליינען, פאַרטומלט, פּריטשמעליעט דעם נידעריקן, בלאַסן ייִנגנמאַן, וואָס זיצט איינגעקאָרטשעט אין אַ ווינקעלע און וויל צונויפזאַמלען אויפס כוח די מוטנע מחשבות און אַ טראַכט טאָן פון דעם תכלית בכלל און פון דעם דאָזיקן טרייסלען בפרט.

אין בוזים - טאַש געפינען זיך רעקאָמענדאַציע - בריוו צו קליינשטעטלדיקע טוער. ליפּמאַן טאַפּט זיי אַלעמאָל, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, ער זאָל זיי נישט פאַרלירן.

די באַן שטעלט זיך אָפּ ערגעץ ביי אַ סטאַציע מיט אָפּצווייגן, פּאַרעט זיך אומענדלעך לאַנג אין דעם רעלסן-מישמאַש. אַ רחמנותדיק מעקען פון שאָף און אַ לאַנגטאָניק מרוקען פון סקאָט קומט פון ווייסגעקאַלעכטע וואַגאָנעס. — אויך זיי ווייסן נישט דעם ענדציל פון זייער נסיעה, פאַרפּלאָנטערט זיך ליפּמאַן אין זיינע מחשבות, בשעת די קייטן, שלעסער, האַטשיקעס פון די וואַגאָנעס קוויטשען, גרילצן זינלאָז, ביז מ׳סדרט זיי שוין דאָרטן אויס, נאָך אַ לאַנגן נודנעם איינגעגעסענעם אַרויף און אַראָפּ, הערט מען ווידער דעם אומעטיקן סיגנאַל און דעם טיך־טאַך דורך דער פאַרטאָגיקער גוססדיקער נאַכט, וואָס לייגט זיך אָן ווי אַ שווערע משא אַף דעם אויסגעמאַטערטן פּאַסאַזשיר אין ווינקל און טרייבט אים אַריין אין אַ מידן, מידן דרימל.

ווען דער פרימאָרגן קוקט אריין נעפּלדיק־גרוי דורך די פענסטער, זעט דער מענטש אויס אַזוי נעבעכדיק, בלאַס, כמעט ברמיננדיק. אין זיין פּאַלטאָ מיטן אויפגעשטעלטן קאָלנער מאַכט ער דעם איינדרוק ווי ער וואָלט מי יורדע ווי אַלט געווען, אַ לאַנג־איינגעבאַלזאַמירטע מומיע.

שוין זעט מען די לאַנדשאַפטן, דייטלעך שיילן זיך אויס לאַנקעס, אַל־פאַ־אַלפאַ פעלדער, פעלדער מיט טרוקענע מאַיס ־ שטעקענעס, שטיבלעך באַהאַלטענע צווישן פאַראַיסן, עקאַליפּטוסן, וואַסער־ווינט ־ מילן, וועלכע די אויפגייענדיקע זון פאַרבט גין־גאָלד.

ליפּמאַן ווישט אָפּ די פאַרלאָפענע שויב און קוקט מיט אַ גענעץ, אַזוי פאַר לאַנגווייליקייט, אויף די פרעמדע פעלדער באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ, צו די נידעריקע קוסטעס ־ וועלדלעך, און אים קומט פאָר אַלץ אַזוי איינטאָניק, אַזוי פרעמדאַרטיק. אַ באַגער צו שלאָפן, שלאָפן, און צו וויינען מיט אַן אומדערקלערבאַרער ייִנגלשער בענקשאַפט צו דער ערשט־נישט לאַנג פאַר־לאָזענער היים. דאָרט איז אַלץ שענער, שענער, וועלדער, סאָסנעס, טייכן האָבן אַן אייגענעם שטילן רייץ. און דאָ? — פרעגט ער זיך צוריק. נו יאָ. אַלטע ציוויליזאַציעס. דאָס איז דאָך ערשט אַן אָנהייב... — ווייל זיך אָנ־הויבן וועבן אַ פאַרשלאָפענער געדאַנק דורכן מידן קאָפּ.

אָבער באַלד טראַכט זיך פון די בריוו, וואָס ליגן אין דער בוזים־קעשענע, און פון דער סטאַציע מיטן שווערן נאָמען, וואָס איז אים שווער ריכ־טיק אויסצורעדן. אָטאָ באַלד וועט ער דאָך אָנקומען...

***

דעמראָזיקן געוויסן פרימאָרגן הויבט אָן ליפּמאַן, דער באַשיידענער אבסאָלווענט פון אידישן לערער־סעמינאַר אין ווילנע, זיין קאַריערע אַלס אידישער לערער אין דער קאָלאָניע, וואו ס'האָבן געפירט די רעקאָמענדאַ־ציע ־ בריוו.

***

ליפּמאַן איז אריין אין דער קאָלאָניע נומער צען מיטן לינקן פוס: באַלד פון ערשטן טאָג אָן האָט ער נישט נושא ־ חן געווען ביי די באַלעבאַ־טים. חיים ווישעגראָדסקי, וואָס האָט דער ערשטער געזען דעם לערער

אדורכגיין די קאָלאָניע - גאַס, האָט תיכף געזאָגט זיין מיינונג: — ע, ס'האָט אפילו נישט קיין אויסזען פון אַ לערער... חיים די „זשאַבע" האָט אפילו נישט געקאָנט דערקלערן, פאַרוואָס ער געפינט איין, אַז דער לערער איז קיין לערער גאָרנישט. פראָסט פשוט, ער געפעלט אים נישט, און ער וועט דאָ נישט לאַנג אָנהאַלטן און באַסטאַ!

אויך מיטן „פּרעזידענט" פון דער שולע האָט ער נישט געוואוסט ווי אַזוי צו רעדן, דער לערער: בשעת הערשל בארמאַן האָט אים גענומען אין דער אַרבעט אריין און אים געגעבן צו פאַרשטיין ווי אַזוי מען דאַרף אין אַזאַ קאָלאָניע לערנען קינדער: פון אַלעם צוביסלעך, אביסל אידיש, אביסל העברעאיש, אביסל סידור, האָט דער קליינטשיקער לערער אים אָפּגעענטפערט כמעט גראָב, אַז ווי אַזוי צו לערנען ווייסט ער שוין אליין, ווייל דערויף האָט ער זיך געלערנט. האָט עס אין דעם פּרעזידענט פון דער שול - קאָמיסיע געזאָטן. ער האָט דעם נייעם לערער געוואָלט זאָגן, אַז מען האָט האָט שוין געזען אַזעלכע קנאַקערס, אַז אַ גרינגער דאַרף זיך לאָזן לערנען, ווייל וואָס דאָרטן איז רעכט, איז דאָ גאָרנישט. אָבער דאָסמאָל האָט ער אים אָפּגעשוויגן. עס איז געווען אַן אויסרעכענונג דערביי. ביי בארמאַנען האָבן זיך אַרומגעדרייט צוויי איבערגעוואַקסענע טעכטער, ביי וועלכע ס'האָט זיך עפּעס נישט געמאַכט קיין שידוך, איז מאַ, אפשר וועט דער גרינער ביי אים איינע צונעמען.

ליפּמאַן האָט איבערגענומען אַ זייער דעזאָרגאַניזירטע שול. פון דיסציפּלין איז דאָרטן נישט געווען קיין רייד. די חברה האָבן געריטן אויף די בענק, געררעדט בעת די לעקציעס, געקרייט, געפּיפן, אַרויס, אריין אָן אַ דערלויבעניש, ווען ס'האָט זיי נאָר געגלוסט, געבראַכט שמוציקע העפטן, צעהוירעגטע ביכלעך, און פון דעם קלאַס - צימער האָבן זיך געטראָגן אַזעלכע קולות, אַז פאַרבייפאָרער האָבן זיך אָפּגעשטעלט פרעגן וואָס דאָ קומט פאָר.

כאָטש אַ נידעריטשעקער, כאָטש נישט קיין בייזער, איז ליפּמאַנען דאָך געלונגען צו באַהערשן די דאָזיקע קליינע ווילדע טומלדיקע וועלט. ער האָט

גענומען צוהילף זיין פעדאַגאָגיש וויסן, זיין סבלנות. אין משך פון עט־לעכע חדשים האָט ער דערוואָרבן דעם רעספעקט און ליבע פון די קינדער, וואָס האָבן מער נישט געליאַרעמט אין דער אנוועזנקייט פון זייער לערער, וועלכער איז געווען גאָר אַן אַנדערער ווי די ביז־איצט לאַנגווייליקע מלמדים, וואָס האָבן גענודיעט די קינדערישע מוחלעך מיט אומפאַרשטענד־לעכע פסוקים, מיטן נאָכזאָגן מעכאַניש דעם סידור, פון וועלכן זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען קיין וואָרט. די אידישע שולע איז פאַר זיי געווען אַן אַפּקומעניש, אַ מוטשעניש...

בעלי־בתים האָבן זיך געוואונדערט: די קינדער האָבן זיך אינגאַנצן גע־ענדערט, זיי לויפן מיט גרויס חשק אין שולע, ווייל ליפּמאַן האָט זיי דער־ציילט שיינע מעשהלעך, געזונגען מיט זיי לידעלעך, זיך מיט זיי געשפּילט; זיינען זיי געזעסן שטילינקע, געטאָן אַלץ וואָס דער לערער האָט געהייסן, געמאַכט די לעקציעס, געקומען אָנגעטאָן אין די ווייסע כאַלאַטלעך אין דער אידישער שולע און שוין געקענט איבערלייענען אידיש, שרייבן אָן פּע־לערן, און א סך פון דער אידישער געשיכטע.

צי ער האָט זיך נישט געמאַכט פאַרשטיין, צי ער האָט טאַקע נישט פאַרשטאַנען, דער נייער לערער, אַז ס'דאַרף עפּעס ווערן צווישן אים און איינע פון הערשל בארמאַנס איבערגעוואַקסענע טעכטער — ליפּמאַן האָט געטאָן פּונקט דאָס פאַרקערטע, וואָס אַן אָפּהענגיקער מענטש דאַרף טון: אנשטאָט צו זיין אַן אָפּטער אַריינגייער צו הערשלען דעם פּרעזידענט און אַרויסגיין איבער דער לאַנגער קאַלאָניע־גאַס שפּאַצירן מיט דער לאַנגער גנע־סיע, איז ער גאָר געגאַנגען צו לייבישל דעם רויטן, וואָס האָט אויך גע־האַט אַ טאָכטער, אָבער נישט אַזאַ קנאָכיקע, האַמעטנע און אויסגעצויגענע ווי א לאָקש ווי ס'איז געווען גנעסיע, נאָר גאָר אַ קליינס, אַ געשיקטס, אַ פריילעכס, אַ צוגעלאָזנס, מיט איין וואָרט א „פּעפּערל", וואָס הייסט פּערעלע.

איז אָבער די מעשה, וואָס לייבישל דער רויטער, איז א קבצן אַ קאַ־לאָניסט. צו דער אידישער שולע האָט ער קיין שום שייכות, נישט ער־צאָלט, נישט ער איז אין דער „קאָמיסיאָן". האָט דבורה אונטערגעהיצט

איך מאַן: — אַ העזה פון אַ גרינגעם... צו וואָס האָסטו אים אַראָפּגעבראַכט? אַן איידעם פאַר דעם רויטן?...

הערשלען האָט מען נישט באַדאַרפט אונטערהיצן. ער האָט סיי-ווי-סיי געהאַט אַ האַרץ אַפן לערער: ער לייגט זיך אין דער לענג און אין דער ברייט, ס'זאָל זיין אין נומער צען, אַ שולע, ווייל ער איז דאָך אַ טאַטע, און ס'איז שווער מיט די קינדער צו טון אַ שידוך. האָט ער געמיינט, כ'ווייס וואָס, ער וועט בעטן אַ לערער אַ בחור, און אפשר וועט עפּעס ווערן: הלמאי זלמן האָט אויסגעגעבן דריי טעכטער פאַר לערער, לעבן זיי זיך, ווער מיר גיטס גינט. צום סוף האָט ער גאָר פאַרזאָרגט לייביש דעם רויטן! ניין, פון דעם מעל וועט קיין ברויט נישט זיין. ער וועט שוין זען, אַז אַט דעם לערערוק זאָל הייס ווערן די ערד אונטער די פיס.

שבת אין שיל האָט ער תיכף געגעבן צו פאַרשטיין, אַז רעב חיים איז כ'לעבן געווען גערעכט, ווען ר'האָט איינגעזען, אַז דער לערער איז קיין לע-רער נישט. ערשטנס שמעקט ער קיינמאָל נישט אין שיל אריין: אַ לע-רער איז מחויב צו קומען אין שיל; צווייטנס, איז דעם לערערס לערנען ארויסגעוואָרפן: — וואָס טויג אונז דאָרטן זיינע לידלעך ־ שמידלעך, לאָז ער בעסער לערנען די קינדער אַ ברכה, אַ גוטע הפטורה... דאַביי האָט הערשל אָנגעהויבן אויסלויבן ביז אין טאָג אריין משולמן, ביי וועמען די קינדער האָבן טאַסע „אוספּעיעט". וואָרום נעמט אַ קינד פון משולמס תלמידים, צי וועט ער נישט אָפּזאָגן ווי אַ וואַסער די שווערסטע הפטורה; און ביי דעם לערערל איז בלויז לידלעך שמידלעך...

וואָלט ליפּמאַן זיך אביסל צוגעהערט צו די גערײדערייען פון דער קאָלאָניע, וואָלט ער פאַרשטאַנען, אַז ס'גייט דאָ נישט אַזוי ווייט וועגן דעם „פּראָגראַם", נאָר דער איינציקער חטא איז, וואָס ער דיסקוטירט צופיל מיט דעם „פּעפּערל", מיט דער פלינקער פּערעלע. אַז ווען ער וואָלט מער פאַר-בראַכט מיט דער דאַרער גנעסיען, וואָלט ער זיכער געווען דער בעסטער לערער.

האָט ער אָבער ביי אַ זיצונג פון דער קאָמיסיאָן גענומען היציק פאַר-טיידיקן זיין „פּראָגראַם", אַז פון דער פּעדאַגאָגישער זייט איז זיין אופן פון

לערנען דאָס בעסטע. א באַווייז, די קינדער זיינען דאָך אַזוי צופרידן פון אים, דאָס איז דער בעסטער סימן פון זיין דערפאָלג.

אף דער צונג קומט אים שוין דאָס הארבע וואָרט: עמי-הארצים! אָ, ער האָט זיי געוואָלט זאָגן זיין מיינונג, אז זיי זאָלן זיך נישט מישן אין אזעל־כע ענינים, פון וועלכע זיי פארשטייען גאָרנישט, פונקט ווי ער וואָלט נישט אריינגערעדט אין קאמפ ־ זאכן, נאָר ער האָט פארשוויגן, עס איז דאָך זיין ברויט. האָט ער צוגעזאָגט, אז ער וועט נאָכגעבן, וואָס זיי פארלאנגען. נאָר סיי־ווי־סיי האָט עס נישט געהאָלפן: די אינטריגעלעך האָבן נישט אויפגעהערט.

און אַזוי ווי ער האָט זיך נישט אזוי געאיילט צו האָבן „א וואָרט" מיט פּערעלען, ווייל בכלל האָט ער זיך נישט געוואָלט פארבינדן דער אָרי־מער ליפּמאַן; פון זיין געהאַלט האָט ער געמוזט אראָפּנעמען צוויי שווערס־טער און צוויי ברידער, — איז לייביש דער רויטער צו אים צוגעשטאַנען, אז ער וועט נישט דערלויבן גלאַט אזוי זיך ארומשלעפּן: דאָ איז נישט דאָרט. דאָ אז מ'גייט מיט א מיידל, מוז עס זיין אף עפּעס... אויב ער מיינט נישט ערנסט, טאָ זאָל א סוף נעמען דאָס טרעפּעניש און דאָס גערעדעניש...

האָט ליפּמאַן שוין פּשוט אויפגעהערט זיך ווייזן אין גאַס, און מיט דעם „פּעפּערל" אויפגעהערט צו ריידן. סיי־ווי־סיי איז דאָס באַטריבטע מיידל אָפּגעפאָרן קיין בועַנאָס איירעס, כדי זיך צו טרייסטן.

הערשל האָט זיך אָפּגעשאָקלט פון דער פּרעזידענץ פון דער שולע, דער ביודזשעט האָט אונטערגעהונקען און פון דער דירעקציע האָט מען ניט נעשיקט דעם געהאַלט.

***

דער אינספּעקטאָר פרעגט: — וואָס האָט איר צו ליפּמאַנען? די קאָ־לאָניע נומער צען האָט גאָרנישט צונם, נאָך ער געפעלט נישט די באַלעבאַ־טים. זיי ווילן מ'זאָל שיקן אַן אנדערן.

ליפּמאַן זעצט ווייטער פאָר זיין פּעדאַגאָגישע ארבעט מיט פליים. ער פאַריכט עוולות, וואָס שלעכטע לערער זיינען באַגאַנגען איבערן קינד, האָט ווייטער אויסצושטיין פארשידענע רכילותן, סיי מצד טאַטעס, סיי מצד קאָ־

טיסיאָנס - מיטגלידער, וואָס האָבן אים תמיד געוואָלט זאָגן אַ דעה ווי אַזוי ער זאָל לערנען. אָבער דאָס איז נישט געווען דער אויסערלעכער גרונט פון זיינע סכסוכים: עס זיינען תמיד געווען קליינלעכקייטן, אומבאַדייטנדיקע מניותן: איין טאַטן האָט ער אָפּגעגעבן צו ווייניק כבוד, אַ צווייטן האָט זיך געדוכטן, אַז דאָס קינד זיינס ווערט באַעוולהט אין דער שולע, אַ דריטער איז געווען צעקריגט מיטן שכן, דעם סעקרעטאַר פון דער שולע צוליב קי, וואָס קריכן, האָט ער אויסגעלאָזט זיין גאַנצן כעס צום לערער און צו דער אידישער שולע. און אין יעדער קאָלאָניע האָט נישט געפעלט דער ראָמאַנטישער מאָמענט, אין יעדער קאָלאָניע איז געווען עפּעס אַ פאַרזעסענע טאָכטער, וועמען מען האָט געוואָלט פאַרשלייערן דווקא מיטן נידעריטשקן לערער.

האָט דער ווילנער סעמינאַריסט אָנגעהויבן צו פאַרזוכן דעם ביטערן טעם פון דעם אידישן לערערס קאַמף אין אַרגענטינע. געווען אָבער אַ שטיקל עקשן, זיך נישט געוואָלט בויגן, נישט געוואָלט מוותר זיין אויף זיינע אָנשויאונגען אפילו אויף אַ האָר. ער האָט אָפּט געביטן די שטעלעס, געוואַנדערט איבער די אידישע ישובים פון דער פּראָווינץ און איבעראַל געוואָלט אויפנעמען אַ קאַמף קעגן עמי - הארצות, אַזוי האָט זיך אים אויסגעדוכטן. אָבער ס'איז גאָר געווען אַ נישטיקער, קליינלעכער קריג קעגן אומבאַדייטנדיקע רכילותלעך, וואָס האָבן גאָרנישט געהאַט צו טון מיטן עיקר. ליפּמאַן וואָלט געוואָלט, אַז די אַנדערע לערער זאָלן זיין אַזוי ווי ער, האָבן תמיד דעם מוט צו זאָגן דעם אמת אין די אויגן, כדי אַריינצוברענגען אַ דרך - ארץ - געפיל צום אידישן דערציער, און מיט געמיינזאַמע כוחות באַזייטיקן די ווילדע איגנאָראַנץ און ביטול־באַציאונג.

***

ס'איז אַ רעגנדיקער טאָג. די קינדער זיינען נישט געקומען אין דער שולע. גרינשטיין, דער לערער פון דער נאָענטסטער קאָלאָניע קאָן נישט איינזיצן אין דער היים. דאָס ווייב יאָדעט וועגן אַ תכלית: זיינע לאַנדסלייט, וואָס זיינען געקומען אין דיזעלבע יאָרן קיין אַרגענטינע, שטייען מיט גרויסע קלייטן אין סאַמע צענטער, גבירים אדירים, און דאָס זיצט אויף די גרייטע פּאָר פּעזעס, מ'שטיינס געזאָגט. וואָס וועט זיין דער סוף? און די

קינדער? און אז מ'גייט אפגעריסן, אפגעשליסן, און דאס איז אלץ א באַזוויז, אז גרינשטיין איז א שלימזל, א מלמד, וואס וועט שוין אזוי שטארבן א מלמד. אבער זי וועט זיך פריער א מעשה אנטון... אזוי פון דער פרי אן א יאדעניש. שפאנט ער, גרינשטיין, די סולקי און טאפטשעט די בלאַטע פון די זייטיקע וועגן, וואס פירן קיין נומער צען, דורכשמועסן זיך מיט אן אייגענעם מענטשן. דאביי האט ער אויך א באהאלטענע כוונה: אפשר לייען ביי ליפמאנען א פאר פעזעס, איר פארשטאפן דערווייל ס'מויל:— נא, קויף דארטן ס'ביסל שמאטעס, צוליב וועלכן דו הויבסט תמיד אן א מחלוקת...

ליפמאן דערפרייט זיך מיט גרינשטיינען אין אזא פאסקודנעם רעגנדיקן טאג, ווי מיט א גאר געהויבענעם גאסט, און זיי הויבן אן זייערע אומענדלעכע דיסקוסיעס, בשעת וועלכע זיי ריידן זיך אראפ פון הארץ. פארשטייט זיך, אז די טעמעס פון דער אונטערהאלטונג דרייען זיך ארום קולטור, ליטעראטור און דער עיקר לערעריי. אט א מין איינטענהן. ליפמאן גיט דעם טאן:

—ווייסט איר, פארוואס די עלטערן, די פארשידענע קאמיסיאנעס באציען זיך צו אונז מיט חוזק, ווייל די לערערס אליין ווייזן ארויס ווייניק זעלבסטווערט. א אידישער לערער גייט מיט אן אראפגעבויגענעם קאפ, ווי דער איד אין מיטלאלטער מיט דער געלער לאטע. מיר דארפן קעמפן פאר אונזער כבוד. מיר דארפן אפדעקן די מאסקעס פון די היפאקריטן. איך מיין די דאזיקע אידן, וואס שרייען בקול רם, אז זיי זיינען נאציאנאלע אידן און פארנאכלעסיקן דעם הויפט - פונדאמענט פון דער נאציע: די שולעס.

גרינשטיין שיסט אויס אין געלעכטער:

—איר זאלט מיר מוחל זיין, ליפמאן, איר רעדט דאך גאר ווי א נרינער. איר האט אייך נאך נישט אפגעטרייסלט פון אייערע דארטיקע סענטימענטן, האט נישט פאריבל. איך רעספעקטיר אייערע נאיווע, אידעאליסטישע געפילן. איר ווילט, מ'זאל מאכן א וועזן פון אונז? א לערער א אידישער איז לחלוטין אן איבעריקע זאך, א שמאטע, דא אין דער מדינה,

זאָל מען דעם שפּאַנישן לערער שטעלן אונטער זייער השגחה און מאַטעריע־לער אָפּהענגיקייט, וואָלט מען צום לערער פון דער שפּאַנישער שולע אויך געהאַט די זעלבע באַציאונג... אַזוי איז עפּעס אַנדערש: די שפּאַנישע שו־לע איז דאָך דער וועג צו דער קאַריערע, צום פּראַקטישן לעבן... אָבער אַ אידישער לערער, מיין טייערער, דאָס איז אַ בזיונדיק פּאַך. כּ׳לעבן, שוין בעסער אַ פּויסטן - שלעגער, אַ פּוטבאָליסט, אַ זשאָקיי, אַלץ אין דער וועלט, נאָר נישט קיין אידישער לערער. בררר!

דאָ איז גרינשטיין אריין אין זיין פּעסימיסטישן עקסטאַז און דאָס גאַנצע ביטערניש זיינס, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין פאַרלויף פון לאַנגע יאָרן פּרוכטלאָזער לערעריי, זיינע באַגראָבענע אידעאַלן, זיין מאַטעריעלע אומזיכערקייט, זיין דערשלאָגנקייט, זיין כסדרדיקע דערנידעריקונג, האָבן ביי די דאָזיקע אַלטע וויכוחים רעוואָלטירט, זיך אָפּגעריסן ווי וואַסער פאַר־שפּאַרטס דורך אַ גרעבליע. ער האָט נערוועאיש געריבן זיין צענטאָגיקע באָרד, געלאָפן אויף און אָפּ איבער ליפּמאַנס צימער ווי אַ פאַרשפּאַרטע חיה, נישט דערלאָזט זיין מיטשמועסער קומען צום וואָרט, גערעדט ווי צו אַ גרויס פּובליקום אויף אַ מאַסנפאַרזאַמלונג. זיין קול האָט געגרילצט:

—עס איז אַ דור פון שמאָלע שטערנס, באַשרענקטע מוחות, אַזאַ דור איז אויפגעשטאַנען. מיר זיינען אַ פאָלק פון עקסטרעמען, אָדער לויטער עם הספר, אַ פאָלק פון באַנק - קוועטשערס, קרומע רוקנס, אַ פאָלק פון ברילן מיט העמאָרידן, אָדער פלוצים אַ געוואַלטזאַמע רעאַקציע, ראַפּטום זיך איינגאַנצן דערווייטערט פון בוך, פאַרגאַשמיעט געוואָרן. שוין וואַקסט אונטער אַ געשלעכט פון שמאָלע שטערנס, גראָבע קאַרקן. און צווישן זיי בלאָנקען אַרום אַזעלכע נאַאיווע ווי איר און ווילן פאַרפלאַנצן שיינקייט, איידלקייט, עסטעטיק.

ער האָט פאַררויכערט אַ ציגאַרעטל, נישט געלאָזט קומען צום וואָרט ליפּמאַנען, וואָס איז ממש געווען אויסגעהונגערט צום ריידן: — חבר ליפּ־מאַן, איר וועט באַלד זאָגן אייערס, לאָזט נאָר ענדיקן. איך וויל אייך נאָר וויזן, אַז דאָס איז אַ סיזיפוס - אַרבעט, דאָס אַרומטראָגן זיך מיטן פּעקל וויסן און וועלן דאָס אָנבאָטן צו עמי־הארצים, וואָס האַסן אייך דערפאַר,

וואָס איר האָט זיי אַ טשייניק מיט לאַנגווייליקע זאַכן. שמאָלינסקע שטע־רנס, אידיאָטישע אויגן, כאַפּט זיי דער רוח! איך וויל נישט זיין קיינעמס לערער, קיינעמס דערציער. זאָלן זיי זיך אליין דערציען. מיין באָבעס דאגה! איך זאָג מיר, איר ווילט זיין זשלאָבעס און האָבן מוחות אָנגעפילט מיט קליאָטשע, מהיכי תיתי!

ליפּמאַן האָט פּראָטעסטירט: — איר אורטיילט צו שאַרף, גרינשטיין. איר זעט צו עקסטרעם, דערווייל האַלט עס נאָך נישט אַזוי ווייט מיטן עמי־הארצות. עס איז בכלל שעדלעך צו האָבן אַזאַ מין היסטערישן שטאַנד־פּונקט. מיר געבילדעטע מענטשן האָבן די אויפגאַבע מיט אַלע אונזערע כוחות צו מאַכן באַוואוסטזיניק דעם אומווויסנדיקן מענטשן, איבערהויפּט מיר, לערער, מיר מוזן זיין דער אַוואַנגאַרד, די קולטור־טרעגער, וואָס פאַרשפּרייטן ליכט צווישן פאָלק. דאָס איז אונזער מיסיע. מיר הויבן עס אָן פון דער שולע. מאַכן פון די קינדער גוטע, אָרנטלעכע מענטשן, גוטע מענטשן און גוטע אידן.

גרינשטיין האָט געטון אַ שטאַרקן קלאַפּ אין טיש אַריין. דאָ האָט ער שוין געהאַלטן אַ גאַליקע רעדע. אַ גליק, וואָס דער רעגן האָט גענומען קלאַ־פּן אין די בלעכן, אַז נישט וואָלטן שכנים צוזאַמענגעקומען אונטער די פענ־סטער, אַזוי געשריגן האָט ער:

—חבר׳ל ליפּמאַן, איר האָט נישט געפונען קיין בעסער מקום, וואו צו פאַרשפּרייטן בילדונג ווי אין אונזערע ארגענטינער ישובים? די וואָס איר ווילט באַלערן, ווילן אייך גאָר לערנען. איר מיינט, זיי ברויכן שולעס, בי־בער? ס׳ליגט זיי אין דער לינקער פּאה! זיי ברויכן דאָס אַלץ אויף כפּרות! געלט, פּאַשענען זיך די בייכער, קאַריערעס פאַר די קינדער, פוטבאָל, באָקס... בחינם האָט איר, ליפּמאַן, זיך דאָרטן געמוטשעט יאָרנלאַנג אין אייער באַ־רימטן סעמינאַר, יאָרנלאַנג נישט דערעסן, נישט דערשלאָפן, כדי צו ווע־רן אַ מורה בישראל. בחינם געלערנט פּעדאַגאָגיק, פּסיכאָלאָגיע, לאָגיק, עטיק, פילאָזאָפיע. אייער „פּרעזידענט" ברויך דאָס אַלץ אויף טויזנט כפּרות. ער וואָלט נישט געהאַט דאַקעגן, איר זאָלט זיין אַ דרדקי־מלמד מיט אַ גלאַנציקן ביינערנעם טייטל און געלע פינגער פון טאַבעקע, און דער עיקר

שטארבן עטלעכע מאָל א טאָג פאר הונגער. צו וואָס דאַרף אזא מלמד האָבן פונוואנען צו לעבן? רעב שמעלקע מיטן דיקן בויך דיקטירט: איר לער־נט מיר דאָס און יענץ; איר טוט דאָס, וואָס איך וויל; איך דאַרף פּאַרן שבת אין באנק, טאָ זאָלט איר, לערערוק, זיין אין שיל, ביים מנין. איר הימ־זאָפּ שבת, איך וועל שבת אָבער אָפּעסן... דערלויבט אויסצוטון דעם קראַגן. ס'איז מיר עפּעס אזוי היים געוואָרן.

—געוויס, מאכט אייך באקוועם. אפשר וועלן מיר אָנצינדן דעם פּרי־מוס, טרינקען א מאטע, אָדער ווילט איר מאכן א ציגאַרעטל פון מיין טאַבעק, לייכטער טאבעק. גרינשטיין, כ'מוז אייך נאָכאמאָל איבערחזרן, אז איר זעט מיר צו שווארץ די אַלע ענינים. מיט אזא פּעסימיזם וועט איר גאָרנישט דערגרייכן. מ'טאָר זיך נישט ארומטראָגן מיט אזא צעשטערעדי־שן פּעסימיזם. איך גלויב, אז מען קען א מענטשן איבעראנדערשן מיטן כוח פון אַן עטישער דערציאונג. ווען מ'האמערט עמעצן אריין כסדר אמתן, מוז מען זיך נישט ווילנדיק אָפּשטעלן און פארטראכטן. פאר מיר, פריינט, איז די שולע די גרעסטע סאטיספאקציע אין מיין לעבן, מיין לעבנסציל. די קינדער זיינען כחומר ביד היוצר, איך פאַרמיר זיי לויט מיין ווילן. נישט פאראנען קיין גרעסערע פרייד ווי ווען א פּאָר קינדערישע אויגן קוקן זיך איין אין דיר מיט ליבשאפט, ווי נאָר קינדערה קענען ליב האָבן און גלויבן דיר הארציק און זיינען דיר דאנקבאר פאר דעם נייעם אומבאקאנטן, וואָס דו ברענגסט זיי. מיינע ווערטער זיינען א זריעה אף א פרוכטבארן באָדן. איך פאַרמיר דעם צוקונפטיקן גוטן מענטשן און גוטן אידן...

גרינשטיין האָט פאַרוויקלט א פרישן ציגאַרעטל פון זיין חברס טאבעק. ס'פּנים זיינס האָט זיך פארצויגן מיט א מעפיסטאָפעליש שמייכעלע. ער ער האָט ווידער געשפּרייזט אויף און אָפּ איבער ליפּמאַנס צימער. די צענ־טאַגיקע נישט געראַזירטע באָרד האָט געשימערט אביסל גרוילעך, די ספּינ־סע האָט נאָכגעבאָמבלט ביים קנאָפּיקן האַלז. ליפּמאַנס לעצטע פּאַטאָס־רייד האָבן ארויסגערופן ביי אים א פרישן שטראָם פון בייזע היציקע דיבו־רים. ער האָט געפיבערט ליפּמאַנען אין די אויערן אריין מיט א כמעט שוין הייזעריקלעכער שטימע:

—נאאיווו מענטשל, וואָס איר זענט! צו אייער נאאיוויטעט איז דאָך גאָר קיין גרענעץ נישט פאראַן... איר לעבט במחילה אין א ביטערן טעות. איר רעדט אייך איין ווענגן פאַרמירן א נייעם דור, ווען דאָס דאָזיקע אומשולדיקע קינדל קומט אהיים און הערט ווי טאַטע - מאַמע ריידן מיט ביטול וועגן דעם שלימזלדיקן לערערל, איז אוים מיט אייער עטישער דערציאונג. אָ, איך האָב שוין אויפגעגעסן מיינע ציין ביי דעם דאָזיקן ברויט. כ'בין אויך געוועזן אזא פייערדיק אידעאַליסטל ווי איר, וואָס קוקט מיט פאַרחלומטע אויגן אַף אונזער לעבן, פאַרליבט אין הויכע פראַזן. כ'ווייס אויך, וואָס עס ווערט פון די אַלע שול-קינדערלעך, די אומשולדיקע מיט די אָפענע אויגעלעך. זיי פאַרגעסן גיך די תורה, וואַקסן אונטער אומוויסנדיקע, אָדער קאַריעריסטן, פּראָפעסיאָנאַלן, וואָס זיינען אויך אומוויסנדיקע שאָף. די אויסנאַמען קען מען אויסציילן אַף די פינגער פון איין האַנט. איך האָב שוין אוספּעיעט צו נען די פרוכט, די ביטערע פרוכט פון די זאָמענדלעך, וואָס כ'האָב פאַרזייט. אכצן יאָר לערער אין ארגענטינע!

אינדרויסן האָט די זון אָנגעהויבן אדורכקוקן דורך די שווערע כמאַרעס. זי האָט געשטאָכן מיט אירע הייסע פאַרנע שטראַלן. עס האָט זיך איינגעשטעלט א רעגנדיקער ווינטער אין ענטרע ריאָס. די וועלט וועט ווערן אָפּגעשלאָסן, א געפענגעניש. מ'וועט נישט קענען אריין און ארויס; די וועגן וועלן זיין בלאָטיק, און אַף דער נשמה וועט אויך זיין בלאָטיק. גרינשטיין ווייסט, עס וועט זיין א צייט פון סידער-ווידער צווישן אים און זיין פלוניתטע: מ'וועט זיצן כסדר אין שטוב און זיך גריזשען, און זיך ארייננזאָגן אמתן.

איז אים שטאַרק אָנגעזאָליעט אפן הארצן. איינמאָל פאַר אלעמאָל האָט ער דעם גרינעם קאָלעגע זיינעם געמוזט אָפּגעוואוינען פון זיין נארישן אָפּטימיזם. ער האָט זיך אָפּגעווישט דעם שטערן מיטן טיכל און ווייטער געצויגן זיין רעזיגנירט מענה - לשון:

—אכצן יאָר לערער, פאַראַן א סך צו דערציילן. איך האָב אויך נעוואָלט פון סאַמע אָנהייב אויפטאָן אין מיין שולע. כ'בין שוין גרוי און אַלט

געוואָרן דאביי. כ'האָב שוין באוויזן צו האָבן „נחת" פון מיינע שול־קינ־דערלעך. ס'רוב פון זיי קאָנען נישט נעמען אַ אידישע צייטונג אין דער האַנט אריין, שטאמלען אידיש און זיינען פול מיט גרויס שטאָלץ אף דעם אומוויסן. עס איז אויפגעשטאַנען, חבר, אַ דור אָן אביסל אומרו אין האַר־צן. איך קאָן בטבע נישט ליידן אַ שטיל גלאַטיק וואַסער. אַ וואַסער מוז אַ ביסל זיך באַוועגן, פליסן, כאָטש אביסל, נישט אַזוי עקלדיק גלאַטיק. מיר זיינען געווען שטורמישע וואַסערן. אָ, שרעקלעך איז זיך צוצוקוקן צו די גלאַט פאַרקעמטע זעלבסטצופרידענע יינגעלייטלעך, וואָס לאַכן אַזוי מגושמדיק און דערציילן דיר אַוואַנטורעלעך. די מיידלעך, דיינע שי־לערינס, וואָס האָבן דיר אַזוי ערלעך געקוקט אין די אויגן, ווען דו האָסט אין זיי איינגעפלאַנצט דיין עטישע אידישע דערציאונג, שעמען זיך איצט מיט דיינע פרינציפּן, מיט דיין אידיש און פלירטעווען, און זיינען אַזוי פּוסט. איר פאַרשטייט מיך צי נישט? ס'גלוסט זיך אָפט צו־צוגיין צו איינעם פון דער חברה, זיי אויפטרייסלען מיטן גאַנצן כוח, זיי אריינשרייען אין די אויערן: העי, יונגאַטשעס, וואָס זייט איר אַזוי צופרידן, כסדר אַזוי צופרידן פון זיך? אף דער וועלט איז דאָך עפּעס אַנדערש נאָך פאַראַנען ווי אייערע שמוציקע אַוואַנטורעלעך! העי, יונגאַטשעס, פאַר־טראַכט אייך אביסל! זאָלן קנייטשן רונצלען אייערע שטערנס.

גרינשטיין האָט זיך ווידער אַנידערגעזעצט, אויפגעשטאַנען, געלאָפן ווי אַ דולער, אויף און אָפּ איבער דער ליידיקער בחורשער שטוב. ער איז געווען ווי אַ זודיקער טאָפּ וואַסער, פון וועלכן מ'האָט פלוצים אראָפּגענו־מען דעם שטאַרץ, אַזוי האָט עס איבערגעשוימט ביי אים.

דער יאָרנלאַנג אקומולירטער כעס פון דעם אידישן לערערס גייסטי־קע מאַטעריעלע נויטן און בזיונות, האָט אַרויסגעשריגן פון זיינע היסטערי־שע רייד. ער האָט זיך אראָפּגערעדט פון הארצן, מתרעם געווען אף זיין גורל. זיינע כוחות האָבן שוין נישט געסטאַיעט אף קאָמף. ער איז געווען אַן אויסגעשעפּטער, אַן אַנטוישטער פון בזיונותדיקן ברויט. ער וואָלט, ווי אַ סך אַנדערע פון זיינע געוועזענע חברים, געשפּיגן אף דער לערעריי, גע־לאָפן אין שטאָט אריין, געעפנט אַ פּענסיאָן, אַ קלייטל, געמסחרט, געהאַנ־

דלט, געוואַנדלט. ער האָט אָבער קיינמאָל נישט אָפּגעשפּאָרט גאָר נישט, ס'האָט אים תמיד צוגעפּעלט עפּעס צום חודש, און דערצו האָט ער נישט געהאַט קיין פּיצל קוראַזש צו עפּעס אַנדערש, פּשוט מורא געהאַט, אַז ער וועט נישט טויגן צו קיינער פון די שטאָטישע מלאכות. האָט ער כסדר אָפּגעלייגט דעם באַשלוס: אוועקצוגיין.

און דערווייל איז ער געבליבן ביי זיין פאַך, געווען אַן אונטער־טעניקער, תמיד געזאָגט יאָ אויף אַלץ, וואָס די בעלי בתים האָבן געהייסן. די גאַנצע לערעריי איז ביי אים געווען בעל־כרחו, ווי עפּעס א בייזער גייסט וואָלט אים גענויט דערצו, האָט ער שטענדיק געחלומט פון א נס, וואָס וועט אים אויסלייזן פון דעם קנעלן, וואָס ער האָט פיינט געהאַט בתכלית־השנאה. אין זיין פאַרפּעצטן בייטעלע איז תמיד געלעגן א לאָטעריע־צעטע־לע, און בעת דעם ציאונגס - טאָג האָט ער געלעבט ווי אין קדחת: אָ, ווען ער געווינט, וואָלט ער דאָך מיטאַמאָל געוואָרן באַפרייט פון דעם פאַרהאַסטן באַרוף. און עס איז געוואָרן ביי אים אַזאַ מאַניע צו שפּאָטן פון די לערער, פון יעדער סאָרט קולטור - אַרבעט. דעריבער האָט ער נאָכגעפאָלגט מיט א בייסיקער איראָניע די טעטיקייט פון דעם לערער ליפּמאַן, וואָס האָט נאָך געהאַט אין זיך פרישע גייסטיקע רעזערוון און איז נאָך נישט געווען צע־פרעסן פון יאוש, פון ספיקות, ווי ער, דער דורכגעפאַלענער, דער אַנטוישטער. ער האָט געחוזקט פון ליפּמאַנען, וואָס האָט מיט א כסדר - אָנהאַלטנדיקן ברען געגרינדעט אין די קאָלאָניעס און שטעטלעך, וואו ער האָט אקטואירט אַלס לערער, קולטור - פאַראיינען פאַר דער יוגנט, און געהאַלטן שבת־איין, שבת אויס רעפעראַטן, פאָרלעזונגען. פלעגט דערויף גרינשטיין צוכיכיקען מיט זיין שיטער געלעכטערל: — ס'וועט אים שוין צוגעגעסן ווערן, ווען ער וועט זיך אַליין איבערצייגן, אַז מ'האָט א קנאַפּן אינטערעס פאַר דער קול־טור - שמולטור זיינער. אך איז דאָס א בטלן!

—האָסט געזען מיט סאַרא אָקסישע אויגן די יוגנט האָט דיך אָנגעקוקט היינט בשעת דיין רעפעראַט וועגן ביאַליקן? — האָט ער ביי אים איינמאָל א פרעג געטון נאָך א רעפעראַט, וואָס ליפּמאַן האָט געגעבן איבער דעם

דיכטער, בשעת יענער איז געווען האלב - הייזעריש פון די דעקלאַמאַציעס פון ביאַליקס שירים.

ווירקלעך האָט ער עס, ליידער צום ערשטן מאָל באַמערקט, בעת ער האָט געלייענט פון ביאַליקס אימפּעטפּולע לידער פון צער און צאָרן, האָט אים אַ בחורעץ נאָכגעקרוטמט, ווי ער היצט זיך ביי די שטאַרקסטע שטעלן. גרינשטיין האָט מיט נצחון געקלאַפּט דעם רעפּערענט אויף די פּלייצעס:

—פונדעסטוועגן, וואָלסטו שוין באַדאַרפט וויסן, חבר, אז דער עיקר איז ביי דיין יוגנט דאָס טענצל, שוין צייט, אז זאָלסט עס וויסן: דיין ליטע־ראַטור לאַנגווייליקט זיי שרעקלעך. איז פּאַר זיי אַן אַפּקומעניש...

ליפּמאַן האָט זיך נישט געוואָלט איינפּאַרשטיין מיט גרינשטיינס אַרויסגעזאָגטע ביטערע אמתן. ביי אים איז עס געוואָרן אַן אידעע־פיקס צו באַאיינפלוסן די אידישע יוגנט. סע זאָל ווערן עפּעס פּרייליכער אין די קאָלאָניעס. ער איז געווען איבערצייגט, אז ער וואָלט אַ סך דערגרייכט אין דער הינזיכט, ווען ער זאָל האָבן מיט זיך נאָך עטלעכע אזעלכע דינאַ־מישע מענטשן ווי ער אליין.

באַלד ווי ער איז נאָר אָנגעקומען אין דער קאָלאָניע, האָט ער זיך גע־פרעגט צום וויפלטסטן מאָל, פאַרוואָס זיינען דאָ די מענטשן ווי אָקסן איינ־געשפּאַנטע אין יאָך, אַזעלכע שווייגעוודיקע? פאַרוואָס לאַכט מען דאָ נים? פאַרוואָס צעזינגט מען זיך נישט? האָבן די מענטשן דאָ גאָר קיין מעלאָדיע? דאָרטן, אין דער אַלטער היים איז דאָך אויך פאַראַן דאגות פּרנסה, שווע־רער, דערדריקנדיקער ווי דאָ, צעזינגט זיך דער שוסטער־יינג מיט דער נאָל אין דער האַנט, דער שניידער פּירט דאָס פּרעסל, באַגלייט מיט אַ חזנישער, די נאָס זינגט, עס זינגט דאָס דינסט - מיידל, דער קאָוואַל ביי דער קאָ־וואַדלע, עס זינגט דער בעקער... און דאָ, שטומע ציינגער, קיין ליד! אפילו אין רחבותדיקן פעלד דערקלינגט קיין ליד פון אַקערבויערס מויל, תמיד— די גרויע מאָנאָטאָנקייט. נישטאָ די גרויסע לייטער־וואָגנס געפּאַקט מיט גאַרבן שניט-צייט, נישטאָ די פרייליכע אהיימסערנדיקע שניטער, וואָס זינ־גען... דאָ שניידט אַדורך די לופט אַן איינזאַם, איינטאָניק געקלאַפּערייי

פון די שניט - מאשינען, און די שניטערס זיינען טויט - ערנסט, פארכמאַ־רעט, פונקט ווי זיי וואָלטן אָן עגלה באַגלייט...

זיינען דאָ דאָך די הימלען אַזעלכע בלויע, די רחבותדיקייטן אַזעלכע אין־סופדיקע... וואו איז אהינגעקומען די לעבנס־פרייד, די חדוה, דאָס געזאַנג פון מענטשן? פאַרוואָס גייט דאָ יעדער אַרום ווי אָנגעברוגזט אויף־איינאַנדער, אַזעלכע מרה - שחורה'ניקעס?

עפּעס האָט אָנגעווייט אַן עצבות, אַ טויט - ערנסטקייט פון דעם אַרום. ליפּמאַן, אַליין אַ יוגנטלעכער, פלעגט גיין אויף די בעלער, וואו ס'קומט צום אויסדרוק זייער גרעסטע פרייד, און דאָרטן — סאַראַ גרויסע איינטאָניקע מאַסע! וועט זיך נישט געפינען קיינער, וואָס זאָל זיך אַרויסכאַפּן מיט אַן אַנדערן טאַנץ, וואָס איז דאָ נישט איינגעפירט; קיינער וואָס זאָל פּרואוון אויף אייגענער איניציאַטיווע אַריינברענגען אַ לעבעדיקע שטימונג אין זאָל אַריין. פּונקט ווי אויטאָמאַטן. הערט די מוזיק אויף, שטייען זיי געבעב־דיק, הילפלאָז. און דער יינגער לערער פון ווילנע, וואָס איז אויפגעוואַקסן אין אַן אַנדער סביבה, האָט זיך בסדר געשטעלט די פראַגע: פאַרוואָס איז די יוגנט דאָ אַזאַ פלעגמאַטישע? וואו איז דער יוגנטלעכער פייער זייערער? וואו זיינען זייערע אידעאַלן, זייערע שטרעבונגען?

מ'מוז דאָ איבעראַנדערש, בכל האופנים, ס'קאָן דאָך אַזוי נישט בלייבן, אַז אַ יוגנט זאָל זיין אַזאַ אויבערפלעכלעכע, זאָל פון גאָרנישט וועלן וויסן, נישט פון דער וועלט, נישט פון אייגענעם פאָלק, פון זייערע ליידן און פריידן, נישט וועלן וויסן פון דעם געראַנגל פון דער מענטשהייט פאַר אַ בעסערן מאָרגן. זאָל ביי יינגע מענטשן דער איינציקער אינהאַלט אין לע־בן באַשטיין פון טאַנגעלעך, קאָרטן, פוטבאָל, פויסטן - קאַמף, פערדלעך, און קאַריערע? ניין! אַזוי קאָן עס נישט בלייבן, אַזוי וועט עס נישט בליי־בן! מ'מוז זיי אָוועקרייסן פון דעם!

און ער האָט זיי אָוועקגעשענקט זיין פרייע צייט, זיין געדולד, גע־האַלטן פאָרלעזונגען, רעפעראַטן, געפירט דיסקוסיעס, פשוט אָוועקגעלייגט כוחות, און סוף - כל - סוף זיך געמוזט איבערצייגן, אַז זיין אַרבעט איז אַן אַרויסגעוואָרפענע. אַז פאַר אים געפינט זיך אַ פאַרבלאָזע, סטאַגנירטע מאַ־

סע. אין די ישובים, וואו ער איז געווען טעטיק, איז זיין קולטור - ארבעט געוואָרן אן אָביעקט פון פארשידענע רכילותלעך צווישן די פארוואַלטונגען, סיבות פאר פארטיי - אינטריגעס. מ'האָט פארגעסן אין עיקר און אין דער וויכטיקייט צו לייטן די יוגנט אפן ריכטיקן וועג, צו בילדן א נייעם דור מיט א געווייסן גייסטיקן פרצוף. ליפמאַנען האָט מען אויך געוואָלט מיט געוואַלט אריינציען אין די קליינלעכע אינטריגעס, און מ'פלעגט ווערן ברוגז, אז ער האָט זיך געוואָלט האַלטן פונדערווייטנס פון זייערע פארשידע-נע קאָמבינאַציעס... האָט מען אים מאַראַליש און מאַטעריעל גערודפט. א לערער, וועלכן קהל האַלט אויס, טאָר נישט האָבן קיין אייגענע מיינונג...

***

זיינען אָנגעקומען ביטערע יאָרן פאַרן קאָלאָניסט: די „זיבן יאָר" פון דער מכת היישעריק, און אחוצדעם האָבן די פראָדוקטן קיין שום ווערט גע-האַט, כאָטש נעם און וואַרף זיי ארויס. איז גלאַט געוואָרן שטיל אין די קאָלאָניעס... די געזעלשאַפט, וואָס פלעגט סובסידירן די קאָלאָניסטישע שולעס, האָט עס אויפגעהערט צו טון. האָבן די אַזוי אויך אונטערגעמינע-וועטע פונדאַמענטן פון די אידישע שולעס פלוצלינג אָנגעהויבן צו וואַקלען. אין דער עת - צרה האָט מען צוערשט אריינגעוואָרפן אין ים אריין די דער-ציאונגס - אנשטאַלטן. ס'רוב האָבן זיך פאַרמאַכט; די איבערגעבליבענע האָבן זיך אויסגעהאַלטן אף הינערישע פיסלעך... זיינען זיך די לערער, צום גרעסטן טייל, צעלאָפן פון דעם אומדאַנקבאַרן ברויט. מען האָט זיך גע-נומען צו וואָס מ'האָט זיך נאָר געקענט דערשלאָגן. גרינשטיין האָט ער-געצוואו באַקומען א סולקי מיט א פערד און אָנגעהויבן ארומפאָרן איבער די קאָלאָניעס אויפקויפן אייער און עופות, און אז ער פלעגט טרעפן א באַ-קאַנטן, האָט ער אים געגעבן צו פארשטיין—איצטער בין איך נישט זייער משרת... כ'פארדין מיינע פאָר סענט, מיט ווייניקער עגמת - נפש, מיט ווייניקער בזיונות...

ליפמאַן איז געבליבן שטעקן ערגעצוואו אין א ווייטער קאָלאָניע אף האַלבע שכירות, וואָס די שול - פאַרוואַלטונג האָט זי קוים מיט צרות צונויפ-געשטיקעוועט; יעדן חודש איז ער געווען גרייט צו פאַקן זיך אין וועג אריין.

געוואָרן אַ שטילער, אַ צוריקגעצויגענער; פאַר די איבעריקע פאַר סענ־טן זיך איינגעקוויפט ביכער; נאָכן אָפּלערנען מיטן ביסל קינדער, פלעגט ער זיך צוריקציען אין זיין צימערל און זיך פארגעסן אין די פרעמדע זעלטן־שיינע פארכשופטע וועלטן פון געדאנק. עס איז אים אלציינס וואָכן־לאַנג זיך אפילו נישט אַרומצוגאָלן...

טרעפט ער אַן אח - לצרה, רעדט ער גרינשטיינס גאַליקע רייד...

# אויף דער עלטער

פארן שטיבל שטייען צוויי אלטע פאראיסן, פארדעקן זיי די גאנצע ארימקייט זיינע. זעט מען נישט ארויס די אפגעפאלענע שטיקער פון דער שטוקאטורקע, נישט די בייכיקייט פון דער ווינט־מויער, נישט די מיט בלעך, ברעטלעך און שמאטעס ־ פארדעקטע פענסטער־שייבלעך, אנשטאט גלאז, נישט דעם גאנצן שמוץ און שמאדער פון א אפגעלאזטער באלעבאטישקייט.

די פאסטן פון דער קינטע, וואו די הייזקע געפינט זיך, זיינען באדעקט מיט מאך, פון פראך צעפאלן, פון ווערים צענאגט, און די דראטן פון ראסט אדורכגענומען, זיינען לויז.

איז דאס שטיקל ערד ארום דעם צעפאלענעם שטיבל א רשות הרבים. קריבערישע קי, פערד פון ראנטשעראס, אפגעקראכענע, מאגערע, מיט זייערע שפיציקע מארדעס, באנוצן זיך מיט דער אנבאלעבאסדיקער לאנקע, כדי א ציפ צו טון פון צארטע ראנד־גרעזלעך, כדי זוכה צו זיין פון הפקר.

שטיל איז ארום דער רואינע-הייזקע. מ'הערט קיין בילן פון קיין הונט אפילו. לאנג מוז מען פאטשען מיט די הענט, ביז ס'קומט עמיץ ארויס.

אז מען איז שוין מיד פון קלאפן אין די דלאגיעס און מען האט בדעה אוועקצוגיין, עפנט זיך עפעס א פענסטער אדער א טיר, און ס'באווייזט זיך אין ווייכע לאטשען און אין אפגעבליאקעוועט אלפאקענעם רעקל דער אלטער הויכער פייוול. מיט א קול פון א קרייענדיקן האן פרעגט דער אש־גרויער איד, מיט א געמאכטן געבייזער: — וואס ווילט איר?

גארנישט, קיין גוטן טאג, קיין גוט! אוונט, קיין בעטן ווייטער, נאר אן אנגעברויגעזטן „וואס ווילט איר?" און „גייט אייך פונוואנען איר זענט געקומען...

א גליק אבער, וואס תיכף דערזעט מען דורך אן אנדער פענסטערל דעם טויב־גרויען מאגערן קאפ פון דער אלטער נעכע, פייוולס אידענע, וואס לאזט נישט טרייבן קיין מענטשן. אדרבא.

זי וואַרפט אף דעם גאַסט, דעם שכן ר׳ זעליק, א צערטליכן כמעט מוטערלעכן בליק, און קייכט מיט איר אנציייניקן מויל צו איר אלטן:—

—„איי, איי, פייוול, פייוול, אלטער נאר, וואס לאזסטו שטיין א מענטש אינדרויסן? קומט אריין, מיין פייוול איז שוין גאר עובר־בטל, האט נישט קיין שכל אופצונעמען קיין מענטשן, איי, איי, צו וואס כ׳האב דערלעבט...

דער גאַסט גייט אדורך דעם מיט הינער־מיסט פולן קארידאר, און פאלגט נאך דער אלטיטשקער אין שטוב אריין.

אין לאנגן טונקעלן צימער מיטן ערדענעם פאל הענגען אראפ די צווי־טן פון דער צעריסענער זאק־סטעליע. אין פאליש פון באק־אויוון שטייט אף א ראסטל פון הארטער דראט א פארויבערטער טשייניק, א פייער פון מאים־קאטשענעם. נעכע בעט זיצן דעם שכן אף א קיילעכיק בענקל לעבן דעם לאנגן פון שארען און רייבן גריבלדיקן טיש.

פון גרויסן פארריסטן טשייניק גיסט די באלעבאסטע איבער וואַרים וואסער אין א קליין טשייניקל און איז מכבד מיט א ביטערער מאטע.

דער אלטער פייוול פארקלייבט זיך אין א ווינקל, זאטלט אן די ברילן, ברילן, הם: איין גלעזל צעשפאלטן, און איין האלאבליע פארבינדן מיט א שטריקל, קוקט פייוול אריבער די ברילן און פארטיפט זיך אין א פאר־געלבטע און פארפעצטע צייטונג.

דער גאַסט וויל זאגן, אז אייגנטליך איז ער נישט געקומען טרינקען מאטע, נאר אזוי, הייסט עס, וועגן א געשעפט... דאס געשעפט איז, הייסט עס אזא:! אזוי ווי זיין קינטע איז נאענט פון ר׳ פייוולס קינטע, און אזוי, הייסט עס, ער, זעליק האט א גרויסן „רעמאנענט", וואס סטייעט צו באַ־ארבעטן א סך קאמפ, דעריבער, הייסט עס, האט ער געוואלט מאכן א פאר־שלאג, אז, הייסט עס, מען זאל אים פארדינגען ס׳שטיקל קאמפ, הייסט עס, און וועגן באדינגונגען, הייסט עס, עס מען נישט גייען צום רב, הייסט

עס, צום „כועז“... מיר זיינען דאָך, הייסט עס, פיינע מענטשן.

אָבער נעבע לאָזט נישט אַזוי באַלד קומען צום וואָרט: וואָס איז ס'גע־איילעניש, אַז מען זעט אַמאָל אַ שכן פאַר די אויגן, ווייל ער תיכף אַנטלוי־פן, שעמען מעג ער זיך, און דערצו איז מען נאָך שטיקלעך קרובים, כ'וויים ווייטע מחותנים, זאָל ער כאָטש דערציילן וואָס הערט זיך אין דער קאָ־לאָניע. זי גייט נישט אינערגיץ, און מ'איז דאָך עפּעס אַ מענטש.

אַ מענטש איז דאָך קיין גזלן. נעמט טאָקע ר' זעליק איר דערקוויקן אַביסל דאָס האַרץ מיט די נייעסן פון דער קאָלאָניע. — וואָס זאָל מען הערן? ווי תמיד.

מ'האַלט שוין ביים פאַרזייען מאַיס, די ליאָנען נישקשהדיק. אָבער דער ווייצן שיטערליך, געליטן פון „וואָרעם“. אפשר וועט ער זיך שפּע־טער אביסל פאַרצווייגן; די הינער לייגן גוט, מיטן גייעם פלאַך גייט עס עפּעס נישט אַזוי; נעכטן האָט אַ קו שיער זיך נישט „פאַרשטאָפּט“ מיט קלאָווער; די סאָראָווסקים האָבן נעכטן פאַרשפּאַרט אין קאָראַל דעם גאַנצן סקאָט פון זייער שכן איידעלמאַן. נישט קוסנדיק וואָס איידעל־מאַנס סקאָט האָט גוטע פּאַשע, קריכט ער נאָך מיט די שטעקענעס אויף די העלדזער איבער סאָראָווסקים צוימען; מ'איז געלאָפן צום אַלקאַלדע און מ'פאַרלאַנגט פּופציק פּעזעס שטראָף, די קי האָבן טאַקע אַ טיל תל גע־מאַכט, צעטרעטן אפשר אַ פינף העקטאַר ווייצן; נאָך אַ רעגן! ביי שמואל אַהרונען האָט אַ פערד זיך צעבריקעוועט מיט אַן איינגעשפּאַנטער סולקי, אַריין אין די פּאָסטן פון די לאָנקעס און צעבראָכן די רעדער, צעהאַרגעט דעם אופּריזש, איין האָלאָבליע צעבראָכן און די אַקס אינגאַנצן צעבויגן. הימעלשטיינען האָט מען גענומען אין שפּיטאָל, מ'וועט אים דאַרפן אָפּע־רירן אַ אַפּענדיסיטים; די שניה עטל איז געלעגן געוואָרן, ס'וועט זיין אַ ברית; מ'זאָגט, הייסט עס, אַז שעפּסל'ס טאָכטער איז אַנטלאָפן מיט אַ שייגעץ. — און איך, הייסט, האָב צו טון מיטן שכן, גרינבערג, הייסט עס. איך זאָג, אַז כ'וועל דערשיסן גרינבערגס הונט, ווייל שרה זאָגט, אַז ר'עסט איר אויף אַלע אייער, יאָגט אַראָפּ די עופות אפילו פון די נעסטן. זאָגט דער חצוף ומחוצף: — פונוואַנען ווייסט מען, אַז ס'איז די מלאכה פון מיין

הונט? האָט איר דען שפּורן? איר הערט, שפּורן, אז כ'האָט אליין געכאפּט דעם כלב ביי דער אַרבעט. מיין שרה לאָזט זיך ניט שפּייען אין דער קאַשע: — ס'איז מיין הונט, מאַכט נישט קיין קאַטאָוועסלעך, ס'איז אייער שווארצער הונט מיט געלע פּינטעלעך, פרעסט די אייער מיט דער שאָלעכץ, אַ חכם פון אַ כלב. מיין זעליק וועט אים בלי ספק דערשיסן. ענטפערט זיך מיין ליבער שכן קאַלטבלוטיק: מהיכי תיתי, אויב איר טרעפט ביי דער אַרבעט, טאָ דערציילט אים די מעשה. ווערט מיין שרה, הייסט עס, אף אַן אמתן אין כעס: — וואָס מיינט איר עפּעס, מיין זעליק איז אַ הינטשלעגער, אַ היצל?

מיינט איר, אפשר, הייסט עס, אז איך האָב אים דעם פּאַסקודנעם כלב היינט ווידער נישט געטראָפן ביי דער אַרבעט? איך, באַלד צום רעוואָלווער, און אויסגעשאָסן. נישט געטראָפן: בלויז אָפּגעסמאַליעט דעם עק.

דערפאר טוט אים גרינבערג אָפּ: ער וויל אים נישט פאַרדינגען מער דאָס שטיקל קאַמפּ, וואָס מ'האָט אים יעדערסמאָל פאַרדונגען. הייסט עס, ער איז מיטן ברוגז. איז ער, הייסט עס, געקומען זעען צי זיי ווילן אים נישט איבערגעבן אף פּראָצענטער, צי אף געלט אַ פינף און צוואַנציק העקטאַר קאַמפּ. הייסט עס, זיי קענען זיך איבערלייגן, ער גיט זיי צייט עטליכע טעג.

זעליק שטעלט זיך אויף אַהיימצוגיין, קאָן נישט איינזיצן: ווייזט אויס אַ סך קוואָקטשעס זיצן אין שטוב, דעריבער בייסט עס אַזוי...

—זיצט נאָך אַביסל ר' זעליק, וואָס איילט איר אייך? מ'מעג אַמאָל אויך שמועסן מיט אַן אָרימער, אַלטער אידענע, — בעט זיך נעכע ביים שכן, — אנו, פייוול, דערלאַנג נאָך אַביסל געזשאַרעטע קערלעך.

דעם נסיון פון געזשאַרעטע קערלעך קען אפילו ר' זעליג נישט ביישטיין, הגם עס שטייט אים פאַר אריינצוכאַפּן די אמתע פאַרציע פון שרהן, וועמען ער האָט געזאָגט, אז ער גייט, הייסט עס, נאָר אף אַ מינוטקעלע צום שכן, צו פייוולען וועגן דעם קאַמפּ. דאָך פאַרגעסט ער זיך און קנאַקט מיט התמדה די קערלעך, וואָס פאַרפלייצן באַלד דעם פּאָל.

נעבעכ'נוצט דערוווייל אויס די געלעגנהייט, זיך אראָפּצורייד ן פון האַר־צן: —אַזוי איז עס, ר' זעליג, נישטאָ מיט וועמען אַ וואָרט צו רעדן, אַף דער עלטער אליין געבליבן, עלנט אַליין, די קינדער אַלע צעלאָפן, דער דאָ, דער דאָרט; מיטן אַלטן מיינעם קען מען נישט ריידן. טאָמער זאָג איך עפּעס איז באַלד: — אַ אידענע רעדט נאַרישקייטן... רק מ'איז זיך קידער־ווידער. טאָמער ווייסט איר, שכן, צוליב וואָס איך קריג זיך מיטן אַרום, דאָס איז דאָך נאָר בלויז צוליב די קינדער. אוי, פון קיינעם נישטאָ קיין נחת. איך טענה: — פּייוול, האָב גאָט אין האַרצן, יאָג מיר נישט אַוועק די קינדער פון שטוב, ביזט דאָך עפּעס זייער טאַטע...

דאָ בליקט דער אַלטער אַף אַ ווײַלע פון דער צייטונג, זשאַמזשעט און ברומט: — אפשר וועסטו אויפהערן צו באַלעבעטשען שטותערייען?—

נעבעכ לאָזט נישט אָפּ, מיט עקשנות רעדט זי שטילינקע, ווי איינ־רוימענדיק דעם שכן אין אויער, אירע קלאָפּאָטן: — ר'לאָזט זיי נישט אַף די אויגן. אַ טאַטע איז דאָס דיר? אפילו אפן „קינד", וואָס וויל בלייבן ביי דער קאָלאָניזאַציע, שענקט ער אים קיין גוט וואָרט, הוקעט כסדר דערויף, אַ טאַטע איז דאָס דיר?

—אַ גוטן אָוונט אייך, ר' זעליג. וואָס מאַכט אייער „טאָרדיזשע"? האָט איר אים שוין קאָפּירט? — דאָס האַקט איבער די באַקלאָגענישן פון דער מאַמען זיינער, ס'קינד, פאַר וועמען נעבע שטעלט זיך אַזוי ענער־גיש איין.

איסאַק איז אַ בחורעץ פון אַ יאָר 26, ברייטפּלייציק, אויפגעקעמט הינטנאַרום און באַשמירט מיט גאָמינע, די האָר זאָלן גלאַנצן, רעדט ראַ־שיק, שפּייט ווייט, איז מיט יעדן גוטער־ברודער, באַגריסט טאקע איטלי־כן מיט טומל, קלאַפּט אים אין פּלייצע, ווי ער וואָלט אָנהאַלטן מיט דעם באַטרעפענדן מי יודע סאַרא לאַנגיעריקע פריינטשאַפט. שטעדיק איילט ער זיך ערגעצוואו, אָדער מאַכט אַן אָנשטעל צו זיין געוואַלטיק פאַרנומען.

דאָסמאָל איז ער אָנגעטון אין ווייסע, ברייטקלאָשיקע רייט־הויזן, גע־לע געפּוצטע שטיוול, א ברוין זיידן טיכל אַרום דעם האַלדז, פייפט אונטער

אַ נייעסטן טאַנגאָ ־ מאָטיוו, רופט צו דער שוואַרצער, די וועשין אין ראַנ־טשאַ אין הויף: — טשע, ראַמאָנאַ, גרייט מיר פאָר ס'נייע געפּרעסטע העמד, דאָס בלויע, און אַ נאָזטיכל, אָבער ס'זאָל גיין גיך! טשאַו ר' זעליג! טשאַו! מאַמאַ!

פון קאָרידאָר אויס קען מען זען, ווי איסאַק, אַן איבערגעטוענער אין אַ בלויער ארבעטס־בלוזע, אַזאַ וואָס עס נוצן די מעכאַניקער, באַ־שפּריצט דעם אויטאָ מיט וואַסער, פּוצט אים, רייבט אים ארום ביז צום שפּיגל־גלאַנץ: בלאָזט אָן די גומעס, גיסט אריין וואַסער, מעסט דעם נאַפט און זאָגט צו זיך: — ביזן שטעטל וועט סטייען. אָפּגעפּאַרטיקט, איבער־געטון, שרייט ער צו דער מאַמען: — נישט וואַרטן אַף מיר מיט דער וויע־טשערע! טשאַו!

דאָס מין געזעגענען ברענגט אַרויס פייוולען פון דער מכלומרשטער גלייכגילטיקייט, מיט דער פאַרפּעצטער צייטונג אין דער האַנט, קרייט ער פון קאָרידאָר אַרויס: — נו, גייסט שוין ווידער שפּאַצירן, תּכשיט מיי־נער, צו דיינע וויכטיקע געשעפטן?

דער זון פרעגט מיט חוצפּה: — וואָס איז, פּאַפּאַ?

פייוול קרייט ווייטער: — האַ, אַרבעטסט, מיט עפּעס אַן עקספּאָר־טער, מיט אַ פּראָקוראַדאָר, מיט אַן אדמיניסטראַדאָר, מיט אַ שוואַרציאָר? און ווער גיט אַף נאַפט? האַ, מ'באָרגט? פּונקט ווי מ'האָט דיר „געגעבן" דאָס קעסט־קינד, דעם אויטאָ?

דאָ ציט נעכע אים הכנעהדיק ביים אַרבל: — לאָז צורו ס'קינד. דו ווייסט דאָך, ער דאַרף זיך זעען היינט מיטן סעניאָר קראַמאָליני, ר'האָט פאַרן אַ וויכטיק געשעפט.

לאַכט פייוול אין די פויסטן: — האָסט נחת פון דיין איסאַקל, אויס־געפּוצט אין עסיג און אין האָניק, מאַכט זיך ימים טובימלעך, הע, דו אי־סאַק, ביי אַ קאַמף מוז מען אַרבעטן, ניט שפּאַצירן. דיין טאַטע איז שוין אַלט, די אויסגעהאָרעוועטע ביינער קענען נישט מער. אַרום די שטוב וואַק־סן אַבראָכעס.

דער בחור דרייט זיך אומגעדולדיק אַפן קאָרעק. אַפּנים שוין צוגע־

וואוינט צו די פאַרוואורפן פונם אַלטן. ער טוט אַ ווייטן שפּיי דורך די צוויי רייען געזונטע ציין און מיינט:

—אז דער טאַטע וועט מיר אַפּשרייבן, וועל איך אַרבעטן, אַזוי בחינם וועל איך נישט אַרבעטן. דאָס מוזסטו וויסן, אַלטער...

ר׳ זעליג זעט, אז ס׳גייט דאָ ווערן אַ קריגעריי. טראָגט ער זיך באַ־צייטנס אָפּ. דערפאַר האָט אַ געלעגנהייט צו דערוויסן זיך „נייעס״ לייבל כּרוק, וואָס איז זייער להוט נאָך אַזאַ רכילותל ווי דער „משוגענער״ פּייוול קריגט זיך מיטן זינדעלע.

לייבל מרוק קומט אָן צום סאַמע רעכטן - געדיכטן, ווייל פּייוול שטייט וויז־אַווי דעם העזהדיקן זון. די לאַנגע אַש־גרויע באָרד איז איננאַנצן דראַטיק - שטייף, און וויל זיך וואַרפן אָף דעם יורש מיט די פויסטן: — דו שייגעץ דו, דו אומפאַרשעמטער חצוף מחוצף, דו האָסט דאָך דיר נישט פאַרדינט אין דיין לעבן אָף אַ שטיקל ברויט, און ווילסט מ׳זאָל דיר אָפּשרייבן? אָט אַזאַ פּוסטן יינג, לאַנד?

די נייגיריקע שכנים, הערנדיק, אז ס׳איז „לעבעדיק״ ביי פּייוולען אָפן הויף, רוקן זיך פּאַוואָלינקע נענטער, פאַרנעמען גינסטיקע פּאָזיציעס, כדי גוט צו הערן, און צו קענען פאַרשוואונדן אומבאַמערקטערהייט.

נעכע אָבער אינטערווענירט מיט איר פּייפּעדיקער שטימע: — פּיי וול, פּייוול, האַלט איין אביסל דיין עשו!

דאָס נוצט אויס דער זון און שלייכט אוועק. מען הערט באַלד זשומען דעם מאָטאָר, דאָס שיקסל פון דער וועשין עפנט דעם טויער, דער אויטאָ גיט אַ שטאַרק קרעכץ און רוישט שוין איבער דער גאַס פון דער קאָלאָניע.

פּייוול פאַרקריכט ווידער אין זיין ווינקל מיט זיין אַלטן פאַרפּעצטן „אַמעריקאַנער״. דאָס געזעמל איז פאַרשוואונדן, זייער אַנטוישט, וואָס ס׳איז גאָרנישט פּאַרנעקומען. בלויז לייבל מרוק איז געבליבן, ער וויל דאָך עפּעס געוואויר ווערן, תמיד נאָך אַזאַ צוזאַמענשטויס מיט איסאַקן רעדט זיך דער אַלטער אַראָפּ פון הארצן.

דאַסמאָל טוט ער עס אויך, פּונקט ווי ער וואָלט עס ארויסגעלייענט פון דעם „אַמעריקאַנער״:

—יאָ, יאָ, לייבל. ער גייט אין דיזעלבע דרכים, וואָס די איבעריקע תכשיטים מיינע. אים שמעקט אויך לייכטע פאַרדינגסטלעך, געפּרעס־

טע הויזן, ווייסע קראַגנקעס, ווייכע הענט, רעדן א סך, א סך און נאַרניש טון. וואָס ווייסטו לייבל, אַף אים האָב איך געלייגט מיינע בעסטע האָפענונגען. ער, דער מוזיניק מיינער, וועט וויסן לכל הפחות צו שאַצן ס'ערליכע ברויט פונם טאַטן. מיינט איר אפשר, אז ר'קאָן נישט אַרבעטן דער יינג? איציק איז אַ חברה־מאַן, וואָס טויג זיך צו דער אַרבעט: אַקערן, זייען, צווימען לאָשיקעס. פאַראַן טעג ווען ער גיט זיך אַ נעם צו דער מלאכה מיט אַזאַ ברען: גראָבט גריבער צו פלאַנצן בוימער, פאָרט אין פעלד אריין, רייסט אַרויס דעם פלוג פון אַקערערס האַנט, אַקערט אָפּ אַ שטיק פעלד, אַז ס'גייט אַ רויך, די פערד פילן די געניטע האַנט, אָבער באַלד ווערט אים נמאס, באַלד ווערט ער פאַרפאַלן אַף עטלעכע טעג פון דער קאָלאָניע... און דאָס וויל, מ'זאָל עס אָפּשרייבן אַ קאַמף, כדי צו קענען עס פאַרקויפן דעם ערשטן בעסטן שוואַרץ יאָר...

מאַמע נעבע שאָקלט צו מיטן קאָפּ, שטראַלט אויף, ווען דער אַלטער לויבט דעם זון, און ווערט פינסטערער, ווען ער טאַדלט אים. זי וויל אויך עפּעס זאָגן, אַ שטיינער:

—אַזוי איז עס, לייבל. די היינטיקע חברה גליסט זיך נישט אַרבעטן. דעם פאַרהאָרעוועטן טאַטן לאָזט מען אַליין, זאָל ער זיך שלאָגן אַליין דעם קאָפּ אין דער וואַנט... נאָך אַלעמען, איז עס ביי אַ סך קאָלאָניסטן אַזוי.

לאָזט אָבער פייוול איר נישט די נחמה: — זי זאָגט, אַז ביי אַנדערע איז אויך אַזוי, בעסער אָדער שלעכטער, אַ קנאַפּע טרייסט! פייוול האָט אַזוי נישט געוואָלט. פייוול האָט געוואָלט אַ באַלעבאַטישקייט וואו אַלע זאָלן זיין צוזאַמען באַם טאַטנס טיש, אַלעמען זאָל שפּייזן איין ערד: די ערד איז אַ מאַמע, ווען מ'איז ביי איר, גיט זי, קאַרג אָדער בשפע, אָבער זי גיט. האָט זיך זיי נישט געגלוסט אַרבעטן, גלאַטינקע, גלאַנציקע קעפּעלעך, ווייכינקע הענטעלעך, די ווייבער האָבן באַדאַרפט זיידענע זאָקן. דער קאַמף גיט אַף פשוט ברויט, אַף וואָלענע זאָקן, נישט אַף זיידענע זאָקן, נישט אַף זיידענע קליידלעך, נישט אַף בעלער. און פונוואַנען נעמען זיי עס? מוז מען באָרגן! צאָלן צינזען, פאַרזעצן דעם קאַמף, אָפּשרייבן יאַנקלען, אָפּשרייבן לייבישן, אָפּשרייבן איסאַקן, דעם

בן זקונים, צעטיילן די ירושה ביים לעבן, פאַרזעצן צוליב די בעלער, די אויטאָס, די זיידענע זאָקן.

אַז נעכע וויל זיך ווידער אַרייַנמישן: — אַז דו רעדסט אַזוי, פּייוול, שאַט עס דיר, דער דאָקטאָר האָט בפירוש דיר נישט געהייסן זיך אויפרעגן.

שיט פּייוול רייד, זיינע אמת'ן: — נעכע, ווייסט וועמען מ'וואָלט געדאַרפט אָפּשרייבן ס'פעלד? אַנו, טרעף! די דייטשן, אונזערע אָרענדאַטאָרס, זיי זיינען דאָך די אמתע פאַרווירקלעכער פון באַראָן הירשס אידעאַל. זיי אַרבעטן די ערד „מיטן שווייס פון זייער פּנים", ווי ס'שטייט אין פּסוק. זיי, אונזערע זינדלעך, קומט גאָרנישט.

דו, לייבל, דו הערספּט? מיר טאַטעס זיינען שולדיק אין דעם אומגליק אונזערן. מיר האָבן געדאַרפט, הע, הע, הע, איר וועט לאַכן, מיר האָבן געדאַרפט מיט רעבענקעס צעפּאַסעווען ס'לייב פון די פּוילענצער. מיר האָבן נישט געדאַרפט דערלאָזן, זיי זאָלן זיך אָנשטעקן מיט די שטאָטישע מנהגים: גיין גאַנצע נעכט אויף די טאַנץ - פאַרוויילונגען, דעם צווייטן טאָג איז מען ביז האַלבן טאָג פאַרשלאָפן. די פּעאָנעס האָבן שוין געמוזט אַקערן, ס'איז אַלץ געגאַנגען אין דער ערד. פאַרלאָזן זיך אויף פרעמדע הענט. געוואָרן אויסגעכאַליעט זיינען זיי, די זינדעלעך, און ס'האָט זיי פאַרשמעקט די שטאָט. מ'האָט זיך געחברט מיט די לייטלעך פון די פּאַרטפּעלעכלעך, מיט די ריינע סעניאָרעלעך, מיט די אויסגעוואַשענע, ווייסע, הענטעלעך, להוטע נאָך לייכטע פאַרדינסטלעך, אָט צו דעם ציט עס אויך מיין איציקלען...

די הויכע פּאַטריאַרכאַלישע געשטאַלט פון פּייוולען איז געוואָרן ווי איינגעהויקערט. ער האָט ווייטער אַרויסגעשריגן פון פאַרפעצטן „אַמעריקאַנער":

— הערסט, לייבל, מיט פרעמדע הענט באַאַרבעט מען איצט מיין ערד, און ס'טויג אין דער ערד. און די נאַרישע אידענע מיינע מיינט, אַז פּייוול איז אַ צו להכעיסניק, אַ רוצח. גאָט איז מיין עדות, איך האָב עס אַזוי נישט געוואָלט. דער יינג וואָלט געקאָנט זיין אַן אייגענער באַלעבאָס אויף אייגן לאַנד. נישט קיין פּוסטעפּאַסניק, אַ טעלער-לעקער ביי עפּע,ס אַ קראַמאָליני, צו וואַרטן ביז' יענער וועט אים צושאַרן עפּעס אַ

פּאַרדינסטל ווי אַ הונט אַ ביין. האָט ער נישט געוואָלט, דער יונגאַטש. ער האָט נישט ליב קיין אַרבעט, קיין ערד. זאָל אַלץ גיין צום טייוול. כ'וועל פּאַרקויפן, פּאַרזעצן. איך קאָן נישט מער, אַלטע ביינער. זאָל עס אונז, אַלטע לייט, נישט אויסקומען צו בעטלען...

נעכע האָט געהעשעט, און פייוול האָט ווייטער געשפּינען זיין מחשבה:

— לייבל, דו דרייסט זיך דאָך אַרום צווישן מענטשן, שמעקסט דאָ, שמעקסט דאָרט. שיק מיר קונים, פּאַראַן אַ גאַנצער רעמאַנענט: צוויי פלו־געס, פערד, קי אַ שנייד־מאַשין. שיק קונים, כ'וועל אַלץ פאַרקויפן איבל מיר לאָזן נאָר איין סולקעלע מיטן אופּרוזש. מ'דאַרף דאָך פאָרן אין שטעטל אַריין? ווי מיינסטו? ס'איז פריקרע צוצוקוקן ווי ס'רודערט, אַרבעט זיך ביי אַנדערע. ביי פייוולען, פריער דער בעסטער באַלעבאָס פון קאָלאָניע, איז אַ חורבה, און ביי אַ גרינעם לייגט מען פונדאַמענטן אָף אַ שטוב.

***

לייבל מרוק האָט געהאַט דאָסמאָל זייער אינטערעסאַנטע נייעסן מיט־צוטיילן דער קאָלאָניע און די געזעמלעך קאָלאָניסטן ביי דער קאָאָפּעראַטי־ווע; דער „משוגענער" פייוול פאַרקויפט אויס אַלץ.

קונים זיינען געקומען. ביסלעכווייז איז צערונען דאָס דורך יאָרנלאַנג צונויפגעהאָרעוועטע באַלעבאַטישקייט. קי פאַרטריבן אָף פרעמדע לאַנ־קעס. געוועזן אַ סך בעלנים אָף פייוולס סקאָט, וואָס האָט געהאַט אַ שם אין דער סביבה. פאַרקויפט דעם וואָגן, די כאָמעטעס, צענומען דעם שפּייכ־לער, די בלעכן אַוועקגעפירט צו אַ גרינעם פאַר אַ שפּאָט ־ ביליקן פּרייז. און דאָס אַלץ האָט געקאָסט בלוט, האָרעוואַניע, שוויים. נעכע וויינט אַריין אינם ווייסן קאָפּטיכל, וואָס באַקומט דערנאָך געלע פלעקן. מיט די גענזע־לעך איז איר אַ שאָד זיך צו שיידן. זי האָט אַזוי ליב עופות, דערהויפּט די געלע חנווריקע גענזעלעך. דאָ קומט עמעצער מיט אַ שטייג און פּאַקט זיי אַלע אַריין.

***

אָפּט פייפט דער ווינט איבערן נידעריקן דעכל פון דער באַלד חרובער הייזקע, רייסט ביי אַ לויזן בלעך, וואָס קלאַפּט אַרויף, אַראָפּ. לייגט זיך

דער נעפּל שווער, אין די ווינטער - פרימאָרגנס, אף דעם קרומען שטיבל.
די אַלטע לײט צײטיקן נישט אויפצושטײן, פאַרלענגערן זײער מיטיק־
שלאָף. פאַרוואַקסן ווערט הויף, פאַרמאַכט די אײנציק־איבערגעבליבע־
נע קאַריטע.

לאַנג מוז מען פּאַטשען מיט די הענט ביז עמעץ קומט אַרויס.

אין אַנדערן עק פון דער קאָלאָניע גײען מוטיק פּלוגעס, רײסן אויף די
ערד, וואַרפן גרודעס אף גרודעס, און אַז פײוול קומט צוריק פון שטעטל,
גיט ער דעם פערד עטלעכע שטאַרקע שמיץ. ער קאָן נישט זען, ווי אַ גרוי־
נער אַרבעט דאָס אף זײן קאַמפּ.

# פאַרגעסן.

מען באַגלייט הערשל טשיסטיקן צו דער סטאַציע. דאָסמאָל איז עס נישט גלאַט אַזוי אַ נסיעהלע קיין לאָדזש אײַנקויפן לעדער. עס׳ איז אַ װײַ-טע רײַזע. אַזש נאָך אַרגענטינע, אויך אַמעריקע, אָבער נישט דאָס אמתע אמעריקע, וואו מען קען מיט דער צײַט ווערן אַן אָלרײַטניק — אַלע ווײסן דעם באַדײַט פון דעם וואָרט: אָלרײַט, ווײַל אין שטעטל לערנט מען שפּראַ-כן — אף אַרגענטינע איז הערשלען קיינער נישט מקנא, מ׳ווייסט אַז דאָס איז אַן אָרט, וואו מ׳ווערט טאַקע פאַרשוואַרצט, אָבער דאָלאַרן מאַכט מען נישט.

אף דער פאַרחושכטער סטאַציע האָבן געררויכערט פאַרסאַזשעטע לעמפּ-לעך, און אַלע מענטשן, וואָס האָבן דאָרטן געטומלט האָבן אויסגעזען ווי די קוימענקערערס, אַזאַ פאַריסטע שוואַרצקייט האָט אײַנגעהילט דעם שפּעט-נאַכטיקן וואָקזאַל און דעם קאַלט-ווינטיקן פּעראָן.

—אָוואַ, סאַראַ רײַזעלע! — האָט מענטשן אימפּאָנירט דער אומגע-הויערער מהלך, וואָס הערשל דער פּראָסטער קאַמאַשנמאַכער גייט דאָ אַדורכמאַכן. דאַרף מען אים באַגלייטן, ווײַל ווער ווייסט וואָס ווען:

כאָטש אַרגענטינע איז נישט דאָס אמתע אמעריקע, פונדעסטוועגן קאָן מען זיך אפשר פון דאָרטן אַריבערכאַפּן לײַכטער קיין ניו - יאָרק, און הערשל וועט קענען אין דעם עפּעס העלפן.

פונדעסטוועגן לאָזט מען אים נאָך געגנוג צײַט זיך אָפּצוגעזעגענען מיט דער אייגענער פאַמיליע. מען דערקוטשעט נישט, מען רוקט זיך אָפּ מיט אַ געוויסן דרך ארץ פאַר דער ייִנגער אויסגעמוטשעטער שרה, וואָס האָט געוואָלט אים גאָר אַ סך זאָגן, נאָר דאָס האַרץ איז געווען עפּעס מאָדנע

פאַרקלעמט. דאָס קלענסטע קינד, אַ מיידעלע פון דריי יאָר, האָט הערשל געהאַלטן אויף דער האַנט. די גרעסערע צוויי יינגלעך זיינען געשטאַנען ווי פאַרלאָזטע קעלבלעך.

שרה ווייל זאָגן עפּעס זייער וויכטיקעס, געפינט אָבער נישט קיין ווער-טער. דאָ האַלטן די באַקאַנטע, די מומעס און פעטערס, נישט אויס, וואַרפן זיך אויף די שוויגנדיקע, שיטן אויס אויף זיי גאַנצע ניין מאָס רייד, גיבן אים עצות ווי, וואָס און ווען ער זאָל זיך פירן אפן ווייטן וועג. סיי־ווי־סיי פאַרשטייט דער פאַרטשמעליעטער הערשל קיין וואָרט פון די אַלע עצות: פונקט ווי ער וואָלט געווען אַ מטורפער, זיין מוח איז נאָר באַשעפטיקט מיט דעם איינעם געדאַנק, אַז פון דעם נאַכטישן חלל זאָל אָניאָגן די באַן און אים באַפרייען פון דעם גערייד און געטומל.

פרוי און מאַן האָבן שוין אַזוי אָפּגעשוויגן די אַנדערהאַלבן שעה פון וואַרטן אפן באַן. דער טאַטע האָט אַלע מאָל אַ גלעט געטון די קינדער איבער די קעפּלעך. וואָלט דער קאָפּ זיינער נישט געווען אַזוי פּריטשמע-ליעט, וואָלט ער זיך אפשר צעוויינט.

שוין אַלץ אויסגערעדט, אַרומגערעדט, פּאַר און קעגן, און געקומען צום באַשלוס, אַז דאָ אין דעם שטעטל איז גאָרנישט דאָ צו טון פאַר אַ בעל־מלאכה. וואָלט נאָר געווען פּרנסה בצמצום, וואָלט ער זיך נישט געלאָזט אפן ווינט זוכן פּרנסה.

—נ'אַוודאי, האָט געמיינט שרה, מען קאָן דאָך נישט זיצן און וואַרטן, ביז דער הונגער וועט אַריינקומען אין שטוב, און דערנאָך וועט שוין נישט זיין מיט וואָס צו אַנטלויפן.

זאָל ער פאָרן זיך ראַטעווען, זאָגט די מאַמע פון דריי קינדער אַרויס מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ.

דער ערשטער קלונג. דער טאַטע גלעט אויטאָמאַטיש די קעפּלעך, ווייל עפּעס זאָגן און האָט נישט וואָס. אויך ביי דער מאַמען איז פאַרגלי-ווערט דער געדאַנק, אויף די ליפּן ליגן די מטושטשע אָפּגעהאַקטע פראַזן, וואָס זי האָט אים אינדערהיים עטלעכע מאָל איבערגעחזרט. — מילא, דו וועסט דאָך געדענקען, אַז האָסט אַ פרוי מיט קינדער... חתונה געהאַט

דורך חופה וקידושין... אין אַרגענטינע, זאָגט מען... הערשל, וועסט מסתמא נישט פאַרגעסן עפּטער צו שרייבן... און גיכער אונז אַרויסנעמען... „שרייבן און אונז אַרויסנעמען אַהין..." דאָס לעצטע האָט זי געזאָגט מיט אַזאַ ציטעריקע און אומגלויביקע שטימע, אַזוי ווי ס'וואָלט גאָרנישט מענלעך געווען אַזוינס.

דער לעצטער קלונג און אַ לאַנגער גרילצנדיקער פייף. נאָר נישט וויי־נען איצט, איצט, ווען דאָס צעשיידט זיין ווערט טאַקע אַ ביטערע ווירק־לעכקייט, טאָר מען קיינעם נישט ווייזן די סענטימענטאַלקייט". — „מ'וועט זיך זען, אודאי וועט מען זיך אם ירצה השם זען אין פריידן, נישט זיין טרויעריק". געזעגענונגס ־ ווערטער.

זי האָט טאַקע נישט געוויינט, די אויגן זיינען געווען רויטע, אָבער טרוקענע. וואָכנלאַנג פאַרן גרייטן זיינעם אין וועג אַריין, האָט אַ קוואַל פון טרערן באַנעצט די קישנס, האָבן איצט נישט געסטייעט מער קיין טרערן.

דער צוג איז פאַרשוואונדן אין דער פינסטערער נאַכט אַריין. — פאָר געזונט, הערשל, זיי מצליח! — כאָר פון באַקאַנטע און משפּחה, און די מאַ־מע איין קינד אויף דער האַנט, צוויי בייזייט, איז געגאַנגען צו דער טרויערי־קער איינזאַמער היים, צו דער פּוסטער אויסגעליידיקטער שוין נישט מער היים.

***

פאַר הערשלען האָט זיך אָנגעהויבן די פרעמד.

צוערשט האָבן באַנען מעת ־ לעתן לאַנג געטרייסלט די ביינער. גרע־נעצן, פּאַס־רעוויזיעס, וואַרפן מיטן בידנעם עמיגראַנטישן געפּעק, פרעמדע, בייזע זשאַנדאַרן, באַשנאַפן, באַשמעקן איינעם ווי עפּעס פאַרדעכטיקעס, ווערטלאָזעס... און דאַן ווידער טעג און נעכט, טעג און נעכט אין גהינום פון ביליקן קלאַס, טיף, טיף אונטן, ביי נאַסע, דומפּיקע אייזערנע טרעפּ.

דושניקייט, שלעכט עסן און דערנידעריקונג.

און אַז ער קומט אָן צו די געוואונטשטע ברעגעס, דער עמיגראַנט, איז

ער שוין אוים מענטש, אָן א פיצל בטחון, ווי אַן איבעריקער. די רייזע האָט אים אינגאַנצן אויסגעליידיקט, אויסגעהוילט.

דעם קאַמאַשן־שטעפּער האָט קיינער נישט אָפּגעוואַרט בא דער שיף. צום שלימזל האָט בוענאָס איירעס אים אויפגענומען מיט א רעגן און דער באַאַמטער פון אימיגראַנטן-שוץ ־ פאריין איז גראָד געווען שלעכט אויפ־געלייגט, האָט ער אים באַגעגנט עפּעס אזוי פיינטלעך: ס'איז דאָ א קריזיס, די שטאָט האָט אַ מאַסע ארבעטסלאָזע, איז בא זיין פאַך לעת־עתה אומעג־לעך צו געפינען אַרבעט. אזוי געלעגנהייטס־ארבעט וועט ער אפשר יאָ געפינען, נאָר דערצו מוז מען האָבן גליק (האָט מען צו דעם געדאַרפט פאָ־רן אזש אַזוי ווייט, אַז ס'איז ווידער אָפּהענגיק פון ביסעלע גליק?...).

זוכט דער גרינער גליקן: ביים פּאָרט, פאַרטאָגס אין די גרויסע בעטאָ־נענע געביידעס, וואָס דערגערן בוענאָס איירעס, אלס צייטונגס ־ פאַרקויפער, אלס שיק־ייִנגל (זיי וואָלטן צעפּלאַצט געוואָרן לאַכנדיק, ווען זיי וואָלטן אָנגעקוקט דאָס „שיק-ייִנגל", א טאַטע פון דריי קינדער...).

און די גליקן ברענגען איין בלויז איין פּעזע מיט פּופציק סענט אַ טאָג.

דערצו מוז מען זיך נאָך מאַכן אַ הארץ און אהיימשרייבן מוטיקע בריוו, ווייל נאָך אַלעמען ציט עפּעס ביים הארצן: ליבשאַפט, בענקעניש, דער עיקר צו די קינדער, צו איר ווייניקער. אָבער וואָס לענגער ער איז אין לאַנד, וואָס מער חלומט ער פון ווייב, פון יינגען ווייב, נישט פון דער אויסגעמוטשעטער פאַרוועלקטער אידענע, וואָס ער האָט פאַרלאָזט, נאָר פון יענער שרהלע, פון דער ערשטער צייט נאָך זייער חתונה, ווען די אנדערע, די רייכע פראַ־ווען זייער „האָניק ־ חודש". אין דעם צימערל אָן פענסטער שרייבט ער בריוו מיט זיין גרויסער האַמעטנער שריפט. ער איז גאָרנישט געוואוינט זיך אויסצודריקן שריפטלעך, ער קאָן בלויז שרייבן: „דאָס נעמלעכע פון אייך צו הערן אימער און עוויג", אַז ב"ה איז ער געזונט, צו אַ פּרנסה האָט ער זיך נאָך נישט דערשלאָגן, אָבער „איך האָף צו דעם ליבן גאָט, אַז ס'וועט זיין גוט, און גיט צו: „לאַנדסלייט" זיינען געוואָרן גבירים, טאָ גלויבט ער עס אויך צו ווערן... דערווייל לייגט ער ביי פינף פּעזעס... ס'איז דאָך אמעריקע, אָבער איין גאָט איז אַן עדות, אַז צוליב די דאָזיקע פינף אוועק־

געשיקטע פעזעס איז אים שיעור נישט אויסגעקומען צו נעבטיקן אף איי־נער פון די פלאַסעס. פון אַ פעזע מיט פופציק קאָן מען גאָרניט שפּאָרן.

בפרט נאָך, ווען די שיכזוילן זיינען געוואָרן וואָס דינער, האָבן אדורכ־גענעצט, איז כאָטש נעם און גנבע פון ערגעץ אַ פּאָר שיך.

מען מוז עפּעס טון דערצו. אַ מענטש מיט אַ פּאָך און גאָרנישט. ר׳וועט דאָך באַלד ארומגיין באָרוועס.

דער אימיגראַנטן־שוץ־פאַריין עצה׳ט, אז הערשל טשיסטעק זאָל פּאָ־רן אף דער פּראָווינץ. ס׳קאָן זיין אַז דאָרטן וועט ער זיך איינאָרדענען.

***

אין אַן ענטרע ריאָסער שטעטל צווישן די אידישע קאָלאָניעס, בייסט זיך דער קאַמאַשן ־ שטעפּעה איין: דאָ מוז ער בלייבן, דאָ וועט ער „מאַ־כן אמעריקע".

פייטל דער שוסטער, פאַר וועלכן הערשל מאַכט כאַליעוועס, זאָגט אָבער:
—דאָ איז „אַרגענטוטע", דאָ שפּאָרט מען אָפּ אַ רעמאַטיזם, אַ חלאת אף די גערערים, אַ שלעפּע־קישקע, אָבער פּעזעס אַ קרענק. אין אַרגענטוטע עסן די זיבן מאָגערע יאָר אויף די זיבן פעטע, אַז מישטיינס געזאָגט: מ׳דאַרף ציען די חיונה פון די „גאָלע־נישטן", די ערד ־ אַרבעטער, קאָן מען אָנקלייבן פליי, נישט קיין פעזעס. אַז דער ווינטער איז אַ טרוקענער, טראָ־גן די „גאָלע־נישטן" שטריקענע לאַטשן, אַלפּאַרגאַטלעך — דאָ האַקט פייטל דער שוסטער אריין זיין באַליבט ווערטל: אַרגענטינע אַ מדינה, מאַטע אַ געטראַנק, אַלאַמברע אַ וואַנט, אַלפּאַרגאַטע אַ גאַנג... — איז ווידער אַ נאַסער ווינטער און זיי דאַרפן טאַקע שטיוועלעך, באַראָן הירשס יורשים, פוילט ביי זיי דער מאַיס, האָבן זיי קיין לעבעדיקן סענט, כאָטש נעם און שענק זיי יעדן צו אַ פאָר שטיוול. פּש, פּש, זיי גיבן דאָס אין אַ רעגנדיקן ווינטער צו פאַרדינען: יעדער איינער ברענגט זיינע פּאָר אַלטע לאַפּטשעס. פאַרבלאָטיקטע שטיוואַלעס און הייסט זיך לייגן ברייטלעך אַ לאַטע, און יעדער יחסן וויל וואָס פריער... און אַז איינער מאַכט זיך אַמאָל אַ פּאָר שטיוול, אַמאָל אין אַ יובל, וויל ער כאָטש מען זאָל זיי מאַכן פון אייזן...

הערשל דער זאַגאָטאָוושטשיק ציט טאַקע די „פּוטשערע“, אָבער צו גליקן קומט עס נישט.

שוין באַלד אַ יאָר ווי ער האָט פאַרלאָזן די אַלטע היים, און ער איז אַלץ נישט בכוח צו שיקן די אַרויספאָדערונג. אַז גאָר זעלטן קען ער אָפּ־רייסן דאָס פּינפּערל, וואָס דאָרטן איז עס ווי „זאַלץ אױף די וואונדן“. די פרוי שרייבט: „מען איז דאָ עלנט, מען האָט קוים דעם טאָג איבערצולעבן, און דו שיקסט יעדעס פערטל יאָר אַ פּאָר גראָשן. נאָך וואָס מאַכסטו חוזק פון אונז? נאָך וואָס שיטסטו זאַלץ אױף אונזערע וואונדן? פאַרוואָס דויערט עס אַזוי לאַנג אונז אַרויסצונעמען? יאַנקל עפּשטיין, וואָס איז אָפּגעפאָרן פאַר זעקס חדשים קיין בוענאָס איירעס, האָט שוין געשיקט שיפס־קאַרטן און זיי וועלן קומענדיקן חודש אָפּפאָרן... דיר, דאָרט, ליגט דיר קנאַפּ אין קאָפּ דיין פאַמיליע... אין אַרגענטינע קען מען לייכט איינטווישן...“ קינדער שרייבן צו גריסן, מענטשעלעך, די מאַמע פירט די קינדישע הענטעלעך, זאָל ער זיך דערבאַרימען אױף די וועָרים...

הערשט וואָלט געגאַנגען מיטן קאָפּ דורך אַ וואַנט, ער וואָלט געטראָגן טאָנען שטיינער, ער וואָלט... אבי, ער זאָל זיי קענען דאָרטן דערפרייען מיט אַזעלכע בריוו, ווי די אַמעריקאַנער פעטערס פלעגן שיקן, בריוו מיט לאַק־סטעמפּלען... זאָלן זיי אויך זען...

עס זיינען חלומות בלויז... מער ווי פּוסטע־טרייסטן, אַז באַלד וועט ער זיך איינאָרדענען, אַז בחינם איז זי אים חושד אין נאַרישקייטן, אַז דאָ ליגט גאָרנישט אַזעלכעס אין קאָפּ, ווייל דאָ מוז מען שווער האָרעווען. ס'טרעפט, אַז מען אַרבעט זיך אַרויף, און ער האָפט אויך צו זיין צווישן די גליקלעכע.

אַזוי פאַרגייען יאָרן. געזיכט באַקומט דעם אומעטיק פאַרזאָרגטן קאָ־ליר פון לאַנד. נויט, דאגות פּרנסה, דורכגעפאַלענע שטרעבונגען לייגן אַ חותם אױף זיין פּנים.

פון דער היים בריוו, פּראָסטע תחנונימדיקע בריוו, האַרצרייסנדיקע, לאַשטשענדיקע, בריוו דראָענדיקע. עס שרייבט די פרוי, עס שרייבן די קרובים, עס שרייבט דער רב פון שטעטל... הערשל דרייט זיך ווי אַ וואָרים,

אַ צעשטיקלטער פון אַ לאָפּעטע, זוכט צו טרייסטן, זוכט צו אַנטלויפן אין זיך פון דעם ווייטיק, פון דער בושה, קעמפט דעם בידנעם און אפשר העראָאישן קאַמף, פון דעם קליינעם מענטשעלע, וואָס וויל כאַפּן דאָס גליק באַ אַ פּאָלע, ווייס אָבער נישט ווי אַזוי, וואַרפט ער זיך אױף אַלע זייטן, אפשר ווי אַ פאַרצייטיקער אַרענע־קעמפער, וואָס זוכט אַנטרינען פון די ביסן פון דער בייזער לויערנדיקער חיה.

שאַ, אפשר אַזוי אַרום כאַפּן דאָס גליק ביי דער אומזיכטבאַרער פּאָלע? ס'גייט נישט אפן גלייכן דרך, טאָ וועט מען אָפּשפּאָרן דעם ביסן פון מויל אפן לאָטעריע־צעטעלע... ס'טרעפט, אַז... טאַקע דאָ נישט ווייט אין אַ שטעטל, געווען אַ קבצן, גענומען אַ צעטל און פּלוצים... באַגליקט געוואָרן.

אַ תפילה צום גורל, אַ קולט צום צופאַל: פאַראַן מזלדיקע נומערן. אָט למשל די זיבענער זיינען מזלדיק: זיבן טעג אין דער וואָך, זיבן מאָל זיבן אַ הייליקע צאָל; די דרייצן דוקא אַ געוואונטשענער נומער; געזען אַ קאַץ אין חלום, טאָ מוז מען נעמען אַ צעטל, וואָס ענדיקט זיך מיט אַ פיר; דער זייגער האָט זיך אָפּגעשטעלט פונקט אױף פינף, דאָס איז אַן אָנדייט, אַז די „גראַנדע" וועט דאָס מאָל אַרויס מיט אַ פינף; אָפּט איז וויכטיק דאָס גערייד, דאָס געפּלאַפּל פון אַ קינד, עס זאָל באַשטימען די מזלדיקע ציפער...

פייטל דער שוסטער אָבער זאָגט: — אַ נעכטיקער טאָג, אַ פּאַרטאַיאָריקער שניי, שלאָגט אייך, קבצנימלעך, אַרויס די נאַרישקייטן פון קאָפּ! גראַנדע איז ניט געמאַכט געוואָרן פאַר אונז... געלט גייט צו געלט. מיר וועלן די יאָרעלעך שוין אַזוי אויסלעבן, אַזוי אַלס דלפּנימלעך...

דער הויפּט - טרעפער, און אַפילו אַ קליין טרעפערל קומען נישט צו הערשלען, וואָס פאַרדינט זיך דאָרט פון די כאָלעוועקעס בצימצום. שוין לאַנג האָט זיך דער לייטישער פּאַלטאָ פון דער היים אָפּגענוצט, דער סאַמעטענער קראַגן צעקנייטשט, גרינלעך, אַ קבצנישער שלאַמפּער; דער בכבודער קאַפּעלוש האָט באַקומען אַ נעבעכדיק אויסזען מיט זיין צעקנאָדעטע פאַרב און צעשליסענעם בענדל.

דער גרינער האָט זיך אויסגעגעלט ווי אַ בלאַט אין טיפן האַרבסט, און ווי אַן אומעטיקער האַרבסט האָט זיך אָנגעזעצט אױף אים.

די תחנונימדריסקע בריוו וועק׳ן וואָס זעלטענער, ווייל ער ענטפערט זיי נישט. ער לעזט זיי נישט. קומט אָן אַזאַ בריוו מיט פוילישע מאַרקעס, שטופּט ער אים האַסטיק אין אַ הויזנקעשענע: שפּעטער איבערלייענען. שרעקט זיך אָבער אַריינצוטון די האַנט אין דער קעשענע, פונקט ווי אַ שרץ וואָלט דאָרטן געלעגן.

ס׳קומען נייע ווינטערס, נייע זומערס. הערשל טשיסטעק האָט נישט געמאַכט „אמעריקע״, האָט אַפילו נישט געמאַכט אויף אַ פּאָר נייע שיך, אויף אַ נייעם בגד, און אודאי און אודאי נישט אויף שיפסקאַרטן. ער האָט אַפילו אויפגעהערט צו טראַכטן אַמאָל צו ווערן אַ בעל־משפּחה, זיך צוגעוואוינט צום בחורשן לעבן, צוגעוואוינט צו די אייביקע יויך־פליישן פון דער אַלמנה, וואָס גיט פאַר ביליקע פּרייזן פּענסיאָן, פאַרגעסן און צוגעוואוינט. יאָרן און ווייטקייט האָבן אָפּגעמעקט דאָס פאַרגאַנגענע.

לייט האָבן געקומען אויף דער העצקע: — אַ בחור, דאָן גרעגאָריע? פאַרוואָס האָט איר נישט חתונה? אָן אַנדערער האָט פאַרגעלייגט אַ שידוך טאַקע די אַלמנה פון פּענסיאָן, אויב זי וועט אים נאָר וועלן, נאָר דער שידוך איז אַ גלייכער. האָט הערשל—דאָן גרעגאָריע געברומט: — נישט אייער באָבעס דאגה... האָט מען אָפּגעלאָזט, נאָר אונטנאַרום געפּרואווט צו דער־גיין: יאָ אַ באַווייבטער, נישט אַ באַווייבטער. דאָס דאָזיקע האָט באַזונ־דערס אינטערעסירט זאַווע דעם כלי זמר, וואָס האָט פאַר הערשלען געהאַט אַ גאַנצן באַרג מיט שידוכים.

נאָר סוף - כל ־ סוף איז דער אמת אַרויסגעשוואומען, ווי מען זאָגט: בוימל אויבן וואַסער. דער עזרת ־ נשים האָט פאַרעפנטלעכט אַ פאָטאָגראַ־פיע, וואָס איז אַפילו נישט געווען אַזוי קענטלעך, אַ בילד פון פאַר צען יאָר צוריק, וואו דער קאַמאַשנמאַכער האָט אויסגעזען ווי אַ „גראַף״. אָבער אידן שטעטלדיקע גיבן גוט אַכטיק, לייענען אַ צייטונג פון עק ביז עק — נאַט, זעט, כ׳האָב באַלד געזאָגט, אַז דער פויגל געפעלט מיר נישט... „אויב ער וועט זיך נישט מעלדן ביז... וועט מען זיין געצוואונגען אָנ־צונעמען מיטלען...״

נ׳אודאי זיינען עטלעכע שטעטלשע כלל־טוער געגאַנגען מיט ענערגי־

שע, געמאָסטענע טריט, מיט וויכטיקע מינעס, אים מיטיילן, אז זיי האָבן געלייענט, קומען זיי אים וואָרענען, דעם שוסטערוק, און אויב נישט מיט גוטן, וועלן זיי אויך אָנבר̤עכן די ביינער, ווייל פאר לאָזן אף הפקר א ווייב מיט קינדער קומט עס בפירוש... קיין זאך בלייבט נישט פארבאָרגן אף דער וועלט, בפרט היינטיקע צייטן... פריער איז געווען עפּעס אַנדערש: מ׳האָט זיך חתונה געהאט, און קיין האָן האָט זיך געקרייט... היינט איז דיר אָפן א וועלט: ראַדיאָ, אעראָפּלאַנען, מ׳ווייסט אַלץ... על כן וואָרענען זיי, זאָל ער וויסן, אז מ׳האָט אים דער̤קענט, דעם פויגל... און אז מ׳וועט דאַרפן, וועט מען א רעד טון מיטן קאָמיסאַר אויך...

נאָר עפּעס מעשה שטן האָט זיך שוין אַזוי געמאַכט, אַז די אידן האָבן נישט געה̤אַט קיין געלעגנהייט אויסצושיטן די אַלע געריכטע טענות זייערע, ווייל דער בעל-דבר אַליין, הערשל טשיסטעק, איז שוין צו יענער צייט געלעגן א שטייפער אזא, מיט א טונקל-גרוי פּנים, פון דעם סם וואָס ער האָט אויסגעטרונקען. דער פּאָליציי - דאָקטער האָט בלויז פעסטגעשטעלט, אז דער סם האָט געהייסן ביקלאָרורא...

# אין שפּאַן

## א.

א געוואַלטיק פאַרנומענער טאָג ביי עזראַן דעם קליטניק. כאָטש האָט זיך אָנגעהויבן דער האַרמידער אין דעם גרעסטן קלייט פון שטעטל, וואָס טראָגט אױפן שילד שטאָלץ דעם נאָמען: „די הױפּטשטאָטישע“ — „לאַ פּאָרטעניאַ“ — און רעקאָמענדירט זיך אַלס די פאַרקויפערן פון סחורה פון בעסטער קוואַליטעט און בחצי חנם.

און גראָד אין דעם טאָג האָט דער פּאָסטן־טרעגער געבראַכט, צוזאַמען מיט אַ פּאַק צייטונגען, געשעפטס־בריוו, אויך דריי אַזעלכע אומאַנגענעמע פּאַפּירלעך, וועלכע ער האָט, ווי זיין שטייגער, אַוועקגעוואָרפן אױפן טאָמבאַנק, אויסזינגענדיק: פּ־אָ־ס־ס־ט!

ווי פאַר וועמען? פאַר אַ טייל איז דער אויסרוף „פּאָסט“ פונם פּאָסטן־טרעגער אַ גאַנצער יש, עס ליגט אין דעם אַ געוויסער מוזיקאַלישער טאָן, עפּעס אַ דערפילונג פון אַ גרויסער דערוואַרטונג, אַ תענוג: בריוו... אָבער פאַר עזראַן איז עס תמיד קאָפּדרייעניש: יעדער בריוו בעט: געלט. איינער רעדט מיט גוטן, אַ צווייטער דערמאָנט, אַ דריטער דראָט, אַ פערטער שיקט אָפּ אַ באַשטעלונג, ווייל ס'איז נישט בייגעלייגט דער טשעק... אָן אָנהייב פון אַ טאָג: דריי בריוולעך געוואַלדעווען, אַז היינט ביז איינס אַ זייגער מוז ווערן געצאָלט אַן ערך דריי טויזנט פּעזעס, אין דריי פאַרשידענע בענק.

וואָס, האָט ער ליגן די טויזנטער גרייט? ער איז גענוג פאַרדרייט, אַז ער זאָל האָבן אַזויפיל מזומן... תמיד פאַרגעסט ער דעם דאַטום פון די

פעליקע צאָלונגען, אָדער אפשר פארגעסט ער נישט, נאָר ס׳ווילט זיך נישט געדענקען...

מען דאַרף צונויפשלעפּן ס׳געלט. אין קאַסע איינגאַנצן אַ זיבן הונדערט־טער. טאַ, ווען מען ליגט דאָס אין זין צו טרינקען אפילו אַ מאַטע, אַז מען מוז פּליען: אײַנקאַסירן ביי די אָנגעשטעלטע, זיינע קליענטן, וואָס נעמען אף ביכלעך, מ׳דאַרף לייען גמילת־חסדימס, מ׳דאַרף אַרויסנעמען אף צען טעג אַ טויזנטער אין „בענקל״, מען דאַרף לויפן גאַנצע קוואַדרעס, און ניט דערעסן, ניט דערטרינקען, קומען אַ מידער פון גאַס, און פּראַכניען און בלאָזן אַסטמאַטיש פון זיך, ווי איינער, וואָס האָט געקייקלט שטיינער באַרג אַרויף.

אין אַזאַ טאָג וועט עזרא נישט ענטפערן גלייך, וועט אפילו נישט פארשטייען, וואָס מ׳רעדט צונם, און בייז זיין ווי דער קודלאַטער בייזער הונט, דער אָפּהיטער פון לאַגער, וואָס לויפט אומגעדולדיק אַהין און אַהער אף דער קייט, — אין דער גרויסער סומאַטאָכע האָט מען פארגעסן אים אַנידערצושטעלן דאָס שיסעלע מאַים. — אין אַזאַ טאָג האָט די דינסט „ס׳געגנאַר״: זי וועט בעסער שטייען מיטן בעזים אין האַנט, — ווייל, אַז דער באַלעבאָס קומט אָן, זאָל ער זען, אַז זי טוט, — און שמועסן מיט איר „ראָמאַנען״, מיט וועמען זי ליבט זיך.

אַז דער קלייט־משרת דאַן פעדראָ, — דער אמתער נאָמען זיינער איז פייטל — זאָל אף איר אַכטיק געבן, ווי עזרא האָט אים באַפוילן, איז גאָר קיין רייד: די קלייט איז פול, אַ טאָג פון לייזעכץ. מ׳זאָל איצט דאָן פעדראָן פרעגן ווי ער הייסט, וועט ער זיכער נישט געדענקען, מ׳צערייסט אים פשוט אף שטיקער. אַלע מיטאַמאָל שטרעקן די ביכלעך, אַלע ווילן ווערן באַדינט די ערשטע: — צוויי קילאָ מעליץ!... אַ ליטער קעראָסען!... אַ שטיקל פּוטער פאַר צוואַנציק סענט!... אַ פלאַש בוימל פון מאַרקע...! האַ? אַ ליטער „פּליט״!... אַ פּעקעלע קאַקאַאָ!... אַ קליין מיידעלע שטרעקט אַ קליין שוואַך הענטעלע: — סעניאָל... איך וואַרט שוין באַלד אַ שעה... פאַר פינף סענט קאַראַמעלאָס!... אַ דיקע פרוי האָט אויפגעפּאַקט אַ פּאַפּיר, דערלאַנגט אַ לאָמפּן - גלעזל און וויל מען זאָל עס תיכף בייטן... אַ שוואַרץ שוי־

גיצל שטופּט אַ זאַק אָפּן טאַמבאַנק: צען קילאָ קוילן!... אַ „פונדעק“ מיט אַ שיכור - העפּלעך מינעלע וואָרפּט אָפּן טיש צען סענט, מיט אַזאַ זשעסט, ווי ער וואָלט דערלאַנגט אַ גאָלדן רענדל: — דאָ האָט איר, סעניאָר, אַדיאָס!...

דער צעשויבערטער אַנגעשטעלטער מוז דאָ אַרויסווייזן וואונדערליכע ביישפּילן פון טאָלעראַנץ, געדולד און זכרון, ער ווייסט נישט, וואָס די דאָזיקע צען סענט באַדייטן... איין מענטש אליין, אין אַזאַ גרויסער קלייט... קליענטן האָבן פּאַריבל...

אַז עזרא קומט צוריק פון גאַס, אַ דערהאַרגעטער פון זיינע האַווענישן צו „איבערדרייען“, קאָכט עס אין זיין פאַרדאַרבענעם אַפּעטיטלאַזן מאָגן, עס עקלט אים פאַר יעדן עסן, וואָס די דינסט קומט אים פּאַרלייגן, און ער איז אָנגעדרודלט אָפּן „מענטשן“, וואָס ווייסט נישט ווי אַזוי צו באַדינען אַ קליענט. — זעט נאָר סאַראַ מהומה, סאַראַ בהלה, ווי דאָס קאָן זיך קיין עצה נישט געבן... אַז מען רירט זיך נאָר אויף אַ מינוט אַרויס פון געשעפט, ווערט פון אַלץ אַ תל...

דער צעמישטער אַנגעשטעלטער ענטפערט אים גאָרנישט, נישט איצט איז דער מאָמענט אָפּצוענטפערן. ער דערלאַנגט אים בלויז אַ פּאַפּירל, וואָס עזרא רייסט אויף מיט אומגעדולד.

—מזל־טוב!... אינמיטן דערינען, נאָ דיר אַ מעשה: ס'ווייב טעלעגראַפירט פון בוענאָס איירעס...

ער כאַפּט נאָכאַמאָל אַ קוק אויף דער טעלעגראַמע: ניין! ס'איז נישט די אונטערשריפט פון זיין ווייב, עס שרייבט אונטער ראָסאַ, די שוועגערין הייסט אויך: ראָסאַ, ווי זיין פרוי.

ס'איז קלאָר: ראָסאַ, זיין ווייב, וואָס איז צוגאַסט ביי איר שוועסטער אין דער הויפּטשטאָט, איז אינטערנירט אין אידישן שפּיטאָל, און מוז אַדורכמאַכן אַ שווערע אָפּעראַציע...

אַז זי איז אַוועקגעפאָרן, איז עס גאָרנישט געווען אַזוי ערנסט. פון עזראס מויל, פון דעם פאַרטרוקנטן, פאַרביטערטן מויל קומען אַרויס עטלעכע: אָלאַ־לאַ־לאַ, זיין געוואוינט ווערטל, ווען ער איז אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט. דאָס „אָלאַ־לאַ־לאַ“ קאָן מען פאַרטייטשן אַזוי: גראָד

איצט האָט זי זיך אויסגעקליבן אַ צייט מיר אָפּצושפּילן אַזאַ מין שטיקל, גראָד איצט, ווען די האָר אפן קאָפּ ברענען איינעם, ווען מ׳באַדאַרף אַדורכ־פירן אַזעלכע שווערע באַנק־אָפּעראַציעס, צוריק איבערדרייען די אַלע גמילת חסדימלעך, דעם טויזנטער נאָר אַף צען טעג אין בענקל, ווען מען האָט קיין מינוט קיין צייט, שיקט מען טעלעגראַמעס, איז מען געפערלעך קראַנק...

„אַ־לאַ־לאַ!“ הייסט: אין סאַמע מיצקע דערינען זיך מאַכן ערנסטע אָפּע־ראַציעס, און לאָזן הפקר אַ געשעפט אַף אַ פרעמדן „מענטשן“, אַ לאַ-יצלח, אַ גאַרנישט, וואָס וועט אים זיכער באַגנבנען... אַ ווייטע משפחה, איז נאָך ערגער... דערלויבט זיך נאָך מער... אַ־לאַ־לאַ!...

פרעגן אַן עצה איז נישטאָ וועמען. עזרא האַלט נישט שטאַרק פון אַן אַנדערנס שכל, און בכלל האָבן מענטשן אַ טבע יענעם אויסצולאַכן: אין די אויגן פיינע ריידעלעך, און הינטן אַרום, וואָלטן זיי דיר אַרויסגענו־מען די קישקעס.

דאָס דאַרע, אויסגעמאָרעטע גופל פליט אויף און אָפּ אין לאַנגן קאָרי־דאָר, איז זיך מישב מיט זיך אַליין, מיטן אייגענעם פאַרשטאַנד... מוז ער דען פאָרן קיין בוענאָס איירעס? אפשר דאַרף מען אים דאָרטן גאָרנישט אַזוי נויטיק?... וואָרום, וואָס איז ער דען? אַ כירורג? אַלאַ־לאַ־לאַ! אַלאַ־לאַ־לאַ! ברומט עזרא מיט כעס. לויפט ווי אַ בלינדער אויף און אָפּ, קלאַפּט אַן אַלעמאָל מיטן קאָפּ אין דער פאַרמאַכטער קאָרידאָר־טיר; די דינסט, וואָס האָט משלח געווען איר געליבטן, ווי באַלד עזרא האָט נאָר אַריבערגע־טרעטן די שוועל, קוקט מיט חידוש אַף די ווילדע גענג פון דעם „פּאַטראָנ־דל“... יענער לויפט ווי עפּעס אַ מייזל אַ געפאַנגענס אין אַ שטייגל, אויף און אָפּ און רעדט צו זיך: — וואָלט כאָטש געווען עמעצער פון די קינדער דאָ... אַן איינפאַל אַביסל, איר משוגענער איינפאַל נעמען אוועקשיקן אַלע קינדער: די ייִנגלעך, די מיידלעך נאָך בוענאָס איירעס... באשר, זיי מוזן זיך לערנען און אים לאָזן אַליין, אַליין מיט דער קלייט, מיטן ביליאַרד, מיטן קאַפּע, אַליין, אַזוי ווי אַ הונט אַליין... און דאָ נאָ דיר אַ יאַזדע קיין בוענאָס איירעס... אַ שפּאַצירל... אַלאַ־לאַ־לאַ!

פון דעם לויפעניש אויף און אָפּ קומט עזרא צו דער מסקנא, אַז ער

וועט שיקן א טעלעגראמע:: אָנפרעגן צ'י מ'דארף אים טאַקע דרינגענד...

איידער ער אוספּעיעט נאָך אָפּצושיקן די דעפּעש, גיט דער פּאָסט־שליח איבער א נייע טעלעגראמע צו חתמענען: תיכף קומען!!! אָלאַ־לאַ־לאַ!... איצט איז ער אף אַן אמת רואינירט!... איצט... איז אַלץ אף גאָטס באַראָט... אָלאַ־לאַ־לאַ!... נו, מילא... זאָל עס נעמען דער טייוול...!

***

ווי גרויס איז א נאַכט? צען שעה, צוועלף שעה? פאַר עזראן איז זי אַן אייביקייט, אַן אומענדלעכע פּיין. זיצט ער דער פאַרדאַגהטער סוחר אין א ווינקל פון וואַגאָן און קוקט אף די פאַרלאָפּענע שויבן... איין בינטל נערוון. נאַ דיר גאָר א זיצעכץ פון א גאַנצע נאַכט, און גאָרנישט טון... נעמט אַרויס א בליישטיפט מיט א נאָטיץ־ביכל און נעמט חשבונען, איז ער זיך אַלע־מאָל טועה. און א חוצדעם טרייסלט די באַן אַזוי, אַז די ציפערן קומען אַרויס גאָרניט קענטלעך... דער קאָפּ! דער קאָפּ! דער'צ'ו זיצט ער נאָענט צום טואַלעט־צימערל, פאַראַלט מען כסדר מיט די טירן, און ס'קומט אים אויס צו האַלטן רעכענונג, ווער און וויפל פון די פּאַסאַזשירן לויפן טון א באַ־דערפעניש... וואָלט עזרא זיך אויפגעהויבן און געלאָפן אויף און אָפּ ווי יע־נער טיגער אין זאָאָלאָגישן גאָרטן. — סעניאָר, אפשר האָט איר עפּעס צו קאָפּוויטיק?... — ליידער נישט, סעניאָר, ס'קאָן זיין דער קעלנער פון שפּייז־וואַגאָן, אָבער איצט שלאָפט ער, ס'איז שוין נאָך האַלבע נאַכט... יאָ, ערשט אַרום זעקס פאַרטאָגס, וועט איר קענען בעטן ביי אים...

תמיד, אז ער פאָרט קיין בוענאָס איירעס, פאַרגעסט עזרא נישט אריינ־צולייגן אין וועסטל־קעשענע עטלעכע טאַבלעטלעך צו קאָפּ־וויטיק, און דאָ האָט ער פאַרגעסן...

—אַז די באַן וועט אַרויף אפן „פעריבאָט", וועלן די שמערצן נאָכלאָזן, גאַנץ באַשטימט, סעניאָר... — טרייסט אים דער הער פון קעגנאיבער... — ווייל די שיינע לבנה־נאַכט אפן פאַראַנאַ, ווירקט זייער באַרואיקנדיק אף די נערוון, — מיינט ווייטער דער הער, וואָס טוט זיך אַן דעם מאַנטל און דעם קאַפּעלוש, בכדי צו כאַפּן פרישע לופט אף דער ווייסער מיט לבנה־ליכט באַגאָסענער פּלאַטפאָרמע פון שיף, וואו ס'רוען זיך אף א ווײלע אָפּ די

פּילדערנדיקע וואגאָנעס... דאָס בינטל נערוון רוט נישט, דאָס שטילע שאָרשן פון די וואסערן מאַכט אים נאָך מער קראַנק, עס מאַכט אים פּשוט דול... מיטן הער וויל ער נישט מיטגייען אַף דער פּלאַטפאָרמע „באוואונדע־רן די פאַרכשופטע ברעגעס פון פּאַראַנאַ, וואו עס באָדט זיך אוים די פולע לבנה"... ער וועט זיך שוין דאָ אַזוי אָפּפּלאָגן, ביז מ'וועט אָנקומען קיין בוענאָס איירעס...

די נאַכט פון קוואַל טרעט אָפּ פאַרן שוואַכן בליאַסק פון פאַרטאָג, און אַן אומזיכטבאַרער צודעק פאַרהילט מיט רחמים אַ מידן, זייער מידן מענטשן...

# ב.

עזרא איז אָנגעקומען אין שוואָגערס שטוב, גראָד דאַן, ווען מ'האָט זיך געגרייט אַרויסצוטראָגן דעם שוואַרצן קאַסטן. געווען אַ פולער קאָרידאָר מיט מענטשן. קיינער האָט צונם נישט גערעדט אַ וואָרט. מסתמא פירט מען זיך אַזוי... מען האָט אים אָפּגעטרעטן דעם וועג, ווייטע קרובים האָבן גע־שאָקלט מיט די קעפּ, די גאָר נאָענטע האָבן ביים באַווייזן זיך פון דעם דאָ־זיקן הויפּט־פּראָטאַגאָניסט פון דער געשעעניש געפונען אַ באַרעכטיקונג צו הויבן יללות ביזן הימל...

עזרא באַנעמט מיטאַמאָל די גאַנצע סיטואַציע און פילט זיך אַ ווײַלע ווי פאַרלוירן: ס'איז אים קיינמאָל נעקומען אפן זין צו טראַכטן, ווי אַזוי זיך נוהג צו זיין אין אַזעלכע פאַלן: צי שרייען הויך אפן קול, צי וויינען, צי כליפּען ווי די מאַמע זיינע ערב יום כפּור...

אַ פראַגע־צייכן איז געלעגן אין זיין בליק: סטייטש, געפאָרן, גאָרנישט אַזוי געפערלעך און דאָ פּלוצים: טויט... נעמט אַרויס אַ טיכעלע, פאַרדעקט די אויגן, מיט גיכע שריט איז ער לעבן דער מטה.. ראָסאַ! ר־אָ־ס־אַ!... אָרימע ראָסאַ!...

אַף גיך ווערט ער געוואויר: די אָפּעראַציעס — געווען עטלעכע אָפּע־ראַציעס — געלונגען, נאָר קאָמפּליקאַציעס, איר שוואַך האַרץ... ווייבער שרייען: — אַזאַ יונגער בוים!... אַזאַ אָפּגעהאַקט לעבן! צווישן די קלאָג־ווייבער איז אויך די שווענערן ראָסאַ, מיט צעשויבערטע האָר, פאַרוויינטע,

רויטע אויגן ... דאָס פּנים אירס גאַרנישט קענטלעך... איצט וועט זי זיך דאָך נישט גיין שמינקען, האָט זי אַזאַ אויסזען ווי איר ברודער, דער רוי־טער שמואל, נאָר אָן אַ באָרד... די קינדער זיינען לעבן דער מאַמען, מען יאָגט זיי אַרויס, ווייל די ווייבער זיינען געקומען „טון איר רעכט". די צוויי דאַרע, נידעריקע און שוואַכע מיידלעך זיינען איצט נאָך קרענקלע־כער און נעבעכדיקער, פּונקט ווי זיי וואָלטן גאַרנישט געוואַוּיגן. אויך די אויסגעדאַרטע לאַנגע יינגלעך פּלאָנטערן זיך ווי גולמס און קוקן טאַמעוואַ־טע צו דעם אָרט, וואו זייער טויטע מוטער ליגט. אַז די ווייבער הייבן אָן זיך מתעסק זיין מיט דעם בר־מינן, רייסן זיך די מיידלעך אַריין אינעוויי־ניק און ווערן צאַרט אָפּגעשטופּט פון אַן אַלטער מומע: „קינדער דאַרפן עס נישט זען"... אָט טראָגט מען שוין די מטה, און די קינדער לאָזן אַרויס אַזאַ געפּישטש, אַזאַ האַרצרייסנדיק געוויין, אַז די אַרומיקע, אפילו מענער, ווע־רן אָפּהענטיק, קוקן זיך איין אָף טשיקאַוועסט אין טאַטן, וואָס וועט ער דאָס זאָגן צו אַזאַ ווייטיק־אויסברוך פון די יתומים און יתומות... די אַלטע ווייבער דעקן אויף דאָס פּנים פון דער פאַרשטאָרבענער, כדי דער מאַן זאָל כאַפּן אַ קוק צום לעצטן מאָל אָף דער לעבנס-באַגלייטערן זיינער. עזראַן דאַכט זיך, אַז מען האָט אים דאָ אָפּגענאַרט: דאָס איז נישט זיין ראָסאַ, דאָס איז אַ מאַסקע, וואָס האָט אַ קאָליר פון אַלטן פּאַרמעט... ס'איז גאָר קיין מענטש...

***

מען זיצט שבעה. עזרא האָט טעלעגראַפירט צום אָנגעשטעלטן, ער זאָל פאַרמאַכן אָף אַכט טעג די קלייט, דעם ביליאַרד און די קאַפע. דער „מענטש" האָט תיכף אָנגעקלעפּט אָף דער טיר פון דער „לאַ פּאָרטעניאַ": — „געשעפט געשלאָסן אָף אַכט טעג צוליב אַ טויט-פאַל אין דער פאַמיליע".

דער אומרו עזרא רוט נאָך יאָרנלאַנגער האַוועניש. אַ נס: עזרא דער סוחר זאָל גאָר איינזיצן שטילינקע ווי אַ קעצעלע, גאַנצע זיבן טעג, זיך דערלויבן אַזויפיל צייט: זיצן און טראַכטן, זיצן און טראַכטן ...

די אַלטע לייט פלעגן ביי אַזאַ געלעגנהייט לייענען דעם ספר איוב, אָדער אַנדערע ערנסטע טרויעריקע ספרים. עזראַן פעלט עס אפילו ניט איין:

לײנען גאָר! װאו איז דער קאָפּ דערצו? איבערהױפּט האָט ער גאָרנישט קײן פּיצל געדולד צו לײענען, ער האָט שױן יאָרנלאַנג נישט געלײענט, געפינט קײן טעם דערין. ליגט אַ בוך פאַר אים, איז ער אימשטאַנד שעהן־לאַנג צו גלאָצן אױף אײן און דעמזעלבן זײטל, װי אַ תם, װי אַ מענטש אָן שכל.

אין דעם אָבלם זכרון שטײט אױף אַן אַנדער עזרא, אַן עזרא פון פאַר אַ דרײסיק יאָר צוריק, אַ ײנגער האָפּערדיקער קאָלאָניסטישער בחור, װאָס איז געװען אײנער פון די הױפּט־גרינדער פון דער ביבליאָטעק אין קאָלאָניע... נאָך טעג פון אַקערן, פון הוקען אױף די פױלע אָקסן, פלעגט מען זיצן נעכט לאַנגע און שלינגען ביכער... אָ, די געבענטשטע רעגנדיקע טעג, װען מ׳האָט אפן קאַמפּ גאָרנישט געקענט טון, די טעג פון מנוחה, װען מ׳פלעג אָנזאָט־לען דעם „סאַאינא“ און אהײמברענגען דאָס דיקסטע בוך און עס לײענען אין אײן אָטעם...

שױן לאַנג נישט געטראַכט פון דעם ײנגן עזרא, פון דעם אַמאָליקן עזרא, װאָס האָט אַזױפיל געלײענט, אַזױפיל געגלױבט און דעם גלױבן טאַקע גע־נומען פון די ביכער, און אַרײנגעזונגען אין דעם האַנט־פלוג, װאָס האָט גע־ריסן די בתולהדיקע ערד, געדאַנקען־לידער פון קראָפּאָטקין, פון טאָלסטאָי, געלאַכט צו זיך, דערמאָנענדיק זיך שלום עליכמס אַ מעשה, פון טוביה דעם מילכיקערס חכמות, פון ר׳ יוזיפלס פּשרות, פון די קאַסרילעװקער מענטשע־לעך, געחלומט פון אַ נײער װעלט, װאו מיר „נשמה־יתירהדיקע אידן װעלן“... „און אויב איר װילט, איז עס נישט קײן מעשהלע“... און „אין דער סאָכע ליגט מזל ברכה...“ יאָ, מזל ברכה, צופרידנקײט און אַ פרײ לעבן, אַ לעבן פון מנוחה, װי אין אַ חלום: „אונטערן אײגענעם פײגנבױם און אונטערן אײגענעם װײנגאָרטן“...

ס׳איז גאָרנישט געװאָרן דערפון: װאָס הײסט מען װעט לאָזן אַזאַ פּעאָיק ײנגל װי עזרא, אַזאַ אױסטױגער, װאָס קען האַלטן אַ פּען אין דער האַנט, אַ מושלם בכל המעלות, אַ רײדער, אַ שרײבער, אַ גוטער אַרבעטער— פאַרפאַלן װערן אין „װיסטן פינסטערן קאַמפּ“... מילא, װאָלט ער נישט אױסגעטױגט צו עפּעס אַנדערש, װאָלט ער שױן געמוזט אַזױ בלײבן בײ דער

„פינסטערער מלאכה“, אָבער אַזעלכע ווי ער מוזן זיך אַרויסראַטעווען ביי־ צייטנס פון קאַמף, מוז ווערן אַ לייט... ער מוז...

יאָ, ער האָט זיך געעקשנט, דאָס בחורל... ער האָט, זאָגט ער, אַ חוץ דעם אידעאַל, גלאַט ליב דעם סווישטש פון אַ בייטש, האָט ליב דעם שטילן בנעימותדיקן גאַנג פון די אָקסן, האָט ליב די מידקייט פון די גלידער נאָך אַ טאָג אַקערן, האָט ליב דעם טוי פון פּאַרטאָגס, וואָס נעצט אַדורך די מלבושים ביזן העמד, האָט ליב זיך צו לאָזן אין די ווייטע קאַמפן אויף אַ גוטן פערד, האָט ליב ס׳חיות דעם באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ פון די ענטרע־ ריאָסער פעלדער... האָט ליב דאָס לעבן אויפן פעלד, און וועט נישט אַוועק...

און דאָ שטייט מען ממש צו צו אים, ער זאָל אַוועק פון דעם גאַנצן אויסגעטרוימטן רחבות, באשר שלמהס יינגל איז שוין באַלד אַ גאַנצער דאָקטאָר; הערשל האָט אַ הון מיט געלט; בערל האָט טויזנטערס אין די בענק; זאַנוול האָט הייזער, געוועלבער אָן אַ שיעור, און פון זיצן אויפן קאַמפּ וועט אַזעלכעס קיינער נישט דערלעבן... וואָס איז ער ערגער פון אַנדערע? וואָס זיינען זיי אַנדערש ווי אַנדערע?... דעם קאַמפּ קאָן מען באַארבעטן מיט אַ פּעאָן... אז ער וועט אַוועק, וועט ער אַזויפיל פאַרדינען, אז ער וועט אויס־ קויפן גאָר גיך דעם קאַמפּ און דעם „רעמאַנענט“...

זי דערקוטשעט אים אממיינסטס, זי, די קיילעכיקע קליינוויקסיקע ראָסאַ, וועמעס קיילעכיק קערנדיק ווייס לייב ער האָט שוין געפּילט, זיינע פינגער האָבן פיבערדיק אַרומגעבלאָנדזשעט איבער די מיידלשע קערפּער־ פאָרמען, אמאָל אַ זומער ־ פאַרנאַכט אונטער אַ ליאָן־סטערטע פון אַ שכן. דאָרטן האָט זי אים צוגעזאָגט, אז זי וועט זיין זיינע, זי האָט אים ליב, אָבער, זי פאַרלאַנגט פון אים, ער זאָל ווערן עפּעס בעסערס, אַרויס אין שטאָט...

די פלייצנדיקע וואַסערן מאַכן מיט דער צייט פון שמאָלע ראָוועלעך טיפע גריבער אויף די ענטרע ־ ריאָסער וועגן, און די רייד, די עקשנותדיקע רייד פון זיינע נאָענטע און פון איר, האָבן זיך אַזוי אריינגעגעבערט אין דעם יינגן עזראן, אז אין איין שיינעם טאָג, האָט ער איינגעהאַנדלט ביים דיקן יואל אין קלייט אַ ביליק רעקל, אַ פּאָר שטאָטישע הויזן, אַ פּאָרל געלע שיך,

אַ שניפּס, אַ קאַפּעלושל, און אַוועקגעלאָזט זיך דורך אורוגוויי מיט דער שיף קיין בוענאָס איירעס: לערנען... ס'רעדט זיך נאָר אַזוי „לערנען": גי־כער זיינען דאָס געווען פאַרשידענע פּרוואוון צו באַקומען אַרבעט... געאַר־בעט באַ בעטן אייזערנע, געאַרבעט באַ אַ קצב, געאַרבעט אין אַ סטאָליערײַ, געאַרבעט אין אַ „מערקאַדאָ", געאַרבעט און זיך אויסגעלערנט בוכ־האַלטעריע...

איז מען שוין אַ מענטש אַ זעלבסטשטענדיקער, און מ'קאָן אַראָפּנעמען אין שטאָט ראָסאַן...

## ג.

יאָרן גייען. קינדער, פרייד, לייד, אַרויף, אַראָפּ, אַריין אין שפּאַן און פאַרגעסן די „פייגעלעך אין בוזים"... אָנגעהויבן איין געשעפט, אָפּגעלאָזט, אַריין אין אַן אַנדער געשעפט. לויפן, יאָגן, שטעלן אַ קלייט, פאַרגרעסערן די קלייט, מאַכן אַ פיליאַלע, אָנזעצן, זיך אויסגלייכן, אָנהייבן אָפּסנייי.

יאָרן שוין באַלעבאָס פון דער אָנגעשפּיקעוועטער קלייט אין דעם ענ־מרע - ריאָסער פּראָווינץ - שטעטל, בעסטער אויסוואַל, די פיינסטע קליענטן, אָבער: דער קאָפּ טראָגט, מען ווייל דאָס, מען וויל יענץ, איינפירן נייע אַר־טיקלען... דרייען, קרעדיט. שוין יאָרנלאַנג קיין פּיצל פרייע צייט, קיין שבת, קיין יום טוב, קיין פריינט... אַ פּוסט לעבן... איצט ערשט נעמט אַרום אַ חשק צו קעשענען אפן קול, ווען ער זאָל זיך ניט שעמען פאַר די אַלע טרייסטער און שבעה-זיצער.

ער דערמאָנט זיך, אַז זיין קונה שמחה בערנשטיין פלעגט אים בסדר לאַדן צו זיך אפן קאַמפּ: סעניאָר עזרא, נעמט אייער פלוניתטע און קומט צו אונז אַף אַ צוויי - דריי טעג, פאַרוואָס דען נישט אַף גאַנצע אכט? איך זעט שלעכט אויס, איך זאָל אייך נישט באַליידיקן, זעט איר אויס ווי אַ טייוול... פאָלגט מיך, וועט איר זיך פאַפּראַווען...

זיין ענטפער פלעגט תמיד זיין אין אַזעלכע פאַלן: — נישטאָ קיין צייט... ווי איר קוקט מיך אָן איצט, האָב איך אַפילו קיין צייט מיט אייך קיין צוויי ווערטער צו ריידן... געשעפטן, איר פאַרשטייט: געשעפטן...

—אַ מענטש מוז זיך אַמאָל אויסשפּאַנען, פּאַר זיך אַליין פּראַווען אַ יום טובֿל, תּמיד איינערליי אינדערוואָכנס איז נישט גוט...

עזרא האָט אים געהערט מיט אַ האַלבן אויער, ער פֿלעגט מפסיק זיין פון איין חשבון צום אַנדערן: — אייך, קאַלאָניסטן, איז וואויל, איר זענט נישט קיין פּאַרקויפטע מענטשן. ווען איר ווילט, זאָגט איר: באַסטאַ! אָבער מיר, פון סוחרים־קלאַס, זיינען תּמיד אונטער דער בייטש ווי אייערע פערד אין פלוג, אין דער קאָסטעטשאַדראַ...

שמחה בערנשטיין האָט אין דאַן איבערגעהאַקט מיט אַ גוט־מוטיקן גְעבייזער:

—איך, זעט איר, סעניאָר, בין נישט מסכים מיט אייער אופן לעבן— מישטיינס געזאָגט... אַז מען איז מיד, מאַכט מען אַ סיעסטע... ווער לאָזט אייך נישט שבת אָדער זונטיק באַזוכן אייערע קרובים, גוטע פריינט, מאַכן אַ שפּאַצירל, ערגעצוואו פאָרן? וואָס הייסט דאָס, אַ מענטש זאָל זיך נישט קענען אויסשפּאַנען? היינט צו וואָס לעבט מען איינגאַנצן אויף דער וועלט? וואָסערע נוצן האָט אַ לעבן פון לויטער האָוועניש? זעט איר, אפילו, להבדיל, די פערד, וואָס מ'שפּאַנט אויס פון דער אַרבעט, זוכן אַ פאַרגעניגנדל, קאַ־טשען זיך אַדורך, ליגן זיך און וואַרעמען זיך אויס אויף דער זון, נאָכדעם ווי זיי האָבן געאַרבעט, ווי זיי האָבן זיך אָנגעגעסן מיט גראָז צו דער זעט... זיי־נען מענטשן דען ערגער ווי בהמות?...

כ'לעבן, געדעכט געוועזן: ערגער די בהמה, ערגער ווי די חיה! ערגער...! ראָסאַ איז געווען די בייטש, וואָס האָט געזאָגט... עזרא הויבט זיך אויף פון בענקל, לויפט אין די לאַטשן הין און צוריק איבערן צימער, גייט צו אַ וויי־לע צום פענסטער, דורך וואַנען עס דרינגט אַריין דאָס געגרילץ און געשלייף פון די טראַמוויי־רעדער איבער די גלאַנציקע רעלסן. ראָסאַ די שווענערן ברענגט אַריין אַ טעפּל מילך און אַביסל ביסקוויט, ער זאָל דאָך נעמען עפּעס אין מויל אַריין... אויך דער שוואָגער אהרון איז צוריקגעקומען פון גאַס, ביידע ווי דער שטייגער, הייבן אָן נאָכזאָגן שבחים דער טויטער: אַזאַ שטי־לע טויב, אַזאַ געטרייע, איבערגעגעבענע מאַמע, אַזאַ באַשיידנע, אַזאַ גוט האַרץ, און אָפּגעשניטן אין סאַמע מיט פון בליען. עזרא רעאַגירט נישט,

ווייזט בלויז מיט שטום־לשון אפן קאָפּ, אז ר׳צעפּלאַצט אים שיעור... די קינדער ברעכן אוים אין אַ שפּאָגל־נייעם געוויין...

זיצט דער טאַטע ווידער אפן בענקל, דער קאָפּ צווישן די סני און קעמפּט מיט די בייזוויליקע געדאַנקען וועגן דער אָפּגעשיידטער: מ׳טאָר דאָך נישט! ער טוט איר דאָך אַן עוולה מיט אַזעלכע מחשבות... זי איז ניט געווען אינגאַנצן שולדיק, ווייל זי האָט געוואָלטיק געליטן.

אַלס סגולה נעמט ער טראַכטן פון זיין אייגענער טאַטע־מאַמע. איבער׳ רן פּיאַנאָ העַנגט די פאַרגרעסערטע פאָטאָגראַפיע פון די צוויי אַלטיטשקע...

אַז עזרא איז אָפּגעפאָרן לערנען, האָבן זיי זיך אויך נישט לאַנג אויפ׳ געהאַלטן אין קאָלאָניע. דער זון רופט אַרויס מיט צערטלעכקייט די ברעק׳ לעך זכרונות, שעפּטשעט מיט ליבשאַפט ווערטער: טייערע טאַטע-מאַמע, וואָס האָבן אויסגעלעבט זייער שטיל באַשיידן לעבן, בעסער פון זייער זון, וואָס האָט געהאַט פולע הויפענעס געלט, מעבלען מיט שפּיגלען, מעבלען גע׳ שניצטע און געצאַצקעטע, פון זון, וואָס האָט געהאַט אַ בלישטשענדיק מע׳ טאַלן בעט מיט מלאַכימלעך, מיט אַמאָרלעך, אַ בעט ברייט ווי די וועלט, מיט אַ ווייכן וואָלענעם מאַטראַץ, מיט זיידענע, געבלימטע דעקן — ער האָט ניט געקענט שלאָפן, דער אומרואיקער זון זייערער... און זיי, די לי׳ בע אַלטיטשקע, האָבן שוין אַזוי אויסגעלעבט אין מנוחה זייערע יאָרן אין אַ מושב־זקנים און זקנות פון אלט־ירושלים... אָ, האַרציקע טאַטע־מאַמע, וואָס אייערע ביינער רוען מסתמא אפן הר־הזיתים, גיט מיר אַ ביסל פון איי׳ ער זעליקער מנוחה!... שענקט אַ נדבה!...

מטושטשע זכרונות. שוין לאַנג, זייער לאַנג. זיי האָבן זיך געזעגנט די אַלטע לייט, מיט צאַרטע צייַנלאָזע רייד, זשאַמזשענדיק: — עזרא, בלייב געזונט... מיר פאָרן שטאַרבן אין ארץ הקדושה, מיר ווילן נישט האָבן גלגול מחילות... יאָ, קינד, דאָ קאָן מען אויך רוען אפן בית־החיים... יאָ, דאָ קאָן מען אויך זיין אַ איד, לערנען, תפילה טון... מלא כל הארץ כבודו... אָבער דאָ, האָט ס׳ביסל לעבן קיין טעם...

ס׳איז געווען אַ מין לעבעדיקע לויה צו באַגלייטן די אַלטיטשקע

צו דער שיף, — געדענקט ער, — און ווען די שיף האָט זיך גערירט פון ברעג, האָט ער געהאַט ס'געפיל, אַז ער דאַרף זאָגן קדיש...

ברעקלעך אָפּשייד־ווערטער בלייבן איינגעקריצט אין זכרון... דער טאַ־טע זאָל האָבן געזאָגט: — לעב בשלום, זיי א שמך בחלקך. מיר וועלן פונ־דערווייטנס אייך שיקן אונזער ברכה... דאָס מאַמעלע האָט, דאַכט זיך, געהעשעט.

ער האָט זיי קיינמאָל מער געזען די עלטערן זיינע. נאָר אַף אַ מאַסן־פּאָטאָגראַפיע, וואָס א משולח פון א ירושלימער מושב־זקנים און זקנות האָט אים געוויזן, כדי זיך בייצושטייערן, האָט ער זיי דערקענט: דאָס קליינע איינגעדאַרטע און איינגעשרומפּענע מאַמעלע מיט אַ באַטיסטן־טיכל אַפן קעפּעלע, ארומגעבונדן דעם האַלז, און דאָס טאַטעלע, דאָס פּרומינקע טאַטעלע מיטן שיטערן ווייסינקן בערדעלע האַלט אַ קרומען שטעקן פון אַ מאַנדל־בוים...

צו זייער אנדענקן האָט ער דאַן אין דער קאָלאָניע, וואו ער איז אויפ־געוואַקסן, אַן אָרון־קודש מיט זייערע נעמען איינגעקריצט, אַלס מתנה דעם שילכל געווידמעט...

## ד.

די טעג פון שבעה זיינען לאַנג און פּוסט, און דער אומרו עזרא האָט צייט גענוג צו גריבלען. גריבלט ער אַזוי לאַנג, ביז די כעסדיקע, תרעומות־דיקע געדאַנקען וועגן זיין פאַרשטאָרבענער פּרוי האָבן זיך מיט אַ צו־להכעיס געמאַכט אַ וועג, ווי פאַרפּלייצנדיק וואַסער דורך אַ דאַמבע...

אָט נעמט מען אַ צוזאַמענלעבן און מען לייגט עס אונטער אַ פאַרגרע־סער־גלאָז, און מ'באַטראַכט עס, מען נעמט אַ סקאַלפּיר־מעסערל און מען צעדרויבלט עס...

צוזאַמענלעבן, קידער־ווידער־לעבן אַף אַ וואָגשאָל און וועגן זיך ראַפּ־טום, אַרויף און אַראָפּ... קידער־ווידער וועגט שווערער ווי גליקלעך צוזאַמענלעבן...

די בילדלעך טאַנצן, מיניען זיך ווי ביי די אַלטע קינאָ־בילדער... קורצע

פרייד־מאָמענטן פון מאַן־און ווייב-לעבן, קימפּעטן, שמחהלעך, מחיהדיקע ריחות פון פריש־געמאָלטע שטיבן, פון פרישע געפעסן, פון גלאַנציקע מעב־לען, פון קינדער־פרייד, פון שפּע־יאָרן אין די געשעפטן . . .

די סטענגע ציט זיך ווייטער: אַ גרילצנדיקע, דורכדרינגנדיקע שטימע, וואָס הערשט איבער אים, איבער דער דינסט, איבער די קינדער, איבער די צימערן, איבער יעטוועדן ריר זיינעם, איבער זיין גאַנץ לייב און לעבן... אַל־זאָ: סך-הכל — אַ שלעכטע פרוי, וואָס האָט אים פארביטערט דאָס לעבן?

ניין! אויך אַף איר איז אַ רחמנות . . . ראָסאַ איז געווען אַ קראַנקע... דאָס האָט זי געמאַכט פאר אזא בייזע, באַפעלערישע, גיפטיקע...

זשמעניעס בייזע מחלוקת - רייד זשומען אין קאָפּ: — ראָסאַ, רעג דיך נישט אויף, ס׳קאָן דיר נאָך שאַטן צום מאָגן, ס׳רייצט די נירן... ראָסאַ, זאָל די דינסט סקראָבען די פּאָלן... נאָכוואָס טוסטו עס, דו ברענגסט זיך אום... ראָסאַ, גיי ארויס אביסל אַף דער פרישער לופט... ראָסאַ, רייס דיר נישט אָפּ ס׳האַרץ מיט די קינדער... ראָסאַ, מ׳קען זיך באַגיין אָן דיר אין קלייט, גיי אין שטוב, נעם די מעדיצין...!

ראָסאַ האָרכט נישט, טוט דוקא אַף צו להכעיס. רק זי האָרעוועט, רק זי האַוועט, רק זי שאַרט, רק זי וואַשט, רק זי קריגט זיך מיט דער דינסט, רק זי איז בייז ווי אַ ווילדע בין, וואָס מ׳האָט צערייצט אין סאַמע בין־שטאָק: זשום, זשום, זשום... וואָס זשומעסטו, ראָסאַ? לאָז צורו! ניין, זי וויל נישט לאָזן צורו . . .

אָט רייסט זי זיך אריין אין קלייט, שבת אין אָוונט, אין אַ מאָמענט פון גרעסטן לייזעכץ, ווען דאָס לאַנגע צימער און די נעבן־צימערן זיינען אָנגעפּאַקט מיט קליענטן, טרינקערס, ביליארד־שפּילערס. עזרא סומירט די ביכלעך, שרייבט פאַקטורעס, דער „מענטש“ לויפט פון איין קונה צום אַנ־דערן, אַ גערודער, אַ האַרמידער... איז זי דאָ, אַ נישט־פאַרקעמטע, ארויפ־געשאַרצט די אַרבל, גלייך אַף אים, שיפּעט אים אין פּנים אריין:— ע־ע־ע־ז ז־ר־ע! לואיסיטאָ איז פארביי!!! און דיך אַרט גאָרנישט... מ׳דאַרף טעלעפאָנירן, רופן דעם דאָקטאָר — מאָלט זי גיך, גיך, — ניין!! בעסער אַ קאָנסיליום! ס׳קינד איז פארביי... אַ טאַטע איז דאָס דיר!!! . . .

עזרא לאָזט שטיין אַלץ אין סאַמע מיטן, גייט אַוועק, נאָך צו דעם טירל, וואָס פירט אין זיין פּריוואַט־וואוינונג. תיכּף קומט ער צוריק און מורמלט צערייצט: אָלאַ־לאַ־לאַ! אַ דרייסטער, חוצפּהדיקער קליענט קלאַפּט זיך מיט אַ פינגער אַפן שטערן, און ווייזט אַפן טירל: דאָס הייסט, לויט זיין מיינונג, איז יענע דאָרטן נישט מיט אַלעמען... אין אַנדערער, וואָס האָט שוין אויסגעלייזיקט ס'דריטע גלעזל רויטוויין, זאָגט אַרוים זיינס אַ סברה צו דעם מיטטרינקער, אַז אַזעלכע ווי די דאָרטן דאַרף מען גוט אַדורכקלאַפּן, וועט זי ווערן אַ נאָכגיביקע ווי אַ טייג, וואָרום, ער האָט דערפאַרונג: זיין אַלטע איז אויך געוועזן אַ צו פּיסקעוואַטע, טאָ, איינמאָל... צוויימאָל... איז זי געוואָרן אַ מענטש...

דער קלייטניק קאָן נאָך אַלץ נישט קומען צו זיך, איז זיך טועה מיטן רעכענען: אָלאַ־לאַ־לאַ! אומזיסט אָנגעמאַכט אַזאַ טאַראַראַם... וואָסערע „פּאַרביי“, אַז ס'קינד האָט אַפילו נישט קיין היץ... אָלאַ־לאַ־לאַ! פון אַביסל פאַרקילעכץ צו מאַכן אַזאַ רעש!...

אומענדלעכע מחלוקתן וועגן אַ תּכלית פאַר די קינדער. זי: — די קינדער מוז מען אויפוואַקסן אין דער גרויסער שטאָט, מען טאָר זיי נישט האַלטן דאָ, אויף די מיידלעך. בעט זיך עזרא ביי זיין פרוי: — לאָמיר זיין ווי אַלע, נישט איינרייסן ווענטן. מיידלעך איז גענוג, אַז מען לערנט זיי אויס לייענען, שרייבן, זיי זאָלן קענען פאַרשטיין אַ בוך, נאָכדעם נייען, שטיקן, קאָכן, און מ'טוט מיט זיי שידוכים... פון די יינגלעך, וואָלט אויך ניט געשאַט, אַז איינער זאָל מיטהעלפן אין קלייט, מען קאָן דאָך נישט תּמיד האַלטן פרעמדע מענטשן, אַ צווייטער וועט לערנען בוכהאַלטעריע און גענוג! איך קאָן זיך דאָך נישט רואינירן צוליב די קינדער... קינדער לאָזן שטודירן דאַרף מען זיך אָנגרייטן אַ גרויסן בייטל, הונדערטער חודשלעך...!

ראָסאַ איז אַן עקשנטע: ניין און ווידער אַמאָל ניין! — ראָסאַ אין בועט־נאָס איירעס דערציט אירע קינדער, מאַכט פון זיי מענטשן, איינער אין „קאָלעכיאָ“, איינע אין ליצעאום, צוויי „קאָמערסיאַל“, אַ מיידל אין קאָנסערוואַטאָריע... אַהרון איז אַ מענטש, וואָס פאַרשטייט. זי האָט ביי אים אַ

לעבן, יענע ראָסאַ, ווער מיר גיטס גינט... וואָס דען, אהרון איז נישט אַזאַ דרעק־פּרעסער ווי דו...

שוין געהערט די טענות אומצאָליקע מאָל, בעט ער זיך ביי איר: — זע, פאַרביטערסט דיר אַליין דאָס לעבן מיט דיין קנאה. וואָס, וואָס פעלט דען דיר? האָסט אַלץ! גאָרנישט פעלט דיר...!

דאביי צעשרייט זיך דאָס ווייב היסטעריש: — אַן אַלטמאָדישער ביז־טו! קינדער ווילסטו מאַכן פאַר קעכנעס, די יינגלעך פאַר בעלי מלאכות!!! ניין, ניין!! דאָס וועט נישט זיין...!

זי האָט אויסגעפּירט... דאָס פערד, עזרא ־ פערד האָט אָנגעצויגן פּעס־טער די פּאָסטאָראָנקעס און געשלעפּט דעם שווערן באַלאָדענעם וואָגן דורך אַלע בלאָטעס...

דעריבער זיינען אים אַזוי שווער אָנגעקומען די צאָלונגען... אָלאַ־לאַ־לאַ! ווער ווייסט, וואו ער וועט דערשלעפּן?!... מען האָט שוין נישט צו אים דעם גרויסן צוטרויען אין די בענק ווי אמאָל... די קאָמערץ הייסט זיך שי־קן פּאָראויס, איידער... אָלאַ־לאַ־לאַ, די גרויסע קלייט קאָן אמאָל בלייבן אָן סחורה...

אָפּט האָט עזרא אַזעלכע מיני חלומות, ווי די קלייט וואָלט זיך געבעטן ביי אים: מאַך מיך נישט חרוב, צי נישט פון מיר ארויס די קליי, גאַנצע הונדערטער... איך וועל דאָך בלייבן אמאָל ביי ליידיקע פּאָליצעס... דער באַ־שולדיקטער קלייטניק פאַרענטפערט זיך אין צושטאַנד פון האַלב־דרימל פאַר דער קלייט, וואָס מאַכט אים פאָרוואורפן: — דו, דו זעסט דען נישט, אַז איך האָב דאָ נישט די דעה... איך בין דאָך אין שפּאַן... איבער מיר פּאָ־כעט אַ לאַנגע סווישטשנדיקע בייטש, קוק אָן די פּאַסן אויף מיין לייב, כ׳וויל זאָגן: פּאַסן אויף מיין נשמה... איך בין פון די פאַרמשפּטע אין גהינום... די מאַמע זאָל זיין אָפּגעשיידט, האָט געהאַט אַזאַ מין ספר, קב־הישר האָט עס געהייסן... האָט זיך דאָרטן גערעדט וועגן אַזעלכע אָפּקומענישן אויף יענער וועלט: נישט האָבן קיין רו, נישט ביי טאָג, נישט ביינאַכט, אַזוי ביז משיח וועט קומען...

דער שבעה־זיצער איז איינגעדרעמלט ביי עפּעס אַן אַלטן עברי־טייטש־

ספר, וואָס האָט זיך פאַרוואַלגערט ביים שוואָגער אין ביכער־שענקל. פאַר די אויגן האָבן געטאַנצט די שורות: „און די רשעים געפינען קיינמאָל קיין רו פאַר זייערע גופים אין שאול תחתיה... בעטן זיי זיך: בלויז א רגעלע מנוחה...“ און דאָ פאַלט ער אריין אין אַ קאָשמאַר, וואו ס׳מישט זיך אוים די קלייט און די טויטע ראָסאַ מיט זייערע פּרעטענסיעס...

ער דערמאָנט זיך: יאָ, באַשלאָסן זיך צו גטן... אַ סוף! ס׳פּאַסירן אַזעלכע זאַכן אין לעבן... כאַראַקטערן קאָנען זיך נישט פאַרטראָגן, טאָ גייט מען זיך פונאַנאַנדער... ס׳איז דאָך ביי זיי געווען בלויז א רעליגיעזע חתונה... דאָ וויינט עס אין עזראס איגנגעווייד, פּונקט ווי א טשעלאָ וואָלט זיך צעשפּילט אף די טיפּטרויעריקסטע טענער... אַ ליד פון מענטשלעכער שנאה: אָ, נעכט, איר נעכט, ווען דאָס קריגן איז געווען אָן אַ סוף, אַן אַיי־בערחזרן פון איין און דיזעלבע טענות ביז צום נודנעם דערעסן, א פאָרוואַר־פן זיך אַלע חטאים פּאָדראָבנע, זינט דעם טאָג, וואָס זיי האָבן זיך דער־קענט... אָנגרייפערישע זשעסטן, קוים זיך איינצוהאַלטן נישט צו וואַרפן איינער דעם אַנדערן, דאָס וואָס עס קומט אין האַנט אריין... אָ, נעכט, אָ, טעג, איר פאַרפּייניקטע, איר פאַרסמטע מיט סליניעדיקע רייד און קללות...

און דאָך האָט מען זיך נישט געגט... קינדער... יעדע צוויי יאָר אַ קימפּעט, אַ קימפּעט, וואָס האָט זיך תמיד געענדיקט מיט אַ לאַנגדויערנדי־קער קראַנקייט, אַן אינטערנירט ־ זיין אין שפּיטאָל, ווען דער מאַן האָט זיך געמוזט ניאַנטשען מיטן עופהלע, די מאַמע האָט קיינמאָל נישט געקענט אויסזייגן אַ קינד ווי עס באַדאַרף צו זיין... ראָסאַ פון בוענאָס איירעס האָט געקאָמאַנדעוועט איבער איר שוואָגער, נישט ערגער ווי זיין אייגן ווייב...

עס קומען אויך אַביסל שטילע, צאַרטע טענער: אַ קינד האָט שוין אַ ציינדעלע, אַ וויסינקעס, א שאַרפינקעס... אַ קינד זעצט זיך אויף, שטעלט די ערשטע טריט, רעדט די ערשטע ווערטער... מאַמאַ... פּאַפּאַ... טראָגט אַ ווייס זויבער פאַרטוכל, אַ קליין טעקעלע, גייט דעם ערשטן טאָג אין שול אַריין... טאַטע־מאַמע טיילן זיך מיט זייער התלהבות פאַרן קינד, לויבן אוים זיינע מעלות, פּעאיקער, שענער און קליגער ווי אַלע קינדער... — דו זעסט עפּעס א שמייכעלע, דו הערסט עפּעס א ריידן... זע נאָר, ווי גיך ס׳האָט גע־

כאַפּט דאָס שרייבן... ס'לייענט דאָך און פאַרשטייט יעדעס וואָרט... העד נאָר עזרא, ווי ס'זינגט פאַר זיך, דאָס קינד האָט אַ געהער... יעדע מעלאָדיע נעמט עס איבער... האָסט געזען אַ גיך רעכענען? סיטאַ וועט אַלעמען אי־בערשטייגן... דו, וואָס קלערסטו צו טון מיט סיטאַן? איך פרעג דיך דאָך! זיי אַ מינוט מפסיק פון דיינע פּאַקטורעס!... אַן אָנהויב פון אַ מחלוקהלע... אידיליע און קידער־ווידער, אַרויף און אַראָפּ אויף ביידע זייטן וואָג־שאָל. קידער־ווידער וועגט איבער: אַלאַ־לאַ־לאַ! „אויב ביזן סוף חודש וועט איר ניט אריינשיקן די פּראָצענטער און אַן אַמאָרטיזאַציע פון 10 פּראָצענט, וועלן מיר זיין געצוואונגען אָנצונעמען יורידישע מיטלען קעגן אייך..." שאַ, לאָז צורו, אַ בריוו לאָזט מען ניט איבערלייענען... און פּלוצים גאָר: ע־ז־ר־רע!... ס'ווערט מיר נישט גוט... טעלעפאָניר נאָכן דאָקטאָר... אוי... אוי־י־י־י... אַ ש־טי־ק־ל ל־י־מ־ע־נ־ע...

## ה.

דער קאָלאָניסט שמחה בערנשטיין איז אויך אין דער הויפּטשטאָט, עפּעס על פּי צופאַל. יאָ, ער נעמט אַרויס די טיטולאָס אַפן קאַמפּ. פאַר־שטייט זיך, אַז זיין ברייטע שיינע אידענע מיט די שיינענדיקע לאַכעדיקע פּיסקעס און פריילעכע אויגן, איז אויך מיט. אַז מען האָט שוין יאָ דער־לעבט אַרויסצונעמען די „פּאַפּירן", טאָ זאָל זי אויך זען „בינעז - איירעז" און הנאה האָבן. אודאי האָט שפרה אַ הנאה: שוין געזען דעם גאָרטן מיט די חיות; שוין באַקוקט דעם ים, פונוואַנען מ'איז אָנגעקומען; שוין געווען אין גרויסע קלייטן, אַז „אין איין געשעפט אַזאַס קאָן אריין גאַנץ...; „שוין געגעסן „מאַראָזשנע" (ווי קאָן מען דאָס אין קאַמפּ באַקומען אַזאַ מין מאַ־ראָזשנע?); געווען אין צייטונג, זיך אָנגעקריגט מיט די לייט, וואָס מ'שרייבט קיינמאָל וועגן זיי אין די קאָרעספּאָנדענצן, זיין שפרה איז „פּרע־זידענטקע" און ער איז פּרעזידענט" פון דער שול... — וועט מען איצט גיין מנחם אָבער זיין דעם בן־עיר און שטיקל קרוב, ר' עזרא, אפילו מיטגעבראַכט אַ פּאָר קעזלעך, אַ קעסטל אייער און אַ שטיקל פּוטער — מיט אַהרונען קערן זיי זיך אַן גאָר נאָענטע מחותנים, קאָן מען דאָך נישט מיט ליידיקע הענט...

שמחה טרייסט עזראן: — שטארבן איז א זאך, וואס טוט אונז אלע־מען טרעפן... נישקשה, דער מלאך המות ווייסט יעדערנס אדרעס... אבער ס'איז גלייכער צו שטארבן, ווען מ'האט שוין אפגעאקערט זיין קאסעטשע... פאר דער צייט, איז פאסקודנע... ס'גליסט זיך פשוט נישט... איי, איי, ר' עזרא, האט אף מיר נישט פאראיבל, איך וועל אייך דערציילן א משל: מיט א שטיקל סקאט, מאכט מען א סוף, ווען מיר מעגטשעלעך ווילן... און א מענטשל א שוטה מאכט אפט אליין א סוף מיט זיך... איר זאלט אייך נישט „אובידיענען", מ'טאר דאך נישט ריידן נאכדעם: אייער ראסא האט זיך נישט פארגינען איר לעבן, זי האט עס בידים צעשטערט... זי זאל מיר מוחל זיין, איז געווען זייער א גריזשליווע... גריזשליווע מענטשן ברענגען זיך אליין אום...

אויך שפרה, וואס שיינט ווי א פרישער ווארעניק, קאן זיך נישט איינהאלטן צו זאגן איר אמת. זי שאקלט צו מיטן קיילעכיקן קאפ, פא־טאקעוועט, הייסט עס, איר שמחהס רייד, הייבט אויף אירע ברייטע פון מעלקן צעפלעטשטע, הארטע דלאניעס, טייטלט מיט א פינגער אף דעם אבל: — נו, איצט, ר' עזרא, האט איר שוין צייט? צום לעבן, איז נישטא קיין צייט... אבער צום טויט מוז מען זיך נעמען צייט... ראסא, נעבעך, האט קיינמאל נישט געוואוסט פון א לעבן... איר, משוגעים, איר יאגט אייך ווי צעדרייטע, קיינמאל האט איר נישט קיין צייט. אבער איצט האט איר צייט, הא, עזרא?

אין זיך מיינען אלע: גאלדענע רייד רעדט די ברייטע פעטלעכע שפרה. נאר גראד איצט האט זי עס נישט באדארפט זאגן. וואס וועלן שוין העלפן די פארוואורפן, מישטיינס געזאגט? — ראסא וועט שוין נישט אויפשטיין פון קבר.. דער שכל קומט תמיד צו שפעט...

דא פאלט ווידער שמחה אריין מיט זיין צעשמאלצענער זיכערע־שטימע, זינט ער האט אין בוזים־טאש די „פאפירן", פילט ער זיך נאכאמאל אזוי שטארק און זיכער צו זאגן א מיינונג: — א לעבן האבן זיי דאס איינ־געפירט אין ארגענטינע... כסדר: וויא, וויא און וויא! זיי מיינען די באלע־גאלעס, אז קיינמאל טארן זיי שוין נישט זאגן: ט־פ־ר־ר־ו! אביסעלע

טפררו! אביסל כאַפּן דעם אָטעם, גריזשען אַ פריש גרעזל, זיך אויסשוויצן, אָפּיאָגן די פליגן... די אידן זיינען דאָ אין ארגענטינע געוואָרן נאריוויסטע פערד, נאריוויסטע פערד רייסן זיך שנעל אונטער...

אַלע לאַכן פון די קאָלאָניסטישע פארגלייכן. דער יינגער דאָקטאָר וועוויאָרקע, אַ קאָלאָניסטישער זון פון ענטרע ריאָס, וואָס שדכנט זיך צו אהרונס טאָכטער פון בוענאָס איירעס, קלאַפּט שמחהן אין פּלייצע: — מוי ביען, אַמיגאָסאָ... גוט געזאָגט, פריינטל... דער אלטער איז גערעכט: די אידן מאַכן אַ תל פון זייער געזונט צוליב זייער אַטעמלאָז האַוועניש... דער הייגער קלימאַט האָט ליב: פּאַוואָלינקע, פּאַוואָלינקע... דער קריאָזשער מענטש איז תמיד אַ צופרידענער, אַן אָפּטימיסטישער. ער האָט וויניק אָדער ברויכט נישט קיין סך... באַגניגנט זיך מיט דעם, וואָס ער האָט... זשערבע און מאַיס־טשאָקלעס איז פּרנסה בריווח... דאָס ראַנטשעלע איז פאַר אים אַ פּאַלאַץ... און מיר אידן שלאָגן אונז אַרום פון די כוחות... מיר ווילן אונז פאַרזאָרגן ביז צו די אור־אור־אייניקלעך...

די דאָזיקע לעצטע מוסר־רייד האָט נישט געקאָנט פאַרליידן די מומע מירל, אַן אַלמנה פון אַ קאָלאָניסט, וואָס איז געקומען דאָ ביי דער יקאַ, די „יעקע" דערליידיקן דעם שוין - לאַנג - פאַרצויגענעם ענין פון „שטיקל קאַמפּ". — מיט דעם, זעט איר, יינגערמאַן, בין איך נישט מסכים, — האָט די מאָגערע קנאָכיקע, פאַרהאָרעוועטע קאָלאָניסטקע געטענהט. — מיר זיינען גראָד יאָ פון די צופרידענע... זאָל מען נאָר האָבן אַ שטיקל אייגענעם דאַך איבערן קאָפּ, אַ גוטע קאָסעטשע, גאָרנישט קיין חובות... איי, וואָלטן מיר געווען צופרידן... איר זעט דאָך, קיין עין הרע, ר' שמחה, הלואי אויף אַלע אידן געזאָגט געוואָרן...! אוי, רבונו של עולם!... אומצופרידן זיינען בלויז די סוחרימלעך, נעמט מיר ניט פאַר אומגוט, ר' עזרא, וויפל זיי האָבן נישט, וואָלטן זיי געוואָלט נאָך... מיין שלמה עליו השלום, איז נעבעך גע־גאַנגען פון דער וועלט צוליב דער נויט, צוליב די צרות... צוליב די דאגות... דאָס האָט דאָך אים אויסגעמאָרעט, געמאַכט פון אים אַ זעקל ביינער... פריער איז ער געווען אַ פאַרשוין...

דאָ נעמט זיך מירל די אַלמנה כליפּען: — אוי, מיין דאָליע, מיין פינ־

סטערע דאָליע... די רוצחים האָבן גאָר קיין רחמנות אף א וויסטע אַלמנה...
אַלע באַרואיקן די פרוי אין קאָפּ־טיכל, וועמעס מאָגערע אקסלען טרייס־לען זיך פון אומטרייסטבאַרן געוויין איבערן פאַרלוסט פון דעם טאַטן פון די „עלנטע יתומים"... מירל האָט זיך גאָר אינזינען אירס, איר לאַדעניש מיט דער „יעקע" פון וועגן דעם שטיקל קאַמף, און וויל ריידן, ריידן, נו, אַראָפּריידן זיך פון הארצן.
זוכט זיך שמחה בערנשטיין צו אימפּאָנירן מיט א פשרה־טאָן: — נו, יאָ, איר זענט טויזנט מאָל גערעכט... מ'דאַרף זען די קאָאָפּעראַטיווע זאָל עפּעס טון דערין... און איר, ר' עזרא, איצט וועט אייך נישט העלפן, איר מוזט ווערן א מענטש... איך טאָרט זיך נישט פאַרלירן... איר מוזט ווייטער גיין אין געשפאן צוליב די קינדער אייערע... זיי דאַרפן אייך נאָך... אָבער אביסל מוזט איר לוזער מאַכן דעם פאַס... נישט צו שטאַרק אָנציִען דעם שנאָל...
ראָסאַ פון בוענאָס איירעס, וואָס האָט שוין אוספּעיעט אביסל זיך צו אַרעגלירן (נאָכאַלעמען איז זי דאָך נישט מער ווי אַ שווענגערן), אַפן שטערן באַמבלט שוין א פאַרפּירעריש לעקעלע, די „אַנדולאַסיאַן" איז שוין ווידער אין אָרדענונג, זי קוקט שוין אוים „מענטשלעך" — נעמט זיך ענערגיש צום שוואָגער; — מיט קלאָגן און ניענטשען וועט מען דאָ גאָרנישט אויספירן... קוקט אייך אָן, עזרא, אין שפּיגל... וועט איר זען סאַרא פנים איר האָט... א טויטער מענטש...
דאָ נעמט זי צוהילף דעם צוקונפטיקן איידעם, וואָס שטיפט מיט פּאַל־מירען: — דו, עאוכעניאָ, ביסט דאָך עפּעס א שטיקל דאָקטאָר, זיי מוחל, א גאַנצער דאָקטאָר... באַטראַכט נאָר דעם פויגל... איז ער נישט קיין קאַנדי־דאַט אף טובערקולאָזיס?
עאוכעניאָ לאָזט נאָך פּאַלמיראַס האַנט און ענטפערט אָפּ מיט אויטאָ־ריטעט און מיט אַן ערנסטער פּראָפעסאָרישער מינע, וואָס פּאַסט לחלוטין נישט צו זיין ראָזאָווע - יינגלש פנים:
—דער גרעסטער טייל פון טובערקולאָזע קומט פון אומנאָרמאַלע לע־בנס־באַדינגונגען, שלעכטע דערנערונג, עגמת־נפש, וועלכע זיינען די סיבות

פון שוואַכער בלוט־צירקולאַציע, וועלכע... דאָ האָלט אים פּאַלמיראַ לאַכע־דיק די האַנט פאַרן מויל: — דאָס ווייסן מיר שוין, טייערינקער, דאָס האָבן מיר שוין געלייענט אין „הויז־דאָקטאָר"...

עזרא שמייכלט איצט מיט אַזאַ שמייכל, וואָס איז מער געוויין - גרי־מאַסע ווי שמייכל... מ'הייסט אים זיך באַטראַכטן אין שפּיגל, דערמאָנט ער זיך, אַז ער האָט עפּעס קיינמאָל קיין חשק זיך צו באַטראַכטן, ווי ער זעט אויס... איי די צימערן זיינען געווען פול מיט שפּיגלען, האָט ער קיינמאָל אהין נישט געקוקט. פאַרבינדן דעם שניפּס קאָן מען אַזוי, און ביים גאָלן זיך קוקט מען דאָך נאָר אויף די באַקן, נישט אויפן פּנים. אָלאַ־לאַ־לאַ! באַ־טראַכטן זיך נאָר אין שפּיגל!...

שמחה מיט שפּרהן געזעגענען זיך: מ'זאָל נישט וויסן מער פון קיין שלעכטס... זיי אײַלן זיך, ווילן גיין אין אידישן טעאַטער, מ'שפּילט „די פאַרזעסענע מויד", מ'איז דאָך נאָר איינמאָל אין „בינעזאיירעז", טאָ זאָל מען זען עפּעס... מירל אײַלט זיך אויך, צו דער „יעקע", ס'זאָל ווערן א לאַד מיטן שטיקל קאַמפּ...

אַרום עזראַן איז ווידער שטיל. ער הייבט זיך אויף, באַקוקט זיך גענוי אין שפּיגל: אַן איינגעדאַרט פּנים, לויטער ביינער, אויגן אויסגעלאָשענע, שוין גרוי... און דאַביי גאָרנישט אַלט. דאָס עלטסטע קינד איז ערשט אַלט זעכצן יאָר, און ער פילט זיך אַזוי אוראַלט...

זיי, זיינען גערעכט מיט זייערע תרעומות... אודאי וועט ער ווידער גיין אין שפּאַן, איינמאָל אין לעבן איינגעשפּאַנט, מוז מען שוין אַזוי דאָס גאַנצע לעבן טראָגן דעם יאָך... ראָסאַ איז טויט, אָבער די קינדער זיינען דאָ. זיי טוען זייער פּליכט. אָפּגעוויינט, אָפּגעטרויערט, גייען זיי ווידער אין זייערע שולעס. אַלע קינדער זיינע, זיינען וואוילע קינדער. נעמט איבערטראַכטן איבער יעדן איינציקן באַזונדער. סיטאַ, דאָס זעכצניעריקע יינגל, דער מיט מאַטעמאַטישע פעאיקייטן, ער האַלט שוין ביים ענדיקן, דאַכט זיך גימנאַזיום... געלט דאַרף ער אויף עקזאַמענעס, אויף ביכער, אַן אומדרייסט ליב יינגל; לואיסיטאַ, א בלאָנדהאָריק מיידל, שוין אין פינפטן יאָר קאָנסערוואַטאָריע, סאַראַ איידעלע, שוואַכע הענטלעך דאָס האָט;

כיימע, דאָס קלײנע בלאַסע ייִנגל, וואָס האָט דער מאַמעס אויגן, איר קרענקלעכקייט, האָרעוועט אויך אַף עפּעס אַן עקזאַמען, דאַכט זיך אַף „אינ־דוסטריאַל", אַאידאַ, דאָס קײלעכיקע מיידעלע מיט די לעקעלעך, קנײטשט אויך דאָס שטערנדל ביי עפּעס ביכער, העפטן, רעכענונגען, צייכנט מיט פאַרביקע בלײערס... דאָס האָט אַזאַ פײַן גלעטנדיק קולכל. די מוטער פלעגט זאָגן, אַז ס'האָט פעאיקייטן צו דעקלאַמירן און זינגען...

די קינדער זענען, נעבעך, אַלע אויס קרענקלעך. מ'וואָלט געדאַרפט גיין מיט זיי צו אַ דאָקטאָר, צו אַ דאָקטאָר ספּעציאַליסט, ער זאָל זיי פאַר־שרייבן עפּעס אַ קרעפטיקונגס־מיטל, זיי זאָלן צוריקבאַקומען די פאַרב... דאָס לערנען מאַכט אויס די קינדער אַ תל... אין דער גרויסער שטאָט האָבן זיי קיין ביסל לופט... ווען ער זאָל זיי קענען געבן אין אַ פּענסיאָן... ביי משפּחה איז דאָך... קאָן מען זיך קײנמאָל נישט אויסצאָלן...

יאָ, ער מוז ווידער גיין אין שפּאַן צוליב די הילפלאָזע באַשעפענישן, זיינע קינדער, וואָס איצט האָבן זיי אים אַליין, ער מוז זיי ארויספירן אַף אַ וועג... ער, סײַ ווי סײַ איז שוין זײַנס אָפּגעפאָרן... איצט, אַהיימפאָרן, צאָלן די פּראָטעסטן, די גמילות־חסדימס, איבערדרייען, איינמאָנען, נישט דערלאָזן צו „יורידישע מיטלען", ביז זיי וועלן זײַן אַף אַ וועג... דער־נאָך, אפשר...

***

און ווען ער זיצט ווידער אין ווינקל פון וואַגאָן, אַהיימצוצו צו דעם ענטרע־ריאָסער פּראָווינץ - שטעטל, אײַנגעדרימלט פון די אומצאָליקע מטושטשע רעיונות, וועמענס לייטמאָטיוו ס'איז די מאָנאָטאָנע מוזיק פון דעם לאָקאָמאָטיוו, וואָס פּראַכניעט שווערטאָטעמדיק ווי אַן אַסטמאַטיקער דורך די נאַכטישע ברייטע אַרגענטינער פעלדער און לאַנקעס, שוין אַריבער די לאַשטשענדע וואַסערן פונם ברייטן פּאַראַנאַ, מיט זיין שלאַנגישער משא אַף דער ענטרע־ריאָסער ערד — דאַכט זיך עזראַן ווי די דאָזיקע מאַשין וואָלט אים געהאַלטן אין אײַנהאַמערן אין מוח ווערטער: ניש־טאָ! ניש־טאָ! ניש־טאָ! נישטאָ קיין רו! ניש־טאָ! ניש־טאָ! ניש־טאָ! נישטאָ קיין רו! נ־י־ש־ט־אָ ק־י־י־ן ר־ו! ניש־טאָ! ניש־טאָ! ניש־טאָ!

# דער רעצעפּט

– די קאָלאָניע איז געווען אויפגעברויזט פון דעם אומדערוואַרטן נייעם. חיים קרייזעלמאַן איז געקומען פון אַדמיניסטראַציע און געבראַכט די ידיעה, אַז אויס „שטיצע“, מ'וועט שוין טאַקע גאָרנישט געבן.

—אַליין געהערט פון „מיניסטראַטער“, ער האָט געזאָגט, זאָגן זאָל מען שוין נאָך אים קדיש, אַז ס'איז שוין צייט, מיר זאָלן לעבן פון אייגענער פּראַצע... פון היינט אָן, זאָגט ער, אוי, ער זאָל שוין אויפהערן אינגאַנצן צו זאָגן! — אַז מ'זאָל זיך אויסהאַלטן אינגאַנצן אַליין, פון אייגענער פּראַצע, האָט ער געזאָגט . . .

—מיר וועלן דאָ אויסגיין אין דעם שמאַרגענטינע, אונז אַהער פאַר־נאַרט אין אַ וויסט לאַנד, צוגעזאָגט גליקן... ווילדע גראָזן... און אָקסן...

—מ'האָט געהאַט אַביסל קאָסטעשע, האָבן זיי עס סיי ווי סיי צוגע־נומען... אַצינד זאָל מען לעבן פון די ווילדע קי...

איך באַשטיי אף מיינס, מען זאָל מיר געבן אף הוצאות אהיים... וועל איך דאָרטן ווידער דינגען עפּעס אַ מיל... ווי שלעכט דאָרטן איז נישט,

—און אפשר זיינען זיי גערעכט, מיר קענען דאָך נישט תמיד לעבן אף קצבה... איך זאָג מיר מיינס, אַ טרוקן שטיקל ברויט, אַבי נישט קיין אויסגעבעטלטס...

—מ'ווייסט דאָך... דו ביזט אַ ט... לעקער, אונזער דעלעגאַט, געב חשבון, האָסט אָפּגעלעקט אַ ביינדל? אַ מליץ יושר...

—חנופהניק, קושט דעם פּריץ אין... דעלעגאַט... וועמען מיר האָבן געשיקט אָנקוקן אַ לאַנד... האָט מען אים אונטערגעקויפט, ר'זאָל זאָגן, אַז ס'איז טוב...

—זיי איז וואויל, אונזערע משגיחים, אז מ'איז פארזאָרגט מיט ברויט אויף א גאַנץ יאָר, קאָן מען זיך ריידן גלאַטע ריידעלעך...

שאַ, קינדער, וואָס היצט איר זיך אזוי? וואָס אמת איז אמת: מען האָט אונז אהערגעשיקט צו זיין קאָלאָניסטן, נישט צו לעבן אויף קצבה...

—קאָלאָניסטן, אָבער נישט קיין קנעכט... זיי וועלן אונז נאָך אמאָל אָפּשמדן אויך... איר וועט זען...

—עס קאָן גריילעך מעגלעך זיין, אז מען זאָל אונז לייגן אזעלכע גלי-ענדיקע שטעמפּלען ווי די בהמות אויפן הינטערן...

—מ'דאַרף שרייבן דירעקט קיין פאריז, דער באַראָן ווייסט נישט, אז מ'באהאַנדלט אונז ווי דאָס סקאָט...

—טאַקע, וואָס זיינען מיר, סקאָט צי מענטשן?!...

—לאָמיר ריידן מיט ישוב-הדעת...

—דעלעגאַט!

—ט... לעקער!...

—אַז מ'וועט דאַרפן, וועלן מיר דיך אויך צורעכטמאַכן...

—ווי דעם דירעקטאָר אין סאַנטאַ ראָסאַ, וואָס איז אנטלאָפן ווי א הונט מיטן...

ווען נישט דאָס, וואָס דער אדמיניסטראַטאָר איז גראָד אָנגעקומען רייטנדיק אויף זיין שוואַרץ-געפלעקטן, וואָלט דער דעלעגאַט הערשל צינטער טאַקע אריינגעכאַפּט קלעפּ, ווייל די געמיטער זיינען געווען זייער אויפגע-ברויזט. דאָס זיינען געווען נאָך פון די פּאַלאַסיאָסער, וואָס האָבן פאַר קיין שום זאַך נישט מורא געהאַט, און האָבן געהאַט א גאַנצן באַרג מיט טענות צו דער יקא: סטייטש, פאַר וואָס בייט מען נישט די ווילדע קי אויף בעסע-רע? סטייטש, פאַרוואָס זיינען זייערע שטיבער ערגער ווי די אַנדערע? סטייטש, פאַרוואָס גיט מען זיי נישט צו די העקטאַרן, וואָס מען האָט צוגעזאָגט? זיי וועלן ממיתן, אויב מ'וועט דאַרפן. זיי האָבן זיך נישט אָפּגע-שראָקן פאַר די ווילדע גאַוטשעס אין די פּאַלאַסיאָסער קאַמפּן; זיי, וואָס האָבן געטראָגן טויטע קינדערלעך אונטער די פּאָלעס, וועלן זיך שרעקן פאַר עפּעס א ט... זיי וועט מען אָפּקומען מיט א שהיה פּיה...?

דער אדמיניסטראטאָר האָט זיך אָפּגעשטעלט. זיין ברייט פּנים מיטן ענערגישן, קיילעכדיקן קין מיט די האַרטע אומבאַוועגליכע אויגן האָט באַטראכט אַ ווײַלע די טומלדיקע מאַסע, וואָס האָט אויסגעזען גרייט אַף אַלעם... אנשטאַט צו פאָרן ווייטער, מיט אַ פאַראַכטונגספולן זשעסט, האָט ער דאָסמאָל יאָ אַ פרעג געטון: — מ'קריגט זיך שוין ווידער? אייגענע זאָלן זיך אַזוי־פיל קריגן... האָבן אָבער אַלע מיטאַמאָל אָנגעהויבן צו ריידן: —מ'האָט אָפּגעשטעלט... פונוואַנען וועט מען לעבן? — נישטאָ אפילו אַף אַ זעקל מעל... אָפּגעריסן און אָפּגעשלידן... זאָל מען אונז אָפּגעבן אַ טייל פון אונזער ווייצן, וואָס די „מיניסטראַציע" האָט אין די גאַלפּאָנעס...

דער אדמיניסטראַטאָר באַווייזט קוים אַרויסצוריידן: — געוואַלדעוועט נישט אַזוי, ס'איז אַ פאַראָרדענונג דירעקט פון פּאַריז... צייט שוין... ווי איינער פון די פּאַלאַסיאָסער שטופּט זיך צו אים, אַ איד מיט אַ געל שיטער בערדל, וואָס שטייט אים ווי אַ באַרשט, שרייט הייזעריקלעך: — דו וועסט פרעסן און זויפן, וועסטו... און אונז וועסטו הייסן לייגן די ציין אַף די פּאָליצעס! אַלע האָבן געשריגן צוזאַמען: זאָל ער שרייבן, אַז מיר פּגרן דאָ! — זאָל אַראָפּקימען אַ דירעקטער! — נישקשה, זיי מעגן זיך מטריח זיין... — זאָלן זיי זען, ווי מ'לעבט דאָ אין גן־עדן . . .

אין גרויסן געטומל, האָט דער אדמיניסטראַטאָר געגעבן אַ שטאַרקן קלאַפּ דעם שוואַרצגעפּלעקטן מיט דער רעווענקע און נישט געסטייעט...

דער עולם האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס קען זיך ענדיקן מיט אַ רופן אין דער קאָמיסאַריע, און פאַר די ראש־המדברים מיט אַ פּאָר טעגלעך חד־גדיא, און האָט זיך באַצייטנס אָפּגעטראָגן...

עס האָט נישט געהאָלפן. מען האָט געשריבן, מען האָט געגוואַלדעוועט בא דער אדמיניסטראַציע, מען האָט אפילו געמוזט אָנקומען צו די „דעלעגאַטן" הערשל צינטער און זאנוול שוואַרצפאַרב, וואָס האָבן ספּעציעל געלאָזט אַרומשערן זיך זייערע בערדלעך אין דער בלעכענער ראזורע פון שטעטלשן גאָלער, וועמענס פרנסה איז געווען כמעט ווי אַ דאָקטערס: ער, לאַמע בזורער, איז געווען דער איינציקער אין דאָמינגעז; האָט מען געוואַרט אין דער רייע, ביז מען האָט זוכה געווען, אַז לאַמע זאָל זאָגן: —

איצט הערשל, איצט שמערל, איצט לייבע... מיט די ארומגעשוירענע בערדלעך, מיט די אלפאקענע ז,שיפעצעס, מיט די סאמעטענע רבנישע קאפעלושן, וואס זיי האבן איינגעהאנדלט נאך אין גאליציאנער בראד, זיינען זיי אנגעקומען קיין „בינעזאיירעז" און געווארט דריי טעג ביז די דירעקטארן האבן זיי אויפגענומען. די בקשות זייערע האבן זיי געמוזט אוועקלייגן אזוי ווי מ'האט זיי געהייסן; דער פאלאסיאסער האט גענומען בא זיי תכיעת-כף, אז זיי וועלן נישט פאראטן: „דאס פאלקע, שטערבט פאן הונגער... דאס ווערד... נישט האבן פונוואנען צו עסן... האהע הארן... האט הערשל צינטער גערעדט „דייטש", ווי געוויינטלעך מ'האט געדארפט ריידן די אזעלכע מענטשן, אין ווענעמס הענט ס'ליגט „טויט און לעבן". זיי האבן געטון דאס בעסטע, וואס זיי זיינען געווען בכח צו טון. זאנוול שווארצפארב האט געשוויצט מיט אלע זיינע רמח־אברים, געשוויצט מיטן נאקעטן ליסע־קאפ (מ'האט געמוזט אראפנעמען דעם קאפעלוש, געמוזט לאזן אין קארידאר), גערעדט „דייטש": „די לייטע האבן קיין ברויטע... די לייטע האבן כאראוטע... איר גנעדיקע הארן מוסט האבן דערבארעמונג, טון חסד, גענאנד..."

די דירעקטארן האבן געשמייכלט לייטזעליק, צווערשט געזאגט: — ניכטס צו מאכן... דאן, ווען זיי האבן געזען, ווי בא די צוויי קאלאניסטן שטעלט זיך די טרערן אין די אויגן, האבן זיי אויסגעקערעוועט דעם דישל —ווירד שוין גוט זיין..., וויר ווערדן טוען אלעס מעגליכע...

געווען א פאלשער צוזאג, די דעלעגאטן האבן געהאט זייער אויסקומעניש דערפאר. מ'האט זיי באשולדיקט, אז זיי האבן דארטן גענומען שוחד און פארקויפט זייערע ברידער... שריי היינט, שריי מארגן: די ייקא האט אפגעשטעלט די געלט-הילף. עס איז געווען נאך א שלעכטער קאסעטשע. האט די קאלאניע געליטן נויט. אין א סך שטיבער האט אויסגעפעלט דאס סאמע נויטיקע, אלע האבן געבידעוועט. מאמעליגע און הארטע גאזשעטן זיינען א חוץ פלייש געווען די הויפטנארונג. מען האט זיך ארומגעקריגט אין די שטיבער, ווייל פון דעם עסן א סך פלייש, האט מען געהאט צו טאן מיטן מאגן, געווען שלעכט געשטימט, זיך געקריגט פאר די קליינסטע קלייניקייט, געשאלטן ביזן צענטן דור אריין.

מיט בענקשאַפט האָט מען געוואָרט אַף דער קומענדיקער קאָסעטשע, ווען צו די האַרטע גאַזשעטן מיטן פלייש וועט זיין אויך צוקער, טיי, וועט זיין אַ ביסל ראָזשינקעס, וועט זיין אַ פּרוכט, וועט זיין אַ ביסל קעראָסען צו באַלייכטן די שטיבלעך, מ'זאָל קענען עפּעס ליי'ענען, מען זאָל נישט דאַרפן גיין שלאָפן מיט די הינער צוגלייך, וועט זיין אַ פּאָר הויזן, וועט זיין אַ קליידל, וועט זיין אויך אַ פּאָר נייע בלעכן אַפן דאַך, און מ'וועט שוין נישט דאַרפן זיך שלעפּן שעהן־לאַנג אַפן נישטערסאָרדיקן וואָגן מיט דעם אָקסן־געשפּאַן; אַלטע לייט האָבן געחלומט פון אַביסל בראַנפן און אַ שטיקל הערינג שבת צום טיש; יינגע חברה — פון אַ גוטן רייט־פערד, פון ווייכע ברייטע זאָטלען, פון באַזילבערטע צוימען. אָבער צום שניט איז נאָך געווען ווייט...' מען האָט געליטן און זיך געבונטעוועט.

אויך בערל ראַווניצקיס שטוב איז נישט געווען קיין אויסנאַם. עס איז גאָר נישט געווען קיין שטוב, עס איז געווען אַ גהינום. איז דען דאָס אַ היים. ווען מ'הערט כסדר, טאָג און נאַכט, קולות אונטערן פענסטער?

טויבע האָט בערלען געהאַלטן אין איין גריזשען: צו וואָס האָט ער זי געבראַכט קיין אַרגענטינע, אין אַזאַ מין קאַטערגע, אין אַזאַ מין סיביר? סיביר איז אַ גן־עדן קעגן דעם... דאָ איז נישט קיין אָרט פאַר קיין מענ־טשן... דאָס איז אַ מדבר... דאָ וועט קיינמאָל גאָרנישט וואַקסן... דער באַ־ראָן האָט געוואָלט באַגליקן אַלע אידן, זיי זאָלן זיין „שמערד ־ אַרבעטער" און דער שוטה האָט זיך געלאָזט איבעררעדן, און מיטגעשלעפּט אַ בליענ־דיקן בוים, יאָ, אַ בליענדיקער בוים! איז זי געווען ביי זיך אין דער היים, אַן אָסאָבע, דיק און פעט, און שיין... און איצט איז מען דאַר ווי אַ שצאָגל, גאָלע הויט און ביינער... זי פרעגט אים, צו וואָס האָט ער געדאַרפט אומ־ברענגען אַ יינג לעבן, צו וואָס האָט ער געדאַרפט מיטשלעפּן טויבען, וואָס איז אין דער היים געווען אַ באַלעבאָסטע, ווער מיר גיטס גינט: די שיינע שטוב, די סאַלעס, די פּאָלן, די עסענעס, די איינגעמאַכטסן, די אויסגע־שטאָפּטע אינדיקעס, די פעטע גענדז, וואָס דאָרטן מ'האָט געהאַט, קאָן דאָך דאָ דער גרעסטער גביר זיך נישט פאַרגינען... האָט זיך אים, דעם פאַר־זאָרגער, פאַרגליסט צו וועלן ווערן אַ פּאָמיעשטשיק... אַזוי לאַנג זי וועט לע־בן, וועט זי אים דאָס ניט פאַרגעסן... וואָס, ער וויל איר איינריידן, אַז מיט

דער צייט וועט עס ווערן בעסער? גלויבט זי נישט דערין. זי גלויבט גי־כער אין משיחן... אזא מערדער צו זיין אף אן אייגן ווייב, אף אייגענע קינ־דער!... מיט וועמען וועט זי זיך דא משדך זיין? מיט וועמען מישטיינס־געזאגט? זי זעט דא נישט קיינעם, פאר וועמען זי וואלט געקאנט אויסגעבן אזא כייקען, אזא באריניע, אזא אסאבע, אזא איידל קינד, אזא גאלדן קינד... זי איז דעם וויניצער דיינס טאכטער... צו וואס האט ער זי אהער פארשלעפט? זי וועט גיין זיך ווארפן אף די רעלסן פון דער באן, לעבן דאמינגעז, זי וועט אים ווייזן, אז א ווייב מוז מען שאנעווען, אז מען טאר נישט זיין קיין הולי־בולי, נישט פליען קיין שמארגענטינע... באשר בכן, אז דעם באראן הירש איז געלונגען אים, דעם חכם ארייננצונארן אין זאק אריין... ניין! זי גייט שוין ארויס אין די גאסן און וועט שרייען געוואלד איבער דעם מערדער, וואס האט אומגליקלעך געמאכט, זי, טויבען, א דיינס א טאכטער, וואס ־ וויל נישט הערן און זעען די „שמאלאניזאציע"... ס'הארץ האט איר באלד געזאגט, אז מען פירט זי דא אהער צו דינר שחיטה... איצט, צוגוטערלעצט, איז נישטא וואס צו קייען... — וואס וועט מען עסן, שפייזער דו מיינער, אפשר ווייסטו, אז אין שטוב איז נישטא קיין ביסל מעל, קיין ביסל צוקער... אוי, מיין פינסטערע דאליע! צו וואס טויבע דעם וויניצער דיינס א טאכטער האט דאס דערלעבט! ניין, איך וועל דאס נישט איבערהאלטן...

פון דער דאזיקער כוואליע רייד, וואס זיין ווייב האט טאג איין, טאג אויס אויסגעגאסן אף זיין קאפ, האט זיך בערלען אויסגעוויזן, אז מ'צאפט אים צוביסלעך אויס דעם אינהאלט פון זיין מוח, עס ווערט אינעווייניק אזוי ליידיק... פון זינט די שטיצע האט אויפגעהערט, האט זיך די היים פאר אים פארוואנדלט אין איינער פון די אפטיילונגען פון גהינום, מיט וועלכער דער שבט־מוסר דראט די גרעסטע בעלי ־ עבירות. פריער פלעגט ער נאך אין אזא פאל נעמען און לייענען א פאר גוטע מאמרים אין „האסיף", אין „אהיאסף" און זיך קוויקן מיט ילגס שירים, מיט נחום סא־קאלאווס שכלדיקע רייד, און אפילו זיך טרייסטן מיט א מדרש תנחומא, מיט א פראסט שטיקל עין ־ יעקב, איצט לאזט זי נישט... זי איז בייז און

בײסיק װי א צערײצטע בין. װער קאָן אײַנזיצן אין אַזאַ שטוב?

* * *

דער קלײטניק איז טויב צו בערלס רײד: אױף װאָס קוקענדיק, קאָן ער אים געטרויען? אויף דער קאָסעטשע? לײגט דאָך אפן גרעסטן טײל די לאַפּע די אַדמיניסטראַציע. און אפן רעשט: װער װײס? אז מ׳האָט דעם הײ־שעריק שוין געזען הינטער קאָנקאָרדיע... אַז דער װינט װעט זיך אויס־דרײען, זאָל נאָר בלאָזן עטלעכע טעג אַ ריכטיקער צפון־װינט, איז ער דאָ דער גאַסט... נײן, ער קאָן אים גאָרנישט געבן, אַפילו נישט אַ קילאָ צו־קער, װײל ס׳הײסט אַלצאײנס װי אװעקגעשאָנקען. שענקען קאָן ער נישט... אז ער װעט װײטער מאַכן אַזעלכע „גילדענע געשעפטן", װעט ער צענעמען די בלעכן, מיטנעמען דאָס ביסל סחורה, — ס׳איז שוין באַלד נישטאָ װאָס, — און װעט גײן קײן פּראָװינץ בוענאָס אײרעס, װאו ס׳איז נישטאָ קײן הײשעריק, און נישטאָ אַזעלכע קבצנישע הונגעריקע קאָלאָניס־טן, ער זאָל אים מוחל זײן פאר די רײד... יאָ, זײ האָבן אים אויסגעליידיקט די קאָלאָניסטן. ער װעט אויך באַלד מוזן עסן בעטל־ברויט... אַז די אַד־מיניסטראַציע װעט געבן אַ קװיטל, קאָן ער אים געבן, װאָס ער װיל נאָר... איצט זאָל ער אים אנטשולדיקן טויזנט מאָל, ער קאָן נישט, און װיל נישט װערן אַ בעטלער צוליב די קאָלאָניסטן... ער, ראַטשע, טוט עס נישט מחמת שלעכטיקײט, ער שװערט בײַ גאָט, אז נישט. די נויט צװינגט אים דערצו. די „מיניסטראַציע" האָט געטאָן שלעכט, זי װאָלט נישט געדאַרפט לאָזן הפקר די „פּאָברע גרינגאָס".

נײן, בערל קאָן איצט נישט אהײמפאָרן מיט אַ לײדיקן װאָגן. ער װאָלט זיך אַמבעסטן אַזױ אַנידערגעשטעלט הינטערן גאַלפּאָן און זיך צע־װײנט הויך אפן קול. אָבער פאר חרפּה, װעט ער דאָס נישט טאָן. גאָט, עס שװינדלט פאר די אויגן. פילפּארביקע קרײזעלעך טאַנצן אַרויף און אַראָפּ. עס װילט זיך ברעכן אַרוים די גאַל, װי דעמאָלט אויף דער „פּאַמפּאַ". אָבער, פּונקט װי דעמאָלט אפן שיף, איז נישטאָ װאָס צו ברעכן: ער האָט דאָך גאָרנישט גענומען אין מויל אַרײן. ער איז דאָך אַרויסגעפאָרן דרײ אַ זײגער פאַרטאָגס, אז מ׳שפּאַנט אָקסן אין װאָגן, מוז מען זיך אונטער־

איילן... בערל פארלירט דעם באָדן אונטער די פיס, פאלט פלוצים באם גע־שפאן אין טיפן חלשות...  ,

* * *

דער כמעט נידריטשקער דאָקטער פון קאָלאָניע שטייט איבער בערלען און שמייכלט ערנסט אין זיינע ברייטע וואָנסעס אריין. די אויגן, דאָס ברייטע קנאָכיקע און מאָגערע פּנים פונם דאָקטער שמייכלט שעלמיש. ער מונטערט אים דעם פארחלשטן, רייבט אים די שלייפן, טריפט אריין אין מויל טראָפּענעס אַלקאָהאָל, וואָס ברענגען בערלען צו זיך...

איצט וועט ער הערן א מעשה, איינע פון יענע מעשות פון מענטש־לעכער נויט... אַלע ריידן זיך אראָפּ דאָס הארץ פאר אים. דער דאָקטער לאָזט זיך אראָפּ א מידער אפן לענשטול... ער האָט קיין צייט לאַנג צו רוען, ווייל דאָרטן אין פאָרצימער ווארטן נאָך פארשידענע חולאים, און היינט האָט ער באהאנדלט שוין איבער פערציק. ערשט דריי א זייגער... ווי האָט ער צייט אויסצוהערן יעדנס געשיכטע, יעדנס אראָפּריידן פונם האר־צן? זיי קומען פון הונדערטער קילאָמעטער, פון באסאווילבאסא, פון סאן אנטאָניע, פון פעדערמאר, פון זשאטאי, פון הינטער די וועלדער פון פע־דעראל, אַלע קומען זיי צו אים... גאָט, וויפל ווייטיקן, וויפל יסורים זיינען פאראן אף דער וועלט און ער אליין איז א שוואכער מענטש, מוז זיי לינ־דערן... אויך אויסהערן, ווייל אין אויסהערן ליגט דאָך אַליין א רפואה... נו, יאָ, דאָס זיינען דאָך זיינע ליבע ברידער, צוליב וועלכע ער האָט מקריב געווען זיין קאריערע, זיין געזונט, דאָס געזונט פון זיין לעבנס - באגלייטע־רן וויפל האָט געפעלט, אז זי, די יינגע פרוי זאָל אומקומען אין דער טי־פוס-עפּידעמיע? ער פירט דאָך דאָ אויס דעם אידעאל פון „גייען אין פאָלק", ווי זיינע חברים אין רוסלאנד... נאָר יענע דאָרט לערנען פרעמדע מוזשיקעס, און ער איז צווישן אייגענע, ער מוז זיין זייער טרייסטער, זייער לינדערער אין דער נויט...

פון דעם קאָרידאָר פון דעם גרויסן גאַלפּאָן, וואָס הייסט „שפּיטאָל", טראָגט זיך דער זשום פון די ווארטנדיקע... דער דינער קלאפט דעליקאט מיט די פינגער אין דער טיר.

—זייט מוחל, אַ ווײַלינקע, קינדערלעך, איין מאָמענט, וועל איך באַלד רופן דעם נעכסטן, איצט אַ קליין ביסעלע רוען...

דער מאָגערער מענטש אין ווייסן כאַלאַט פאַרזשמורעט אַף אַ ווײַלע די אויגן, אָטעמט שווער פון גרויס מידקייט, ווײַל כסדר חזרט זיך איבער דאָס דעליקאַטע קלאַפּן אין טיר:

—שוין, איר זעט נישט, אַז איך באַדין אַ מענטשן. האָט געדולד, קינדער... אַך, ווי אומגעדולדיק אונזערע ברידער זיינען דאָס! תמיד נישט צופרידן, תמיד אין כעס... נישטאָ קיין געדולד איבערצוטראָגן אַביסעלע צרות. אָקאָרשט אַנטלאָפן פון פּאָגראָם ־ רוסלאַנד אין אַ פריי לאַנד... און אַז טאָמער האָבן זיי זיך נישט איינגעאָרדנט אַזוי גיך, כאַפּט זיי אַרום אַ פּאַניק... טאָג איין, טאָג אויס קומט אויס צו קורירן אַזעלכע אומגעדולדיקע, וואָס אַ ליאַדע־וואָס, וואָלטן זיי זיך אומגעבראַכט... אַף אים, בערלען, איז אים אַ וואונדער... ר׳איז דאָך אַ תלמיד ־ חכם... ער קען אים דאָך פון דער היים... תלמידי־חכמים האָט ער ליב. דער דאָקטער רופט אַריין דעם שוואַרצן ראָדריגעז, ער וויל וויסן, צי ס׳זיינען נישט צווישן די וואַרטער פאַראַן געפערלעכע קראַנקע, ווײַל דעם־דאָ מוז ער נאָך באַזונדערס „אָטענדירן"... ס׳איז דאָך כמעט אַ בן־עיר... זייט מוחל, אַ קליין ביסעלע, אַ ווײַלינקע. — איצט, רב בערל, דערציילט מיר, וואָס מאַכט איר זיך צו־נאַר, איר אַ בן־תורה... דערציילט, וואָס פעלט אייך?

דער קאָלאָניסט שטייט אָנגעלענט אין דער ביכער ־ שאַפע. ס׳פאַרחושכטע פּנים מיט דער קאָלטענעוואַטער באָרד וויל זיך פאַרציען אין אַ גרימאַסע פון געוויין, ווי אַ קליין קינד פאַרן ליבן טאַטן, שטאַמלט ער אַרויס דורך זיינע בלאַסע צעשפּאַלטענע ליפּן:

—אָ, סעניאָר דאָקטער, איך... איך קאָן נישט מער...

לייגט אים דער דאָקטער אַרויף אַן אָדערדיקע האַנט מיט שוואַכן האָר־וואוקס אַפן ביינערדיקן אַקסל, וואָס איז באַדעקט מיט דעם אָפּגעריבענעם גלאַנציקן ציינגענעם רעקל, און פון דער באַרירונג פון דער דאָזיקער דעליקאַטער האַנט גייט בערלען אַדורך אַ וואַרימקייט דורך אַלע אברים. אַזוי האָט ער זיך געפילט, ווען דער טאַטע ע״ה פלעגט אים בענטשן ערב

יום כפור פאַר כל - נדרי, אַלס בחורל, אַלס קינד נאָך... דער דאַרער מענטש אין ווייסן כאַלאַט מוסרט אים מיט אַ ווייכער פייכטער שטימע, אַ מתיקות גייט דורך אַלע גלידער:

—אַ איד זאָל אַזוי פאַרלירן דעם בטחון, און אַז ס'גייט שוין אַביסל שלעכט, איז שוין: כלו כל הקיצים... מען מוז זיך אָנעמען מוט און וואַרטן אַף בעסערע צייטן... ר' בערל, און נאָך אַנדערע רעבס, וואָס איז מיט אייך געוואָרן? זענט איר יידן אָדער נישט? איר האָט דאָך פאַרזייט די אויפגעאַקערטע קאַמפן, און קיין עין הרע, ס'וואַקסט דאָך גוט... איר וועט האָבן אייגן ברויט, אייגענע מילך, פון אייגענער פּראַצע און אַ דאַך איבערן קאָפּ, אין אַ פרייער מדינה... ס'איז דאָך אַזאַ מין פרייהייט דאָ...

—סעניאָר דאָקטער, איך וויל פאָרן צוריק אַהיים... מיין ווייב איז נישט צופרידן... איך... איך... אדרבה...

איי, רב בערל, איר זאָלט מיר מוחל זיין. פאַר אַזאַ נאַר, האָב איך אייך נישט געהאַלטן... די יידענע בורטשעט, עס איז שוין אַזאַ שטייגער פון יידענעס, זיי זאָלן מורמלען... ווייזט אויס דער רבונו של עולם האָט זיי נישט געגעבן אַ שלאָס אַפּן מויל... תמיד זיינען זיי צוביסלעך גערעכט, נאָר זיי ווייסן נישט ווי אַזוי עס צו זאָגן... ווייבער זיינען אַן אומגעדולדיק פאָלק, וואָלטן שוין, תיכף ומיד, געוואָלט האָבן אַלדאָס - גוטס... זיי האָבן קיין געדולד צו קוקן אַף ווייטער...

—סעניאָר דאָקטער, דאָרטן איז מיר נישט געווען אַזוי שלעכט. דאָרטן בין איך געווען אַ באַלעבאָס... כ'האָב געהאַט...

—מ'ווייסט שוין, מ'ווייסט שוין, איר אַלע האָט געהאַט וויסאָצקיס פּאַרמעגנס... סאַראַ קורצן זכרון איר האָט דאָס אַלע... פון די קעלערס, וואו איר האָט זיך אויסבאַהאַלטן פאַר די כוליגאַנעס, געדענקט איר גאָרנישט... איר געדענקט נאָר, אַז ס'איז אַמאָל געווען אַ געבראָטענע גאַנדז אַף אַ שבת... פּאָביעדאָנאָסצעוון האָט איר פאַרגעסן!... האָמעל, יעקאַטערינאָ-סלאַוו אויך... די פּערענעס אויך, די געפילטע פיש, געדענקט איר... דאָס ביסל יחוס געדענקט איר...

—סעניאָר דאָקטער, מיר וועלן דאָ אַלע אויסגיין פון הונגער... מיר

נייען אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן. מיר זיינען באָרוועס... אונזערע קינדער... מיר זיינען אַלע קראַנק אפן קאָפּ... מיר האָבן נישט קיין כוח...

דאָ עפנט בערל אויף ברייט דאָס צעדרויבלטע רעקל און ווייזט דעם דאָקטער, אז בנאמנות, דאָס איז דאָס לעצטע העמד, דאָס לעצטע ביסל וועש, די קאסטענעס ווערן צוביסלעך אויסגעליידיקט... און מער וועט ער נישט קענען קויפן, מ'זעט דאָך, אז מען איז שוין דאָ א היפּשע פּאָר יאָר, און פון אלעם ווערט א תל... די דראָטן, די שטעכיקע צעריסן אַלץ... ער האָט א כלה־מיידל, איז אים א בזיון פאר לייטן, זי האָט ממש נישט, וואָס אָנצוטאָן אפן לייב... די בחורים קומען זיך אמאָל צונויף, שעמט זיך ס'קינד צו ווייזן אף דער ליכטיקער שיין... און ער, האָט שוין, דער דאָקטער ווייס עס אליין, געבראַכט געגוג קרבנות אף דעם מזבח... צוויי עופהלעך אפן גוטן אָרט, דעמאָלט פון טיפוס... אז טויבע האָט דאָס אויסגעהאַלטן, איז זי געוועזן פון אייזן... א גליק, אז איצט אין אירע טענות, דערמאַנט זי נישט מער יענע צרות... יאָ, ער האָט א צעטל פון צרות, נישט פון תענוג קלאָגט ער זיך...

—איי, איי, רב בערל, איר זענט דאָך א גרויס קינד, איך זאָג אייך, נישט פארלירן דעם בטחון, און איר רק מיט אייער געוויין... ע, ע, ע, איר... איך וואָלט זיך נאָך מיט אייך ברייטער צערעדט, אָבער איר זעט דאָך, דאָר־טן ביי דער טיר וואַרטן א סך אזעלכע בערלס ווי איר, מיט אקוראַט די־זעלבע פּרעטענזיעס און ווייטיקן ווי אייערע... איך מוז אייך אָבער זאָגן, אז איר וועט נישט אָוועקפּאָרן... איר וועט זיך צוגעוואוינען... באַ אייך זיינען די חבלי - לידה פון א נייעם ישוב... תמיד, ווען ס'גרינדעט זיך א נייער ישוב, זיינען פּאַראַן מורמלער, וואָס באַשולדיקן דאָס לאַנד אין אַלע זייערע פּערזענלעכע אומגליקן... ווילן כאַפּן ס'פּעקל און זעקל, באַ דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט... אָ, איר וועט זיך צוגעוואוינען, ווען איר וועט ערשט אָנהויבן עסן פון אייער אייגן ברויט... איצט פּאָרט איר מיט אָקסן - געשפּאַן, שפּעטער וועט איר פּאָרן מיט גוט־געפּאַשעטע פערד, ווי די פּאָמיעשטשעקעס... איר וועט אייך אויפבויען שיינע נייע הייזער... איר וועט דאָ חתונה מאַכן אייערע קינדער, דאָ האָבן אייניקלעך, אוראיי־

ביקלעך, וועלכע וועלן זינגען מיט אלע איינוואוינער פון לאנד: „פרייהייט, פרייהייט, פרייהייט...“ איצט, רב בערל, וועל איך אייך געבן א רעצעפּט וואָס זאָל פאַרגרינגערן אביסל אייערע קאָפּ - שמערצן. איר ליידט דאָך אפן קאָפּ, ס'שווינדלט אייך תמיד? וועל איך אייך פארשרייבן אזא מיטל, וואָס וועט אייך באַשטימט העלפן... מיט וואָס זענט איר דאָ, רב בערל, רייטנדיק אָדער מיטגעכאַפּט?

—סעניאָר דאָקטער־לעבן, מיטן וואָגן, דעם אָנרעסאָרעדיקן, מיט די צוויי אָקסן נעבעך, וואָס שלעפּן זיך אזוי פּאַוואָליע, ווי ס'יידישע גלות... ווי אונזערע צרות... דאָקטער - לעבן, בנאמנות, כ'האָב נישט מיט וואָס צו קויפן א רעצעפּט... בנאמנות...

דער דאָקטער האַלט אים ווידער די וואַרימע, פּיבערנדיקע האַנט אָפן אַקסל, באַלד זעצט ער זיך צו צום שרייבטיש און שרייבט אפן בויגן פּאַפּיר מיט זיין שנעלער שפּיציקער שריפט, לעשט אָפּ און גיט עס איבער בערלען:

—וועט שוין רעכט זיין, דעם רעצעפּט נעמט בא ראַטשע דעם קלייטניק. נישט אין אַפּטייק... איך האָב דאָ בפירוש געשריבן מען זאָל אייך געבן... נו, אַ גוטן טאָג... נישט געדאַגהעט! דער יידענע אייערער וועט עס אויך העלפן, איר בעס וועט זיך אויך איינשטעלן... גריסט אייער כלה־מיידל, זי איז ווערט דעם בעסטן חתן פון דער קאָלאָניע, אַן אמתע קראַסאַוויצע... דער נעכסטער...!

* * *

דער קלייטניק ראַטשע האָט איצט גערעדט אנדערע דיבורים. ס'האָט געהייסן, אז ס'איז גאָר א סברה, אז דער היישעריק וועט איינגאַנצן נישט קומען: דער ווינט האָט זיך אויסגעדרייט, א קאַלטער ווינט פון דרום, טאָ איז ער שוין לאַנג אין די וועלדער פון טשאַקאָ, און אפשר גאָר אין בראַזיל. און אפילו ר'זאָל יאָ קומען, וועט ער קומען שפּעט, און וועט נישט אָנטאָן קיין גרויסן שאָדן... האָ, האָ, האָ, דער בערל - בערנאַרדיטאָ איז דאָס דיר א „גואַפּיטאָ“, א געשיקטער ביטריאַק, געמאַכט זיך ווי געפּגרט... און ס'איז אים געלונגען אויסצונאַרן באַם סעניאָר „דאָטאָר“ אזא גאַנצן צעטל, פון אַלדעס גוטס, אָהאָ דעם „דאָטאָרס“ אונטערשריפט געפעלט אים

בפירוש... אַהאַ, האָט ער אים געגעבן אַ רעצעפּטל, שוין איינמאָל אַ רעצעפּטל, דער פּאָברע דאָקטאָר... ער אויף זיין אייגענער אחריות האָט נישט געקאָנט, זאָל ער אים טויזנט מאָל מוחל זיין, איז אַליין אַ גרויסער קבצן, פונדעסטן זאָל ער אים ניט נעמען פאַריבל... נאָך דער קאָסעטשע וועט ער דאָך זיין זיינס אַ קונה... און נישט גיין אין דער „קאָאָפּעראַטיווע", וואָס די „גרינגאָס" גייען דאָ מאַכן...

אַזעלכע לאַסקעווע רייד האָט איצט דער ברייטער געשטיפּלטער ראַטשע און העלפט אַרויפליייגן אויף בערלס וואָגן די פּעק. גאַנץ אינדערמיט ליגט דער זאַק מעל, דערנאָך קומט דאָס זעקל מעליע, די בלעך בוימל, די פּושקע זשערבע — כאָטש די ראַוויניצקיס בענקען נאָך ווי גרינע אַהיים, זיפן זיי שוין זשעדנע אַ מאַטע. כייקע מיינט, אַז זי וואָלט זיך שוין נישט געקאָנט באַגיין אָן דעם געטראַנק. אויך טראָגט דאָס שגצל אַ ביטעל קעראָסען, פאַר אַלעם זאָל זיין ליכטיק אין שטוב. אַז מען זיצט אין פינסטערניש, פאַלט גאָר אָן אַ מרה - שחורה. ראַטשע הייסט דעם ביטעל קעראָסען האַלטן מיט זיך, כדי ער זאָל נישט גאָרנישט קאַליע מאַכן. אַליין האָט ער געדענקט דער גוטער דאָקטער, אַפילו אַ פלעשל בראָנפן זעקס־און-ניינציקער. ראַטשע האָט אים אויף דעם אָרט געראַטן נעמען צען ליטער שוואַרצן, נאָר ראַוויניצקי האַלט נאָך נישט פון דעם היגן וויין, ווייל דער בעסאַראַבער וויין איז וויין, און דאָס איז אָן אָפּגעגאַרטע זאַך... מילא, דער היגער בראָנפן איז אויך נישט צו פאַרגלייכן מיט אַ דאָרטיקן, אָבער אַזוי ס'געגאַר ווי מיטן וויין, קאָן מען דאָך באַ יין-שרף נישט אויספירן...

איידער ער וועט אַהיימפאָרן, מוז ער נאָך דאַנקען דעם ליבן דאָקטער. אין גרוים צעטומלעניש האָט ער אים פאַרגעסן צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער, זיך אויפגעפירט ווי אַן אביון... ר'האָט אינם אַריינגעזעצט אַ נייע נשמה. אם ירצה השם ס'וועט זיין קאָסעטשע, טאָ איז ס'ערשטע, בלי-נדר, דעם דאָקטערס חוב... ער מוז עס אים זאָגן, שוין, עה בערל ראַוויניצקי, האָט חס - וחלילה פון קיינעם נישט, קיינמאָל נישט גענומען קיין נדבות... פאַר דעם גמילת - חסד זאָל אים גאָט באַצאָלן כפל־כפלים... ער וועט עקסטרע פאַרבייפאָרן מיטן אָקסן־געשפּאַן פאַרן דאָקטערס דירה...

דער פּעאָן ראָדריגעז טענה'ט, אז דער סעניאָר „דאָקטאָר" קאָן אים איצט נישט אויפנעמען, ער איז מיד, און אז בערל שטייט צו, אז בלויז איין וואָרט, איין ווערטעלע, קומט דער דינער צוריק נאָך א ווײַלע און גיט אים איבער, אז דער דאָקטאָר פרעגט צי ער האָט שוין באַקומען דעם רע־צעפּט בא ראַטשען. דערביי שמייכלט ער שעלמיש מיט זיין גלאַנציק־שוואַרץ געזיכט, ווי ער וואָלט זאָגן: — „מיר קענען די רעצעפּטן, פריינ־טעלע..." — סי, דער דאָקטאָר זאָגט נאָך, אויב דאָס רעצעפּטל ליגט שוין אָפּן וואָגן, זאָלסטו עס געזונטערהייט פאַרנוצן, און אהיימאיילן צו דער „וויעכא" — און א ווינק מיטן אייגל — וועט זיך דאָס מחיה זיין מיט דיר, אלטיטשקער, אדיאָס! שמיר גוט אונטער דיינע עקסלעך... אדיאָס!

* * *

טויבע באַגעגנט איר בערלען זייער דערשראָקן. א רייטער, וואָס איז גיכער אָנגעקומען אין דער קאָלאָניע ווי דאָס געשפּאַן מיט די גרויע אָקסן, האָט איר שוין געבראַכט די בשורה פון דער פּאַסירונג אין שטעטל: — ווי לאָזט זיך דאָס א מענטש אזויאַפּן ניכטערן מאָגן? ווי היט זיך נישט דאָס א מענטש אָפּ א ביסל? ווער האָט אים דען געיאָגט ארויסצופאָרן דריי פאַרטאָגס... ציגרט מען אונטער א פּאָר שפּענדלעך און מ'נעמט עפּעס אין מויל אריין, כאָטש אביסל געטראַנק... פאָרט מען ארויס מיט א האַל־בער שעה שפּעטער... נ'אוודאי, אז מ'גייט אַרום א פּעליקן טאָג א נישט־געגעסענער, פאַרשטייט זיך, אז מ'חלשט... אז מ'פאַלט פון די פיס...

טויבע איז גינציקער צו איר מאַן. ווייזט אויס, אז ס'איז די ווירקונג פון דאָקטערס רעצעפּט. זי גינט אים שוין מיטצוטיילן די פריילעכע ידיעה, אז צוויי קי האָבן זיך אָפּגעקעלבט; וועט זיין מילך אייגענע, וועט זיין סמעטענע, וועט זיין א שטיקל פּוטער, מ'קאָן אויסשלאָגן אין א בלע־כל מיט דעם הילצערנעם לעפל. מילכיקס איז דאָ, איז די שטוב א זאַטע. אויך די צוויי אויפגעזעצטע קוואָקעס האַלטן זיך באַם אויסלופּענען: גוט געזעסן, נישט צעבראָכן קיין איין איי, וועלן ארויסקומען... אַלע פּולע אייער... א יאָ, דעם שכנס הערש־דוד האָט היינט געבראַכט פון וואַלד הינ־טער „סאַן גרעגאָריע" א ביסל טרוקן האָלץ, נו, וועט מען ראַטשישנען

דאָס טייג. כייקע איז אָקאָרשט נעגאַנגען צו הערש - דודס מאַמע נאָך אַ ביסל זויער - טייג... זי קלערט היינט צו פּאַרקנעטן, אויב זי וועט נאָך אויסשפּעיגנען... יאָ, וואָס זי האָט אים געוואָלט זאָגן, שוין עטלעכע טעג, נאָר דער קאָפּ איז תּמיד אַזוי פאַרקלאָפּט: די כייקע געפעלט איר עפּעס ניִשט... זי ליגט אָפּ גאַנצע טעג בײַ הערש דודס עלטערן... אַז מ'וויל זאָגן, איז עס גאָר נישט קיין שלעכטער בחור... זי האָט אים גאָרנישט געבעטן, האָט ער אַליין איינגעשפּאַנט און געבראַכט דאָס האָלץ... ער האָט זי פּשוט מחיה געווען... מיט קיזיק צו קאָכן.. איז טאַקע נישט גוט...

ער, בערל, האָט איר אויך מיטצוטיילן עפּעס פּריילעכעס: ער האָט אומישנע גוט אָנגעקוקט דעם „פּאָסיעוו", פאַרבייפאָרנדיק מיט די נבילות זיין קאַמפּ, און ער קאָן דרייסט זאָגן, אַז ס'געפעלט אים זייער ווי די תבואה איז אויפגעגאַנגען, דער ווייצן האָט אַ שיינע מראה, שענער ווי בײַ אַלע שכנים, און ס'וועט אם ירצה־השם זיין גוט, ס'גייט דאָך צו אַ ניי יאָר... מ'דאַרף שוין טראַכטן וועגן עפּעס אַ לייטישן בעל־מוסף... אַ יאָ, וועגן כייקעס בחור, געפעלט ער אים זייער, אַ וואוילע פאַמיליע, און אַ יינגער־מאַן אָן אויסטויגער, קאָן אפילו אביסל אין די קליינע אותיעלעך, און אַ קאָלאָניסט איינער אין דער וועלט... ס'איז אַ גלייכער שידוך, וואָס גלייכער קען שוין ניט זיין... פּריער, האָט זיך אים עפּעס נישט געהאַרצט צו ריידן דערפון: מ'דאַרף נישט כאַפּן די פיש פאַר דער נעץ... זיין מיינונג איז... אַז מ'דאַרף נישט פאַרציען אין דער לאַנגער באַנק אריין... ס'איז אַרגענטינע... די געבליטן זיינען הייסער... כ'ווייס.. בחורים מיט מיידלעך... אַגב, האָט ער דאָך מיטגעבראַכט אַ פלעשל בראָנפן, מעליץ איז אויך דאָ, טאָ זאָל זי פאַרגרייטן אביסל זיסן, פאַראַנען, דאַכט זיך אין אַ פּאַפּירל אַ קאָפּ געווירץ, צוצוגעבן אַ טעם דעם זיסן... טאָמער וועט עס האַלטן בײַ אַ וואָרט... אם ירצה השם, ס'וועט זיין גוט... ראַטשע זאָגט, אַז דער היישע־ריק וועט דאָס יאָר נישט קומען... אַז אַ היזיקער זאָגט, קאָן מען זיך אָף אים פאַרלאָזן... אַזוי, אַז מירן, אם ירצה - השם, איר נאָך קענען געבן דעם שענסטן אויסשטייער...

מאַן און ווייב האָבן זיך אָנגעטאָן די יומטובדיקע מלבושים און גע-

גאנגען צוזאמען אין זוניקן פארנאַכטיקן דרויסן, מאַכן אַ וויזיט די שכנים, די צוקונפטיקע מחותנים.

אונטערוועגס האָט בערל פאר תענוג געברומט אַ ליבאַוויטשער ניגון, וואָס ער האָט געירשנט פון זיין שווער ע"ה, דעם וויניצער דיין. אויך טויבען האָט עס זייער געפאָלן, דאָס וואָס איר מאַן זינגט דיזעלבע מעלאָ־דיע, וואָס איר טאַטע פלעגט זינגען מיט דביקות שבתצונאַכטס, צו מלוה־מלכה. ס'האָט געהייסן, אַז ער גרויסט זיך מיט איר יחוס.

# דער קראַנקער דאָקטער

אַ רעגנדיקע יולי־נאַכט. ס'בלאָזט אַ קאַלטער דרום־מזרח פון „פייער־לאַנד, וואָס טראָגט אָן אַלע ווילדע שטראָמען אייז־קאַלטן רעגן, וועלכער גיסט אָן אויפהער שוין דעם דריטן מעת־לעת.

פון די נאָענטע קאָראַלן הערט מען דאָס אומהדיקע מרוקען פון דעם סקאָט, וואָס וויקט זיך אין די שיטערע בלאָטעס און ווערט געפייניקט פון דעם אייזיקן ווינט. דאָס איז שוין אַביסל צופיל אַפילו פאַר זייער בהמהשן געדולד. שטעלן זיי זיך אויף און ליגן זיך, דרייען זיך אויף אַלע זייטן, וואו דער בייזער ווינט וועט נישט אַזוי גריזשען די געפייניקטע פעלן, דריקן זיך צונויף אַלע אין אַ ווינקל, כדי זיך צו באַשיצן מיט דער אייגענער וואַרימקייט, וויינט אַ מאַמע־קו, וואָס האָט ליגן איר אָט־וואָס גע־בוירן קעלבעלע אין דער שטעכיקער ריזעלדיקער נעץ: מיט וואָס קאָן זי עס באַשיצן, אז זי אַליין האַלט זיך קוים אויף די פיס? אַז אַלע אירע ליידנס־גענאָסן באַווייזן עס נישט צו טון מיט זייער צונויפזאַמלען זיך אין ווינקל פון דעם בלאָטיקן קאָראַל? אָ, וואָלטן זיי געקאָנט אַריבער די דאָזיקע שטעכיקע אומצוימונג, זיין אין דער פריי, דאָרטן אין די וועלדער הינטער וויזשאַגוואַי, וואָלטן זיי שוין געוואוסט ווי זיך צו פאַרטיידיקן קעגן דער מערדערישער נעציקייט, וואָס האָט זיך שוין איינגעגעסן אין די שאָרסטקע פעלן, און מאַכט ווייך די קאָפּיטעס און גליווערן די פיס... בהמישער געוויין טראָגט זיך דורך דער נאַכט. פערד שטייען מיט די קעפּ אַראָפּגעבויגן, שאַרן מיט די קאָפּיטעס פאַר אומגעדולד און הירזשען טרויעריק.

ווער וועט זיין אַ בעלן אַרויס אינדרויסן אין אַזאַ מין הינטישער

נאכט? א מענטש זיכער נישט. א מענטש וועט פארשליסן טיר און טויער, וועט פארמאכן די לאָדענעס, וועט אראָפּדרייען דאָס פלעמל, וואָס וועט זיך קוים ארויסזען פון קאפּסל, וועט זיך איינדעקן מיט דער פּערענע און אַפילו נישט הערן ווי די האָגלען און קאַלטע גאָסן שטראָפּן דעם גע־קארבטן בלעכענעם דאך, ווי דאָס ביסל עופות קלאָגן זיך אַף זייער לשון און קלאַמערן זיך איין מיט די לעצטע כוחות אין די נאַסע גליטשיקע צווייגן, וועט נישט הערן אפילו דעם געגנוג גרילצנדיקן דורכדרינגענדיקן וואָרענונגס - פּייף פון דער באַן, וואָס טראָגט זיך דורך די ווייטע סטעפּעס פון דער פּראָווינץ „צווישן די טייכן".

גראָד אין אַזאַ נאַכט פאַלט איין שמחה בארבעצקים שניר צו גיין צוקינד. זיך אויסגעקליבן אַ וועטער צו גיין צוקינד! אַ גליק, וואָס די אַקושערקע, די יינגע גראָביטשסקע סאָניע, האָט זיך אויסגעלערנט רייטן בדבעי, פאָרן מיט אַ וואָגן קאָן מען נישט, וואָרום די סטעזשקעס אין קאָ־לאָניע אריין זיינען טייכן, אָנגעשוואָלענע טייכן, וואו מ׳קאָן ווערן אוועק־געטראָגן מיט פערד און געשפּאַן. אַ גליק, וואָס די בארבעצקים האָבן גע־האַט שכל זי צו ברענגען באַצייטנס: אויסגענוצט דעם נאָכמיטאָג, ווען ס׳האָט זיך אַ ווײַלע אויסגעלייטערט.

אַן ערשטלינג בײַ דער מוזינקע חנהלען. האָט זי שוין ווייען צען שעה, און די אַקושערקע טענהט כסדר: — נאָך נישט... נאָך נישט די אמתע געשרייען... סע מוז נאָך געדויערן...

בײַ חנהלען צוקאָפּנס און צופיסנס שטייען ווייבער, אַלע אַלטע דער־פאַרענע ווייבער, וואָס יעדע פון זיי האָט אַמאָל „אָפּגענומען". פון די שכנישע קאָלאָניעס זיינען אָנגעקומען צוויי באַיאָרטע מומעס, וואָס יעדע פון זיי איז אַ גאַנצע ידענטע אין דיראָזיקע זאכן, יעדע האָט אַ גאַנצן באַרג מיט עצות און מיטלען צו פאַרלייכטערן דאָס „האָבן". די מאַמע רעשט, קאָן זיך קיין אָרט נישט געפונען: פאַרט חנהלע, דאָס ציטעריקע שוואַכע קינד. זי קאָן זיך נישט מוחל זיין, וואָס זי האָט געלאָזט אוועקפאָרן די שווינער רחטשע נאָך סאַן אַנטאָניע, וואו זי נוצט אויס איר ווייבערישע דערפאַרונג בײַ דבורהן, איר צווייטער טאָכטער. נאָכוואָס האָט מען גע־

לאָזט אוועק רחמשען? נו יאָ, חנהלע האָט שלעכט אויסגערעכנט די צייט... נאָר פונדעסטוועגן האָט רחמשע, טאָמער וואָס - ווען, איידער זי האָט זיך אויפגעזעצט אף דער פור, אָנגעזאָגט, וואָס מ'האָט צו טון. אָנגעגרייט שיר - המעלותן, וואָס הענגען טאַקע אף טשוועקלעך אין אַלע ווינקע-לעך פון אַלקערל.

חנהלע קרעכצט. איינע פון די מומעס שפּרעכט אָפּ מיט אַן איכהדי־קער שטימע אַן עין - הרע — שאָטן קאָן) עס נישט, — די צווייטע מומע שאָקלט זיך פרום און זאָגט אפן קול תהילים. די מאַמע כאָמע שטייט אויך נישט ליידיק, זי העלפט מיט, און נאָך מיט מער קראַפט, יעדן קרעכץ פון איר קינד, און טאָמער איז דער „אוי" ווערליק איר אָפּשאַצונג צו קורץ, פארלענגערט זי אים מיט א שלשלת: — אוי־א־וי-וי־וי . . .

ראַקעגן שמחה הערש האָט דאָ נישט די מינדעסטע דעה, זיין „שרעק נישט אָפּ ס'קינד" העלפט אבסאָלוט נישט, — „וואָס ווייסט א מאַנספּאַר־שוין פון אזעלכע זאכן?..." און — „דו מיש זיך נישט, דו ביזט א טאָטער, נישט קיין טאַטע!"...

נ'אוודאי וואָלט ער זיך נישט געמישט. ער וואָלט זיך טאַקע אָפּגע־טראָגן ערגעץ־וואו אין קאַמפּ אריין, באַדאַי צו דעם סקאָט, צו די פערד, אבי נישט צו זיין בא דער חתונה, וואו כאָמע הערשט ביד רמה... נאָר גיי אַנטלויף, אַז אינדרויסן דער גאָס און דער דרום - מזרח פאַרכאַפּן איינעם דעם אָטעם... אַפילו זיך צולייגן אַביסל איז נישטאָ וואו. מ'יאָגט, מ'הור־קעט, די ווייבער האָבן דאָ די ממשלה. כאָמע שרייט אף אים ווי אף א כלב להבדיל; און די מומעס גייען דאָ ארום מיט פארקאַשערטע אַרבל. זיי האָבן שוין אַלץ „„ארומגעזאָגט", נעמען זיי זיך צו קאָמאַנדעווען. אף חנהלעס מאַן אברהם, גיסט זיך נאָר אויס זייער צאָרן. מען שאַפּט זיך מיטן, פונקט ווי ער וואָלט געווען זייערס א פארקויפטער שקלאַף: ברענג, שלעפּ, טראָג, גיי דאָרט, גיי דאָ, — גיכער, גיכער, נו, גערירט זיך!

מען לאָזט אים נישט אף א מינוט אַפילו צוזעצן, און מ'קלייבט גאָר־נישט צו די ווערטער: — א מאַן איז עס? אַן אכזר איז דאָס! זעט ווי דאָס רירט זיך, ווי א בלייענער פויגל... זיי, די מענער אַרט גאָרנישט, וואָס

ס'ווייב ליידט... דאָס ריידן זיי שוין אינאײנוועגס פאַר זיין שווייגער כאָמע, ווען מען די דאָזיקע פאַרוואורפן ליגן פּשוט אפן שפּיץ צונג... נאָר זי האָט פײַנט אײַנצורייסן... זאָל מען נישט זאָגן: אַ שווייגער...

אויך די אַקושערקע סאָניע קאָן גאָרנישט יוצא זיין אַקעגן די מומעס מיט די בראָדאַוועס און העריעלעך. אונטער די אויגן זאָגט מען: — זיצן און שטריקן, האָבן אַ העזה צו ווילן זיך גאָר, בשעת הנהלע איז... אײַן רבונו של עולם זאָל איר העלפן.... אין ריסענלאַנד אַזאַ „דאָס" אפילו פאַר אַ באָד־טיקערן וואָלט נישט געטויגט, און דאָ איז דאָס דיר אַן אַקו־שערקע, אַ גאַנצע מיוחסת...

דאָס אַלץ שושקען זיך די מומעס מיט דער מאַמע כאָמע אין קאָרי־דאָר, ווען די גראָבעטשקע סאָניע מיט די יונגע חנודיקע גוידערלעך, גייט אף אַ ווײַלע אַרויס. די רוגזה נעמט זיך דערפון, וואָס זי, סאָניע, זעט גאָרנישט קיין שום סכנה... ס'דויערט אַזוי לאַנג, ווי ס'דאַרף דויערן... איי, זי שרייט נעבעך אַזוי? אין דעם איז אויך קיין בייז נישט פאַראַן... ס'איז שוין דער שטייגער אַזוי פון אַ געווינערן, זי זאָל שרייען... דאָס קען מען נישט בייטן... דאָ גייט אַלץ כשורה. מ'דאַרף האָבן געדולד (די מאַמע טראַכט דערביי: אָ, ווען דאָס גראָבע שטיק וואָלט זיך איצט אַזוי געקאָר־טשעט פאַר יסורים, ווי חנהלע, וואָלט מען געזען). נאָך אביסעלע... נאָך אַ קליין ביסעלע... וועט עס זיין פאַריבער...

די מומע פּעסיע, אַ הויכע, אַ דאַרע, מיט גרויסע אויגן און ברוינע ראַנדן, שניפּט בייז מיט איר דינער נאָז, וואָס איז צו קליין אין פּראָפּאָר־ציע צו איר לאַנגן קערפּער, — זי איז אַבסאָלוט אומצופרידן פון אַזאַ מין מבטל זיין די סכנה מצד דער סאָניע, און זי שלעפּט אַריין אינם פּראָ־טעסט אירן די מומע צינקע פון בעררא, וואָס איז אין קעגנזאַץ צו איר, אַ ברייטע ווי צוויי צוזאַמענגעלייגטע מולטערס, אײַנגעוויקלט אין פיר קליי־דער, אַ חוץ אונטעררעק און קאָפּטיכער. אין זיי ביידע ברענט אַ העליש פייער: סטייטש, צען שעה ווייען! וואו איז דאָס געהערט געוואָרן!? אָ־דאָס ווייסט אָפּצונעמען קינדער? אַזאַ גראָב שטיק! וואָרום, זיי האָבן דען אַ סך בלוט פאַרגאָסן פאַר דער חנהלע? און אז זי וועט חלילה אויס־

גיין ווי א ליכט, וועט דאָס זיי אַ סך אַרן?... מ'האָט'עס קיינמאָל נישט געהערט, באַ אַן ערשטלינג אַזוי לאַנג ווייען, און אָן אַ דאָקטער!...

די בייזע מומעס רופן די מאַמע, זי איז דאָך אַ מאַמע, טאָ זאָל זי זאָגן איר וואָרט...

נאָר גיי טענה איצט מיט באָמען, אַז זי הערט גאָרנישט, וואָס מ'רעדט צו איר, אַז איר עובדה איז גאָר צו לויפן אויף און אָפּ איבער די קליינע צימערלעך, אהין און צוריק מיט פאַרבראָכענע הענט, צושאָקלען זיך און שרייען: — נויטהעלפער! נוי־וי־ט־העל־פע־ער!

די מומע ציניקע שטעלט ענערגיש אָפּ דאָס לויפן אויף און אָפּ: — באָמע, מאַך דיך נישט משוגע, ב־אָ־אָ־מ־ע־ע! הער וואָס מ'רעדט צו דיר... דער „גראָבער דאָס", זע איך, וויל לאָזן אויסגיין ס'קינד... און דאָס, ב־אָ־אָ־מ־ע, וועלן מיר נישט דערלאָזן... באָמע! הער אויף יללהנען, און זאָג בעסער דער, ווי הייסט זי דאָס? זי זאָל שיקן נאָכן דאָקטער... נאָכן דאָקטער זאָל זי שיקן!...

סאָניע וויל פון דער דאָזיקער עצה נישט הערן און גערענקען: זי האָט געלערנט אף די קורסן אין אדעס, און זי קאָן איר פּראָפעסיע... נישט איין קינד האָט זי געהאָלפן ברענגען אף דער ליכטיקער וועלט... תמיד גייט באַ איר אַלץ בשלום... זי זעט, אַז מ'דאַרף בשום אופן נישט קיין דאָקטער... זי וועט זיך שוין אַליין ספּראַווענען דערמיט. און אַחוצדעם, האָט זי ווי־דער די חוצפּה צו שמייכלען... („ס'איז איר וואויל ווי די וועלט, וואָרום עס אַרט זי דען עפּעס אַז דאָ שטייט אין קאָן ס'לעבן פון אַ יינגן בוים, ניין, איר הויבט נישט אָן צו אַרן...").

די מאַמע באָמע איז אינצווישן אַריינגעלאָפן צו דער געווינערן, וואָס לעכערט די הימלען מיט איר קלאַמערן זיך און קרעכצן, קאָן דאָס אַ מאַ־מע צוזען? יאָ, זי האָט טאַקע פעסטגעשטעלט, אַז ממש באו מים עד נפש... רייסט זי פון זיך ס'בשר, קנייפּט זיך אין די באַקן און געוואַלדעוועט מיט מאָראַלישע געשרייען: — נוי־ויט־הע־ל־פּע־ער!

אַזאַ מין שמחה הערש וואָגט גראָד אין; אַזאַ מאָמענט צו שמייכלען: ס'גייט אים אָן אַ געלעכטער ווי זיין יידענע ציט דאָס אויס אַ וואָרט... נו,

נו, זײנס װעט ער שױן אָפּלײזן!... װי ער האָט אַנומלטן געהאַט זײַן זײַן אױסקומעניש, פאַרװאָס ער האָט זײ אַלעמען פאַרפירט אין דעם װיסטן אַרגענטינע, װאו זײ מוזן אַרבעטן עבודת פרך... לײדן געבערענטע צרות... שמײכלט דאָס...

דאָ אינטערװענירט שטרענג די מומע פעסיע מיט אַ באַפעלערישן קול װי אַ קאַװאַלעריע - גענעראַל: — װראָם! װראָ־אָ־אָ־ם! װאו שלײעפסטו דיך אַרום? װראָ־אָ־אָ־ם!

„װראָם" טראַכט אַפילו נישט פון אַרומשלײען זיך, ער איז גרײט אַלץ צו טון, װאָס מ'װעט אים נאָר הײסן... אַ פערד שטײט גרײט, שױן װאָכן־לאַנג, זינט מ'האָט זיך אָנגעהױבן צו ריכטן...

נעמט אַברהם באַם לאַץ די מומע צינקע און הײסט, תיכף ומיד פאָרן צום דאָקטער, ער אַלײן, װאָרום אײן מאַנספּאַרשױן מוז בלײבן אינדערהײם, טאָמער װאָס־װען...

סאָניע איז אָבער אײנגעקשנט: — אָבער, ליבע מענטשן, באַדענקט אײך! צו װאָס דאַרף מען דאָ אַ דאָקטער? נײן! איך גיב נישט קײן צעטל...! דעת דאָקטער איז דאָך קראַנק, איר װײסט דאָך, ער האָט אָנגעזאָגט, אַז נאָר אין דרינגנדיקע פאַלן זאָל מען אים רופן... מטריח זײַן צוליב אײערס אַ קאַפּריז אַ שלאָפן מענטשן? נײן! דאָס קענט איר נישט פאַרלאַנגען!

פון דעם שלאָף־אַלקערל, װאָס איז אָפּגעצאַמט מיט אַ קרעטאָנענעם פאָרהענגל, הערט מען הפסקהװײז לאַנג־אױסגעצױגענע און אָפּגעהאַקטע „אױ'ען". אַברהם, דאָס ײנגע באַלעבעסל, אַ נאַסער, אַ דורכגעװײקטער, איז מודיע, אַז ער האָט שױן אָנגעזאָטלט דאָס פערד, ער װאַרט בלױז אױפן צעטל. ער זעט אױס װי אַ פאַרמשפּטער בעל תשובה, װאָס האָט חרטה, דערװײַל, װאָס ער איז דאָס דער גורם פון אַזאַ טאַראַראַם, אַ פאַרזינדיקטער, װאָס איז גרײט מקבל־באַהבה צו זײַן יעדע מין שטראָף...

די מומע פעסיע האָט אײנגעשפּיזט אירע בײזע אױגן אין סאָניען, װעלכע פלאַמט אינגאַנצן פאַר האַרצקלעמעניש: — איר, באַרישניע, מאַכט אײך נישט צונאַר, אַז מיר זאָגן: שרײבן צעטלען, װעט איר שרײבן!... איצט זענט איר באַ אונז...

די אַקושערקע מיט טרערן אין די אויגן: — נו, זאָל זיין!... איך זע, איר ווילט אומברענגען דעם ליבן דאָקטער אונזערן, צוליב אייער עקשנות, טאָ גיט אהער טינט און פעדער... אָבער, איך... איך מוז אייך נאָכאַמאָל זאָגן, איר באַגייט אַ גרויסע עוולה מטריח צו זיין אַ דאָקטער אין אַזאַ הינטישער נאַכט... איך וועל דאָס תמיד האָבן אפן געווויסן...

די מאַמע כאַמע רייסט איר כמעט אַרויס דאָס נאָך נישט פון טינט אָפּגעטרוקנטע בריוול: — מיין, מיין קינד איז מיר אויך טייער... און מיט גאָטס הילף וועט עס אים זיכער ניט שאַטן... ער פאָרט דאָך אין אַ פאַרמאַכ־טער קאָטש... פאַר דער טרחה וועט אים דער אויבערשטער באַצאָלן...

אויך שמחה־הערש האַלט מיט דער אַקושערקע, ער זידט פאַר כעס, אָבער ער וואַגט נישט צו זאָגן דער באָפּטע ווייבער זיין מיינונג, זאָל זיינס איבערגייען...

אברהם גאַלאָפּירט דורך דער ווינטיקער און רעגנדיקער נאַכט. די אויגן זיינע קוקן אָנגעשטרענגט זיך איין אין דער גלאַנציקער סטעזשקע, וואָס ציט זיך אַזוי אנדערהאַלבן לעגוועס אין שטעטל אריין. דער וועג איז דאָך אים אַזוי באַקאַנט, איין ריכטונג צו מערב־צו, פאַרביי פיר דערנער־בוימלעך, אַ טייכל, און שוין איז דאָס שטעטל. באַ אַ גוטן וועטער דאַרף עס דויערן אַ שעה צייט, פאַמעלעכקע... אָבער איצט דויערט עס אַן איי־ביקייט... דאַכט זיך אים, אַז ער פאָרט נישט ריכטיק, אַז ער וועט פאַר־לירן די שפור, אַז ער וועט גאָר פאַרקירעווען אין וואַלד אריין, אַז די לייי־צעס וועלן זיך אים אַרויסגליטשען פון די הענט, ווייל דער דרום - מזרח שמייסט אים אין די אויגן גאַנצע שטראָמען וואַסער...

אָבער ער קומט אָן... אַלע זיינע חושים זיינען אָנגעשטרענגט נישט צו פאַרלירן דעם גלאַנציקן פּאַס, וואָס איז דער וועג. דער וועג איז אָבער אַ שטראָמענדיקער טייך... דער „טאָרדיזשאַ" איז אַ וואויל פערד, אף אים קען מען זיך פאַרלאָזן... מחשבותלעך אָפּגעריסענע: מ'מוז אים עקסטרע צופּאַשענען... ס'וועט זיין אַ וואַזשנע רייט־פערד... סאַראַ ליידן מ'האָט דאָס, ביז ס'קומט אַ מענטש אף דער וועלט... חנהלע, נעבעך... ווען ער וואָלט געקענט אַ העלפט פון אירע יסורים איבערנעמען, וואָלט ער דאָס געטון... וואָס וועט עס זיין, אַ ייִנגעלע, אָדער אַ מיידעלע?... ס'קאָן זיין,

אז ער וועט ליב באַקומען קינדער... ס'איז נמאס צו וואווינען באַם שווער... שוין צייט צו אַרבעטן פאַר זיך... נאָכדעם... גייט ער אַריין אין אַדמיניס־טראַציע, בעטן מ'זאָל אים קאָלאָניזירן... שיעור זיך נישט צעדראַפּעט ס'פּנים אין אַ דאָרן־בוימל אַפן וועג... דער „טאָרדיזשאָ" איז אַ געלאַסן פערד... חנהלע... חנהלע... אַ רחמנות אף איר... חנהלע...

דעם דאָקטערס פּעאָן, דער שוואַרצער ראָדריגעז, קען זיך גאָרנישט אָפּוואונדערן: ווי געשיקט דער „גרינגאָ" איז עס, צו לאָזן זיך אין אַזאַ נאַכט אין שטעטל אַריין! מסתמא איז עס נישט צוליב וואווילטאָג.. אַזוי, איז ער, הייסט עס, געקומען בעטן דעם דאָקטער, ר'זאָל מאַכן אַ שפּאַ־צירל, כאַפּן פרישע לופט... נאָ, נאָ, נאָ!... וואָס פעלט אים איין? ער ווייסט נישט, וואָס איז דער מער מיט די יידישע ווייבער. אז זיי דאַרפן האָבן אַ קינד, איז מי־יודע־וואָס. מ'לייגט איין וועלטן. „אונזערע אַ טשינאַ האָט אַ קינד, אָט ווי אַ הון געבוירט אַן אייעלע. דערלויבט, פּריינט, צו אַ קימ־פּעט, אַ דאָקטער, דאָס איז דאָך צום לאַכן... פּריינטל..." נאָ, נאָ, נאָ וואָס אים פעלט איין! אַ, ער האָט אַ קוויטל פון דער אַקושערקע? הם! אַביסל נישט ריכטיק פון דער דאָניאַ סאָניאַ צו הייסן קומען דעם „פּאָברע דאָטאָר" אין אַזאַ טייוולאָנישן וועטער... איר אַלע האָט גאָר קיין רחמנות נישט אף אייער דאָקטער.. צוליב דער קלענסטער נאַרישקייט רופט איר אים... נאָר, ער מוז טון זיין פליכט. ער וועט אָנמעלדן, — נו, יינגערמאַן, נו, דערלאַנגט דאָס פּאַפּירל!... „קע קאָסאַ באַרבאַראַ"!...

* * *

דער בלייבער דאָקטער מיט די איינגעפאַלענע באַקן און זייער פאַר־שפּיצטער נאָז, ליגט אַפן געלעגער, דרייט זיך פון זייט צו זייט, ליגט אַפן רוקן, ווייל קרעכצן, הויך אַפן קול, אָבער ער טוט דאָס מיט צוזאַמענגע־דריקטע ציין. דאָרטן אין דער געגנט פון די נירן, טוט אַזוי ווי... נאָר נישט קרעכצן... וויעראַ קאָן נאָך דערהערן. צו וואָס זי מצער זיין?

ער פאַרזשמורעט די אויגן, הערט זיך איין אין דעם מאָנאָטאָנעם קלאַפּן פון דעם וואַנט־זייגער. וויל צוגיין צום פענסטער, כאַפּן אַ קוק צי עס לייטערט זיך שוין אויס. רעגנעס און בייזע ווינטן האָבן זיך היינ־

טיקן ווינטער אזוי איינגעגעסן אין דיביינער. אזוי פיל פארוואָלקנטע טעג, אזוי ווייניק זון... עס איז שווער אראָפּצוגיין פון בעט, אַלע אברים טוען וויי... איי, ווי וואָלט זיך געוואָלט געזונט־ווערן, געזונט ווי צו צוואַנציק... דעם דיאַגנאָז האָט ער דאָך אַליין געשטעלט. על פּי מעדיצין איז דאָס שווערלעך, זייער, זייער שווערלעך... דער אָרגאַניזם איז א תל... די סאַמע וויכטיקסטע אָרגאַנען אָנגעגריפן... אָבער... ער גלויבט אין טראַנסצענדענטאַלע כוחות, וועלכע... ער מוז ווערן געזונט, צוליב די אַלע מענטשן, פאַר וועלכע ער און וויעראָטשקאַ האָבן זיך מקריב געווען... יאָ, ער האָט זיי ליב, מיט אַלע זייערע מעלות און חסרונות... ס'זיינען דאָך זיינע טייערע קערבויער פון באַראָן הירשס ערדן... ער איז דאָך מיט זיי געווען אזוי פיל יאָרן צוזאַמען... ער האָט זיי געזען קעמפן מיט די ווילדע סטעפּעס, באַאַקסענע מיט די ווילדע אומדורכדרינגלעכע גראָזן. ער האָט געזען זייער בענקענישן נאָך די „טעפּ פלייש, וואָס זיי האָבן געגעסן אין מצרים—סלאַנד"... כאַ, כאַ, כאַ, פרייע מענטשן אויף פרייער ערד, האָבן געבענקט נאָכן פּאָגראָם - רוסלאַנד, נאָכן רוסלאַנד מיט דער קנוט... א געלעכטער, בנאמנות!... קינדער, גרויסע קינדער.... איצט, גאָט זיין דאַנק, זיינען זיי שוין איינגעוואָרצלטע אין די פרייע ערדן... איצט וואקסן און גרינען שוין ארום די שטיבער שלאַנקע, יינגע בוימעלעך... וואָס וועלן מיט דער צייט געבן א קילנדיקן שאָטן... שטיבער און בוימער, דאָס איז שוין א ישוב... פּאַראַיסן, אַקאַציעס, שמעקעדיקע עקאַליפּטוסן... און באַלד וועט די אַדמיניסטראַציע אַראָפּברייינגען מאַראַנצן־בוימער, עפּל־בוימער, פּונקט ווי אין קרים, וועלן בליען גאָלדענע עפּל, וועלן צייטיק ווערן שטענגלעך ווייַנטרויבן... ס'א חיות אין דער קאָלאָניע: מ'סטראָיעט, מ'בויט... אָך, ווי ליב האָט ער דעם ריח פון פרישן באַלקן־האָלץ... עס דערמאָנען סאָסנעוועלדער... עס וואקסן די קאָלאָניעס, אידישע הענט בויען זיי, צוויי שורות וויסגעקאַלעכטע הייזער... שיינע שטיבעלעך... יידישע ארבעט, זיינע פאַרשפּאָטע, באַשפּיגענע יידן... א שילעכל אינדערמיט... אויך א שולע וועט זיין, און קליינע קינדערלעך וועלן זיך דאָרט לערנען... קליינע, ליבע הי-געבוירענע פרייע קינדערלעך... א געזונט אין זייערע ביינער...

איינגעוואָרימט זיך אביסל, האָט דער ווייטיק אויך נאָכגעלאָזט, אָבער דער שלאָף וויל נישט קומען. ווייזט אויס, דער פראָשעק העלפּט שוין נישט מער, טראַכט זיך פון זיך אַליין... באַלד וועט זיין פרילינג, די יינגע פּאַראַיסלעך וועלן בליען ווי דער בעז, און די אַקאַציעס וועלן אַרויסשיקן אַזעלכע ווייסינקע דופטנדיקע בלימעלעך. פאַרנאַכט וועלן זיך פאַרמאַכן די בלעטעלעך, און אף די ליאַן־פעלדער וועט אַראָפּנידערן דער בלויער הימל, און די צעבליטע ווייצן־פעלדער וועלן זיך אויך צעכוואַליענען... און מ׳וועט בויען, בויען... עס וואַקסט דאָך אַ ישוב, נאָך אַ ישוב... אָן, האָט מען אין לאַ קאַפּיזשע אויסגעטראָיעט אַ פּאָלקס - הויז, אַ ביבליאָטעק, תורה מיט אַרבעט... ס׳וועט זיין אידישע פויערים, נישט פאַרגרעבטע פויערים... אַ מחיה! ס׳בויט זיך... אָט האָבן זיי שוין געמאַכט אַ בשותפותע קלייט... אָט לעבן זיי שוין מער אין אַחדות... די ליבע ברידער...

ס׳קלאַפּט דער רעגן מיט אימפּעט אין דאַך. אונטער דער פּערענע איז אנגענעם -וואַרעם. די ווייטיקן שפּירט מען כמעט נישט... הייסט עס, אַז באַלד וועט זיין פאַרטיק דאָס גרויסע שיינע שפּיטאָל, מיט אַן אָפּטיילונג פאַר מאַמעס־געווינערינס, וואָס וועט טאַקע זיין די שענסטע סאַלע פון דער געביידע, ווייל ער האָט געזאָגט: „ס׳איז אַ נייער ישוב, איז דאָס סאַמע וויכטיקסטע דער נייער דור, פאַר וועלכן מ׳מוז אַממייַנסטן זאָרגן...“ זיינע „קינדער“ וועלן האָבן וואו זיך צו היילן, נישט מער אין די קויטיקע באַראַקן... שוין איינמאָל אַ שטיקל אַרבעט געוועזן, ביז מען האָט דאָס דערגרייכט!... באַם חנוכת־הבית פון דער נייער געביידע, זיין חלום, זיין בנין, וועט ער זיך אָנטון דעם פראַק... וויעראַ איז גערעכט, די בגדים, וואָס ער טראָגט תמיד, זיינען נישט לפי כבודו... אַ דאָקטער מוז זיך האַלטן אין דער מדרגה... נו, וועט ער איר דאָסמאָל צוליב טון... איצט ווערט ער דאָך דירעקטער פון אַ שפּיטאָל... נו, נו, בלאָזן פון זיך, וועט ער קיינמאָל נישט, דאָס וועט מען בא אים נישט פועלן... וואָס איז ער פאַר אַ בעל־גאווה עפּעס? אַ גרויסער פּאָריץ... ר׳האָט פיינט, אַז מ׳שטייט מיטן היטל אין דער האַנט פאַר אים... נו, נו, ער וועט ווידער כאַפּן אַ טענצל

מיט זיינע „קינדערלעך"... נו, וויערא איז אביסל בייז געווען, אז ער האָט זיך צעטאַנצט מיט די געזונט־געוואָרענע חולאים נאָך דער גרויסער טיפוס־עפּידעמיע, געטאַנצט און גענומען עפּעס אין מויל אריין, אַ גלעזעלע, אָדער אפשר צוויי... איז וואָס? האָט מען דאָך מהנה געווען די אָרימע ברידער... איצט באַם חנוכת־הבית וועט זי אף אים נישט האָבן קיין פּאַריבל... טאַנצן, טאַנצן אין אַ ראָד, פרייד אף די פאַרומערטע געמיטער... אַ, ווי גוט איז צו זיין געזונט!... פריילינג וועט זיין... עפּעס גייט אים נישט אַרויס פון זין אַ גאַנצן טאָג די סטראָפע פון קאָלצאָוון:

—„וואָס שלאָפסטו, פויערל? ס'איז דאָך פריילינג אינדרויסן!"

ער וואָלט איצט אַריינגערופן זיין פרוי און איר איבערגעגעבן וועגן זיין התפעלות: — וויערא, הערסט? אינדרויסן וועט אינקורצן זיין פריילינג, אונזערע „קינדערלעך" וועלן זיך פרייען מיט גאָטס שיינער וועלט, און ס'וועט זיין אייגן ברויט, אף אייגענע פעלדער, אף יידישע פעלדער... ניין! דער רעגן וועט ניט אָוועקשווענקען דאָס פאַרזייטע... דאָס מאָל וועלן זיי ווערן געהאָלפן, די טייערינקע...

שאַ, אָט שטייט זי באַ אים צוקאָפּנס. — וויערא, פאַר וואָס אַזוי פאַרכמורעט? נו, נו, מ'דאַרף נישט אַריינפאַלן אין מרה־שחורה... גאָט וועט העלפן! איך גלויב אין אַזעלכעס, אין עפּעס העכערעס, וואָס פירט תמיד אויס אַליץ צום בעסערן... פריער בין איך נישט געווען קיין גלויביקער... איצט, וויערא, ס'איז דאָ אַ העכערער כוח, וואָס שטייט איבער אונז...

ער זעט איר אָן, אַז זי איז אַביסל אין כעס, גאָרנישט איר שטייגער:

—נח, ליבינקער, דרויסן שטייט אַ מענטש, ער וויל דו זאָלסט פאָרן אין קאָלאָניע... אַנדערהאַלבן לעגוועס, באַ אַזאַ וועטער!... אַ יינגע פרוי גייט שווער צוקינד. זיי וואָלטן דיך געדאַרפט שאַנעווען אין דיין צושטאַנד... די סאָניע, וואָלט זיך אויך געדאַרפט פריער גוט באַטראַכטן, איידער זי שרייבט קוויטלעך...

דער בלאַסער דאָקטער וויל זי איינגעמען מיט גוטע רייד, זעצט זיך פּלוצים אויף, זיין פּנים שטראַלט אַזוי, ווי ער וואָלט געוואָרן יינגער, הויבט אויף די שטימע, פּונקט ווי ער וואָלט געווען באַהערשט פון אַ נביאי־

שער באַגייסטערונג: — ווי די קאָלאָניעס וואַקסן דאָס, אין אַ פּאָר יאָר וועלן מיר האָבן צענער טויזנטער קאָלאָניסטן... אבי שונאים האָבן געזאָגט, אַז דער צווייטער דור וועט נישט אויסהאַלטן אפן דאָרף, וועט זיך צעלויפן אין די שטעט... זיי צו להכעיס קומען צו כסדר פרישע יאַטן. הערסט, ליבע ווערא, ס'גליסט זיך ערשט איצט צו לעבן, אַ, ליבינקע מײַנע!...

ווערא קלאַמערט זיך איין אין איר מאַן, גלעט אים: — נו, נישט געזאָרגט, טײַערער, דו וועסט ווערן געזונט... וועלן מיר ביידע אַמאָל מאַכן אַ לוסט-רייזע קיין איראָפּע... מיר וועלן מיטנעמען מישען... דעם ברודער מײַנעם האָט זיך אויך פארבענקט נאָך אוקראַינע... ער איז זיך אויך מקריב פאַר אַלעמען... אין זיך אַליין גערעדנקט ער גאָרנישט... עסט נישט, טרינקט נישט, דער מישע, נאָר פאַר זיי...

—אַזוי דאַרף זײַן, מײַן קינד, מישע פאַרשטייט אויך, אַז לעבן פאַר זיך אַליין, לוינט זיך נישט... און אויסגעלעבט פול לעבן איז דאַן פון ווערט, ווען מ'האָט זיך באַמיט צו לינדערן די ליידן פון נאָענטן...

—אָבער, איר טרייבט איבער... איר פאַרגעסט אין ווײַב און קינדער... נח, איך בעט דיך, היט דיך אָפּ... היט אָפּ דײַן געזונט... דו וועסט נישט פאָרן... מײַן געפיל זאָגט מיר, אַז דאָרטן קען מען זיך זיכער באַגיין אָן דיר... מײַן טײַערער, פאָלג מיך...

עס העלפט נישט איר מכלומערשטע בייזקייט, איר צורײדן, אַז מ'קען דאָך ברענגען דעם דאָקטאָר פון ווישאַגוואַי, און בכלל, ווי קאָן זיך דאָס אַ קראַנקער ארויסלאָזן אין אַזאַ פינסטערער רעגנדיקער נאַכט, — דער תמיד־נאָכגיביקער דאָקטער בלײַבט בײַ זײַנס:

—אָבער, ליבע, ליבע, ווערא, זײַ מוחל, וואָס איך מוז דיר דאָס־מאָל אָפּעגנריידן... די סאָניע גענאַרט נישט; אַז זי שרײַבט אַ קוויטל, דאַרף מען מיך נויטיק... כ'מוז, טײַערע, די פליכט רופט... דאָן ראָדריגעז, זאָגט דעם באַלעבעסל, ער זאָל פּאַוואָליע אַהיימפאָרן. מ'דאַרף אים מסתמא דאָרטן, און איר, זײַט אַזוי גוט, און שפּאַנט!... אָבער, ווערא, ס'וועט דאָך לאַנג נישט דויערן; אין אַנדערהאַלבן, אין צוויי שעה אַרום בין איך דאָ צוריק... און וויפל איז דאָס ווערט אַריינצוזעצן אַ נײַע נשמה אין אַנגע־

שראַקענע מענטשן... דאָס גיט מיר צו כוחות... כ'פיל זיך איצט עפּעס אַזוי פריש, אַזוי יינג... ווי זינגט דאָרטן דער קאַלצאָוו, שוין לאַנג נישט געלייענט די פיינע לידלעך, „ווייער ווייעסנאַ נאַ דוואָריע!"

ווירעאַ באַטראַכט איר מאַן פון דער זייט. ווי מאָגער ער איז! דאָס רעקל אַזוי ברייט, ווי ס'וואָלט נישט געווען געמאַכט אויף זיין מאָס, די הויזן הענגען ווי אויף שטעקענעס, דער קראַגן שטייט אָפּ אַ שטיק פון דאַרן האַלדז, און סאַראַ געבויגענע געשטאַלט, נאָך אַ יינגיטשקער, דער ליבער נח... אַזוי יינג, און... טרערן שטיקן זי... נו, זאָל ער פאָרן... אַן עקשן... ביזן לעצטן אָטעם וועט ער דאָך זיך דינען...

—נאַ, היל דיך גוט איין! אונטערוועגנס האַלט דיך אָפּ פון שמועסן מיטן ראַדריגעזן... ס'טויג נישט צו ריידן, ווען דער ווינט בלאָזט אין מויל אריין...

ווירעאַ ווייסט, אַז איר נח האָט ס'חיות ליב צו שמועסן מיטן באַריידעוודיקן ראָדריגעז, וואָס איז די „צייטונג" פון דער קאָלאָניע. אַלץ ווייסט ער, יעדע קלייניקייט, וואָס פּאַסירט פון עסקריניע ביז אובאַכאי, ווייסט ער דאָס און גיט עס איבער דעם ליבן פּאַטראָן...

דער דאָקטער האַלט טאַקע וואָרט, שווייגט, אָבער ראָדריגעזעס מויל רוט נישט אויף איין מינוט אפילו, כאַ, כאַ, כאַ, דער פּאַטראָן מוז הערן אַ גייעסל: אין סאַן וויסענטע וויל די דאָראַ נישט אריינלאָזן איר אַלטן... רעכט אויף אים! אַ מאַן טאָר זיך נישט ארומשלעפּן אינדערפרעמד, און לאָזן אַ יינג בלוט אויף גאָטס באַראָט... טאָ איז רעכט, סעניאָר דאָטאָר, אַז זי זאָל זיך טרייסטן מיטן פלינקן סעראַפּיאָן. שוין איינמאָל אַן אויסטויגער, דער סעראַפּיאָן! און די אָרימע דאָראַ האָט נישט געהאַט קיין עצה... אין די קאַלטע ווינטער-נעכט האָט זי איינגעלאַדן דעם „גואַפּיטאָ" ער זאָל מיט איר פאַרברענגען... און אַז דאָן סאַמועל איז צוריקגעקומען מיט זיינע זיפּן, ער האָט געזיפּט אין די קאָלאָניעס נעבן באַסאַווילבאַסאַ, אַ, סעניאָר דאָטאָר, האָט ער געטראָפן אַ פאַרשלאָסענע טיר... די דאָראַ האָט געזאָגט, אַז זי לאָזט אים בשום אופן נישט אריין... זאָל ער גיין, פונוואַנען ער איז געקומען... סי סעניאָר, אַז מ'לאָזט איבער אַ יינג בלוט אַליין...

מ׳זאָגט, אַז דער פּאָברע דאָן סאַמועל וועט קומען צום סעניאָר דאָקטאָר, ער זאָל אויספועלן אַ שלום צווישן אים און דער אומגעטרייער פרוי...

און אַנדערשמאָל וואָלט דער דאָקטער טאַקע מיטגעלאַכט פון פולן האַרצן מיט ראָדריגעזן איבער דער דאָזיקער מעשה. דאָ האָט ער בלויז אַ שוואַך שמייכעלע, וואָס ווערט אויך תיכּף אָפּגעטויט דורך דעם ווייטיק דאָרטן. אמת, דער קאָטש טרייסלט נישט אַזוי שטאַרק ווי תּמיד אויף דער האַרטער סטעזשקע, דער וועגלאָזער וועג, אויף וועלכן ראָדריגעז טראָגט זיך מיט אַזאַ זיכערער געניטקייט, איז דאָך אַ ווייכער ווי אַ גוטער שליטוועגס.

דרימלט ער איין דער דאָקטער אונטער ראָדריגעזעס פלוידערייען, און ווידער זשומיעט דאָס לידל: „וואָס שלאָפסטו, פויערל, פרילינג ווערט דאָך אינדרויסן!"

ווי אָפּגענוצט פילט ער זיך דאָס, ווי האָבן אים די פופציק יאָר אַזוי אויסגעזויגן אַלע ביינער. אָבער, דער ווילן צום לעבן איז נאָך דאָ... אָ, אַ סך פרילינגס וואָלט ער נאָך געוואָלט דערלעבן. ער מוז לעבן... נאָך נישט געענדיקט זיין אויפגאַבע אויף דער דאָזיקער ערד: דינען זיין געפּלאָגט און געיאָגט פאָלק... מ׳מוז זיך איינקלאַמערן אין דעם דאָזיקן לעבן, צוליב זיי... וואָס אמת, זיי באַליידיקן און באַלעסטיקן אים אָפּט, אָבער ליב האָבן זיי אים, די דאָזיקע האָרעפּאַשנע וואַוילע יידן. ס׳איז דאָך אַ פרייד ליב צו האָבן די נאָענטע זיינע... פאַר זיינע אויגן שטייט דער זקן לעוו טאָלסטאָי, דער ערנסטער אַלטיטשקער מיט דער גרויער זיידישער באָרד, וואָס פירט דעם אַקער אין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ, טייטלט ער מיט אַ וואָרענונגס־פינגער דער וועלט: — דער עיקר איז, די ליבע צום נאָענטסטן... דאָס איז די גרעסטע סאַטיספאַקציע אין אונזער לעבן, דאָס איז דער זין פון לעבן... ער און מישע וועלן אַמאָל, אַמאָל, ווען דאָ וועט שוין זיין אַלץ ווי ס׳דאַרף צו זיין, פאָרן זען דעם דאָזיקן ליבן זיידן, וואָס ווייזט די מענטשן אַ וועג...

* * *

אין אויסטויגער דער ראָדריגעז. שוין ערגערע נסיעהלעך מיט אים אַדורכגעמאַכט... וואָס באַדייטן אַ וואָסערע אַנדערהאַלבן לעגוועס פאַר פּעטע פערד, וואָס שטייען כּסדר אויף האָבער? איז וואָס ווען בילן שוין

די הינט פון שמחה בארבעצקים הויף.

די מומעס הייסן אברהמען גיך ברענגען דעם לאָמפּ, ארויסצולייכטן. אָבער שוין וועט וועלן ברענגען אַ לאָמפּ באַ אן עקשנותדיקן דרום - מזרח. דער ליידנדיקער דאָקטער, אונטערגעשטיצט פון ראָדריגעזן, וואָס האַלט זיין פּאַטראָן אונטער די אָרעמס אַזוי פאַרזיכטיק ווי אַ זויג-קינד, גייט אַראָפּ קרעכצנדיק פון די טרעפּלעך פון קאַטש. די מומעס און די מאַמע כאַמע ענטפערן נישט אָפּ אפן גוטן - אָוונט, נאָר ווילן איינע דער אנדע־רער אויסכאַפּן דעם כבוד צו ריידן מיטן דאָקטער:

—ס'קאַצל - קומט, סעניאָר דאָקטער. — און איך זאָג, דער מלאך רפאל איז געקומען. — פריער גאָט, און נאָכדעם דער דאָקטער... כאַמע קאָן נישט האַלטן שטאַט, גיט אַ בוכע ארויס מיט אַ געוויין: ד־אָ־ק־ט־ע־ר ס'ק־י־י־י־נ־ד!...

דער דאָקטער וואָלט געזאָגט אַ הלצהלע, ווי זיין שטייגער, אַ ווערטל, וואָס וואָלט אביסל איינגעשטילט די באַריידעוודיקע ווייבער, אָבער איצט קען ער נישט: דאָרטן לעבן די נירן האָט זיך ווידער עפּעס צעשפּילט. אַ רגע באַהערשט ער זיך און באַמיט זיך ווידער צוריקצובאַקומען זיין גוט־מוטיקן געזיכטס - אויסדרוק, וואָס האָט אַזוי געווירקט צום גוטן אויף זיינע פּאַציענטן. אַזוי פלעגט ער זיי באַאיינפלוסן מיט זיין האָפערדיקייט, מיט זיין מבטל זיין די שווערסטע קרענק.

ער טוט אַ הילפּלאָז דריבנע געלעכטערל און לאָזט זיך אַראָפּ אַ מידער אויף אן אָנלען־שטול, וואָס שמחה־הערש האָט אים אונטערגעטראָגן, און אין טאָן פון פאַרוואורף און הלצה זאָגט ער:

—איי, קינדערלעך, קינדערלעך, גראָד אין אַזאַ נאַכט פאַרגליסט זיך דער חנהלע צו ווערן אַ געווינערן... אַ, איצט דערמאָן איך זיך: דאָס איז דאָך דאָסזעלבע חנהלע, וואָס איז געווען אַזאַ קאַפּריזנע מיידעלע, זיך נישט געלאָזט עפענען דאָס מיילעכל, כדי ארייננצוקוקן אין העלדזל מיטן לעפעלע... זי האָט געטופּעט מיט די פיסעלעך, אַז מ'האָט געהייסן איינ־נעמען אַ רעצעפּט... איצט שוין אַליין אַ ווייבעלע... אָוואַ! ווי דאָס קליינ־וואַרג וואַקסט דאָס!... אָבער.. מען דאַרף נישט באַמיען אַ קראַנקן מענטשן.

קינדערלעך, איר לאָזט נישט אייער דאָקטער אפילו קראַנק זיין... א דאָק־טער קען אויך אמאָל קראַנק זיין... מוז זיך היילן, אָפּהיטן ווי א קראַנקער מענטש...

דאָ מאַכט די מומע פּעסע א גאָטספאָרכטיקע מינע, פאַרשנירעוועט פרום דאָס פּיסקל:

—ליבער סעניאָר דאָקטער, מיר... מ־י־י־ר זיינען דאָך בלויז נאַריש־שע ווייבער... האָבן מיר מורא... א געווינערן שוועבט צווישן לעבן און טויט, איר זאָלט אונז זיין געזונט און שטאַרק. מיט אייער קומען האָט איר אונז פּשוט א ניי לעבן אריינגעזעצט... איר זאָלט אונז זיין געזונט און שטאַרק און דערלעבן משיחן...

פון הינטערן ווייסן פאָרהענגל קומען מיט רעגלמעסיקע אינטערוואַלן שטילערע און העכערע „אויען". דער דאָקטער בייגט זיך איין באַם ני־דעריקן טירל פון אַלקערל, באַגלייט פון סאָניען וואָס ווינקט זיך הינטער אים מיט אירע אַפּעטיטלעכע היפּשע היפּטן. יאָ, זי פילט זיך אָן א שיעור שולדיק פאַרן דאָקטער, וואָס זי איז געווען דער גורם, אַז ער זאָל זיך שלעפּן אומזיסט און אומנישט. אַז זיי האָבן זי נישט געלאָזט צורו, און זי איז דאָך בלויז א שוואַכע פרוי, און זיי, אין איין שרייען: ברענגען דעם דאָק־טער, דעם דאָקטער! דעם דאָקטער!

דער דאָקטער גיט איר א לייכטן פּאַטערלעכן גלעט אױף די דיקע פאַר־רויטלטע באַקן, באַקוקט די פּאַציענטקע, זאָגט איר עטלעכע טרייסט־ווערטער, און צו די אַרומשטייענדיקע ווייבער:

—איי, איי, נאַרישע געגדז, ס'איז גאָרניש מיט נישט... אונזער סאָ־ניעטשקע איז א גאַנצע ווייסערן, און איר גלויבט איר נישט... מוז איך אייך זאָגן, אַז זי קען זיך בעסער אויס אין די זאַכן ווי איך... און איר גלויבט איר נישט... באַלד, באַלד, וועט מען זאָגן: מזל־טוב... איי, איי, נאַרישע ווייבער!...

דאָ נעמט אים אַרום דער ווייטיק שאַרף, שניידיק. ער בעט, מען זאָל אים בלויז דערלויבן אין צווייטן צימער אױף א ווײלע אַנידערלייגן אױף א

בעט. די מאַמע כּאָמע: — מיטן גרעסטן פאַרגעניגן, סעניאָר דאָקטער. שמחה־הערש, ווייז דעם דאָקטער ס'בעט!...

זעט זיך אויס, אַז דאָס נסיעהלע האָט אים אַביסל צענומען... עך, ס'איז גאָרנישט!

דאָרטן וועט סאָניע שוין אַלץ דערליידיקן, אים דאַרף מען דאָ נישט...

אַז ער דרימלט אַף אַ ווײַלע איין דער דאָקטער, קומען אים לעצטנס אַפן דמיון זײַנע ליבלינגס־לידער, די סטודענטישע ניגונים, די לידער, וואָס ער האָט געלערנט פון אויסנווייניק אין גימנאַזיע. „גיס אָן, ברודערל דעם בעכער, דעם בעכער אַף לחיים, גאָט ווייסט וואָס מיט אונז וועט פּאַסירן אין דער צוקונפט?" — פּלאָנטערן זיך אָן אויפהער מיט „וואוהין, וואוהין, זענט איר אַוועק טעג פון מײַנע פרילינגס?"

איצט, אַז דער מידער גוף רוט אַביסל, איז דער ווייטיק ווי מיט דער האַנט אַוועקגענומען, און ער קאָן רואיק טראַכטן פון די „טעג פון מײַנע פרילינגס". ער האָט אַזוי ליב די וועלט, די ערד, דעם הימל, די באַשעפעניש, אַפילו דעם איצטיקן גאָס־רעגן דרויסן, וואָס וועט אַוודאי זײַן אַ גשם של ברכה פאַר זײַנע קינדערלעך... ס'נעמט אים אַרום אַן אומענדלעכע ליבשאַפט צו די אַלע נידעריקע באַשיידענע קאָלאָניסטישע הײַזקעס, וועלכע ווערן איצט אומברחמנותדיק געשמיסן פון רעגן, צו די בדייטע רחבותדיקע פעלדער, צו די פּליסנדיקע טײַכלעך, צו די אַלע פּראָסטע האַר־ציקע מענטשן, זײַנע „קינדערלעך", פאַר וועמען ער האָט מקריב געווען די „טעג פון זײַנע פרילינגס"... זײַן האַרץ ציט צו דעם ברעקעלע, וואָס וועט דאָרט דערינען באַלד דערבליקן דאָס ליכט פון דער וועלט, ווײַל די ווײַגעשרייען ווערן וואָס העפטיקער. אָט וועט באַלד קומען דער ענדגילטיקער לעצטער געשריי, וואָס וועט ברענגען אַ דערלייזונג פאַרן געפּייניקטן ייִנגן מאַמישן גוף...

לעבן ווילט זיך, וויעראָטשקאַ! לעבן! און דאָ אַזעלכע נאָגנדיקע יסורים. צו פופציק יאָר אַזוי מיד! ניין! ער איז גאָרנישט פופציק יאָר אַלט, ער איז שטיין־אַלט... גרייזגרוי, אַזוי ליגן אַף אים די יאָרן ווי מעב־

טיקע בערג־מאַסן... וויעראַטשקאַ! ווען האָבן מיר אייגנטלעך געלעבט? פאַר זיך אַליין דאָס אייגענע ביסעלע לעבן?...

עס איז ווידער לייכטער... עס' ווייעט אָן דער ווייטער דמיון אַ פרי־לינגס ־ ווינטל פול מיט' בעז-און רויזן־ריחות: „די טעג פון זייערע פרי־לינגס". עפּעס אַן אוקראַאינישע שטאָט, פּאַרקן, גערטענער, אַ גרויסער ברייטער, שטראָמיקער טייך, אַ זומערדיקע לבנה־נאַכט... און זי וויע־ראַטשקאַ, זיין שילערן, וועמען ער לערנט מאַטעמאַטיק, רוסיש, איז מיט אים... עס פליסט און מורמלט דער דניעפּער... און עמעץ האָט אָנגעהויבן מיט באַגייסטערונג צו דעקלאַמירן: „אָ, קענט איר די אוקראַאינישע נאַכט, אָ, איר קענט נישט, די אוקראַאינישע נאַכט!... קוקט אייך איין אין איר!"... און אַ שטיל שעפּטשען, און פרייד... וויעראַטשקאַ... זיין כלה... ווייטער! ווייטער! פּאָכעט פליגלען פון דער פאַנטאַזיע...!

דער איינגעדרימלטער דאָקטער הערט נישט און זעט נישט, ווי אַלע ווילע באַווייזט זיך אויף דער שוועל פון דעם צימער, וואו ער ליגט, אַן אַנדערע פון די פּרויענצימער, וואָס וואָרטשען מיט כעס:—זע נאָר, ווי דאָס האָט זיך צעפּאָפּט... און ס'ק־י־נ־ד האָט קיין כוח מ־ע־ד... ער זעט נישט דאָס יינגע באַלעבעסל, וואָס שטייענדיק אויפן שוועל פון צימערל, וואָלט אַ בעלן געווען אָראָפּצומאַניען דעם קראַנקן דאָקטער פון געלעגער מיט די בליקן, צוצוגיין נאָענט, ווי די ווייבער הייסן, איז ער נישט דרייסט.

נאָר די יללות פון דער מאַמע כאָמע מיט אירע הימלשרייענדיקע „נויטהעלפערס" באַהויפּטן אויפצוּוועקן דעם ווי אין הינערפּלעט פאַר־זונקענעם קראַנקן דאָקטער, וואָס קוקט זיך אַרום אַ פאַרחידושטער, וואָס וויל מען פון אים? פאַר וואָס לאָזט מען אים נישט אַ קליין ביסעלע חלומען פאַר זיך? ס'גאַנצע לעבן פאַר יענעם, טויזנטער קראַנקע, טויזנטער קרעכצן... אַזוי פיל ווי פאַראַנען אויף דער וועלט און ער, נח, האָט אין זיין קורצן לעבן געמוזט אַזוי פיל זען, אַזוי פיל הערן!... פונקט ווי אַ געריכטס־פּראָקוראָר מוז בייוואוינען אַלע הינריכטונגען פון די פאַרמשפּטע, אַזוי האָט ער געזען קינדער־פּנימלעך בלויע, דערשטיקטע פון דיפטעריע, די אַגאָניע פון די טיפוס־קראַנקע, פאַרברענטע פון זייער אינערלעכן פייער;

אף זיינע הענט איז אויסגעגאַנגען דער קאַלאָניסט מרדכי שקאָלניק, וועמענס אינגעווייד זיינען געוואָרן אויפגעריסן פון דעם אַקער־אייזן־מעסער, אליין אומגעקומען אין קאַמף, וואָס האָט ער געקאָנט העלפן דער יינגער אומגליקלעכער אלמנה, — אָ, דאָס בילד וועט ער קיינמאָל נישט פאַרגעסן, — דאָס אַקער-אייזן האָט דעם אָרימען מרדכין אזוי צערעכט־גע־מאַכט, אַז ער האָט בלויז געקאָנט אריינלייגן צוריק אין צעקוועטשטן בויך די מיט ערד און בלוט אויסגעמישטע געדערים... און אַז די שנייד־מאַשין גייט איבער עטלעכע מאָל איבער יחיאל לעווינס קערפּער, וואָס... אָ, שרעקלעך זיך צו דערמאַנען... וואָס האָט ער געקאָנט טון?

ער, נח, וועט קומען אף יענער וועלט אַ באַלאָדענער מיט זיינע און פרעמדע יסורים... עפּעס מוז דאָך זיין אַזעלכעס ווי עולם הבא... יעקב-דוד בראַווערמאַן זאָגט, אַז לויטן אבן עזרא איז קלאָר באַוויזן השאָרת־הנפש. . . אַ וואוילער ייד ר' יעקב, כמעט אַ רב... ער האָט קרישטאָלענע שכלדיקע געדאַנקען... אַז ער וועט ווערן געזונט, וועט ער באַ אים בעטן, ער זאָל לערנען מיט אים זוהר... ער האָט ליב די חסידישע מיסטיק... זי פירט אין העכערע ספערן פון דענקען... אַמאָל האָט ער געזען די גרייז-גרויע געשטאַלט פון דעם ליבאַוויטשער... און דער איינדרוק וועט באַ אים בלייבן ס'גאַנצע לעבן... נאָך אַ ווײַלע, לאָזט, זייט מוחל! אַ וויילינקע נאָך! אַ דערינערונג אַזאַ מתיקותדיקע: — וויעראָטשקאַ, געדענקסטו די אוקראַינישע נעכט?... נאָר די מומע צינקע שרייט דעם כמעט-פאַרחלשטן דאָקטער אין אויער אַריין: — ד אָ ק ט ע ר ! ר א א ט ע ע ע־ וו ע ן דאָס ק־י־י־נד!

סאָניע וויל זיי צוריקהאַלטן, ניט זיי צו פאַרשטיין, אַז אומזיסט באַ־אומרואיקן זיי דעם אָנמעכטיקן דאָקטער, אָבער מען שטופּט זי אוועק מיט כעס... ס'איז סיי ווי סיי שוין די העכסטע צייט: די געווינערן האָט געגעבן אַן אומענטשלעכן קוויטש און אַ דין געוויין פון אַ נייגעבוירענעם האָט זיך אַריינגעריסן אין אַלקערל ווי אַ פרעמדער נישטדאָאיקער טאָן...

שמחה־הערש זאָגט אָן די בשורה: — דאָקטער, מזל-טוב: אַ ייִנגל...

נו, איצט קאָן ער שוין פאָרן אַהיים. ראָדריגעז העלפט אים אַראָפּ-

קריכן פון בעט... דער חולה קאָן זיך קוים האַלטן אויף די פיס. יעדער טראָט פאַראורזאַכט אין אומענטשלעכן שמערץ, פונקט ווי אין איינגעגעסענער ווייטיק פון אין אויסגעהוילטן באַקצאָן... אָבער: זיך באַהערשן. עך, געווען נאָך ערגער, דעמאָלט, ווען די כוליגאַנעס האָבן געבושעוועט אין מאָהילעוו...

דער אָנבליק פון דעם קליינעם שרייענדיקן ווען, גיט אים צו אַ פרישן קוואַל פון כוחות.

—סאַראַ שייניקער! סאַראַ גרויסינקער! נו, נו, קינדערלעך, איר זאָלט אים נרינג דערציען!

די מומעס, די מאַמע כאָמע און די מאַנסלייט האָבן אין גאַנצן געטומל פאַרגעסן אַרויסצובאַגלייטן דעם ליידנדיקן דאָקטער אין דער ווינטיקער נאַכט...

* * *

דער הימל האָט זיך אויסגעלייטערט. אַ זילבערנע קאַלטע לבנה האָט צעווייסן געגעבן, אַז אויב דער ווינט וועט זיך אָפּשטעלן, וועט פאַרטאָגס זיין אַ ווייסער פראָסט.

ראָדריגעז פלוידערט: — דאָס וועטער האָט זיך אָפּגעשטעלט, ס'עט זיין טרוקן, וועלן די קאָלאָניסטן פאַרענדיקן אַקערן אויף ליאָן, וועט מען קענען אַראָפּנעמען דעם רעשט מאַיס, וועט דעם „סעניאָר דאָקטאָר" ווערן בעסער, ווייל די פייכטיקייט טויג נישט פאַר זיין געזונט...

דער פעאָן זעט, אַז ס'האַלט נישט גוט מיט זיין פּאַטראָן, שמייסט ער די פערד, וואָס גיכער אָנצוקומען אַהיים. דעם קראַנקן דאָקטער קלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן. די יסורים לאָזן נישט דרימלען, לאָזן נישט טראַכטן.

וואָס שילט ראָדריגעז אַזוי? וואָס „קאַראַכעט" ער דאָס? גאָרנישט זיין טבע. האָבן זיך די פערד דערשראָקן? מחמת פעטקייט ציטערן זייעלעטנס פאַרן מינדעסטן שאָטן... מסתמא עפעס אַ פגירה אין וועג. מיט אַ שוואַך קול פרעגט ער דעם קוטשער: — קע פאַסאַ, אַמיגאָ? — ע„

גאָרנישט, פּאַטראָן. עפּעס א שיכור האָט זיך געשטעלט פּאָפּערעך דעם וועג און שרעקט די פערד...

דער דאָקטער בויגט זיך ארויס פון קאָטש און זעט עפּעס אַ קליין באוואָקסן גאוטשל, פון די האַלצהעערס אין די סאָן גרעגאָריער אָדער ווי־זשאַגוואַיער וועלדער, אף א קליין קריאָזשע פערדל, מאַנעווּרירט פלינק, אהין און אהער און וויל זיך דערנענטערן צו ראָדריגעזן. עפּעס פּאָכעט דאָס מענטשל מיט אַ האַנט, ווי ער וואָלט געוואָלט עפּעס פון זיך אוועק־שליידערן. עס איז א „פּאַקאָן", א לאַנג מעסער, וואָס גלאַנצט אקעגן דעם ליכט פון דער לבנה... ראָדריגעז שמייסט די פערד מיט אלע כוחות, אָבער זיי דרייען זיך ווי צעהאַקטע שלאַנגען און ווילן זיך נישט רירן פון אָרט...

—לאָז אָפּ, דו שיכורער שד! וואָס מאַכסטו זיך צום נאַר? וואָס טאַנצסטו אהין און אהער? וואָס? א זון פון'א זונה...

יענער בליצט מיט די אויגן און מיטן מעסער: — איר הינטישע קעפּ, גיט אהער די סענטן. אלאַ נישט, נעם איך אייך ארויס די געדערים...

דער געטרייער דינער האַלט פּאַרלויפיק דעם אָנגרייפער פונדערווייטנס מיט דער בייטש, פּרוּווט אים איינעמען מיט רייד, צוערשט מיט גוטן, דערנאָך מיט איראָניע: — אָבער שיכורער העלד איינער, קעגן וועמען האָסטו זיך פאַרמאָסטן? דו, לאָז פּאָרן, זעסט נישט, אז ס'איז אונזער גוטער „דאָטאָר"...? וואָסערע סענטן? ביזט דול? גיי אהיים ניכטער דיך אויס לעבן דיין טשינאַ! דאָרטן וועסטו אויסלאָזן דיין כעס... דו באַרימער, דו, זון, וואָס אַ זונה האָט געבוירן...

דער שיכור איז געוואָרן נאָך מער ווילד, און איידער וואָס - ווען איז ער שוין געווען נאָענט לעבן דאָקטער, וואָס קאָן זיך איצט גוט איינקוקן אין דעם צעיושעטן פּרצוף פון דעם באַזויפענעם גאַוטשל... ווענדעט זיך דער דאָקטער צום צעווילדעוועטן האָלצהעקער מיט דער סאַמע געלאַסענער שטימע: — אַ גוטן אָוונט, דאָן בימענעז, קאָמאָ לע וואַ, אַמיגאָ? וואָס מאַכט דיין האַנט, וואָס איך האָב דיר קורירט אף דער עסטאַנסיא סאַנטאַ עלענאַ? איי, איי, בחורץ, תמיד אַזאַ היציקער! יאָ, יאָ, טעמפּע־

ראמענט קומט צונויז, ווען מ'דארף פארטיידיקן דעם האָנאָר... אַ נו, ווייז דיין האַנט!...

דאָס קורצוואוקסיקע גאַוטשל איז געוואָרן געלאָסן און שטילינקע ווי אַ לעמעלע, ער האָט פארלעגן אריינגעשטעקט דעם „פּאַקאָן" אין שיידל און זיך אַפילו געלאָזט וואַזשנע אויסזידלען פון ראָדריגעזן, וואָס האָט אים נישט געזשאַלעוועט קיין עפּיטעטן... באַ אַן אַנדער געלעגנהייט וואָלט ער אים נישט געשענקט פאַר אַזאַ פּוגע בכבוד־זיין זיין האָנאָר, וואָלט אים געוויזן די שאַרפקייט פון זיין מעסער.

איצט האָט ער ווי צעמישט געהאַלטן אין איין בעטן מחילה דעם „דאָקטאָר" אַקעגן וועמען ער איז באַגאַנגען אַזאַ עוולה, בשעת אים האָט ער דאָך צו פאַרדאַנקען זיין לעבן, ער איז נישט מער ווי אַ געפגרטער כלב, אַן אָפּגעשונדענע קליאַטשע - פּעל, ער איז ווערט, אַז די קאַראַנטשאָס זאָלן אים אויספּיקן די אויגן פאַר אַזאַ נידערטרעכטיקייט... ער איז ניט שול־דיק... נאָר דער הינטישער שענקער, וואָס מישט דעם וויין, ווער ווייסט מיט וואָסער טייוולאָנישן גיפט, וואָס היצט אויף די געבליטן, פאַרנעפּלט דעם מוח, אַזוי, אַז מען דערקענט נישט אַ גוטן פריינט. איז דאָך דאָן ראָדריגעז זיין קוואַטער, און דער טייערער „דאָקטאָר", גאָט זאָל אים געבן לאַנגע יאָר, זיין מלאך... ער מוז בעטן מחילה טויזנט מאָל... אַזאַ געמיי־נער פאַרברעכער איז ער... מאָרגן, ווען גאָט וועט דאָס וועלן, ברענגט ער דעם דאָקטער אַ מתנה:

ער האָט אַ צוימל מיט פּרענזלעך, דריי וואָכן האָט ער עס געפלאָכטן. ס'איז באַזילבערט, איינס אין דער געגנט. ווען מ'זאָל אים געבן דערפאַר טויזנט „רעאַלעס" וואָלט ער עס נישט פאַרקויפט, טאָ זאָל עס באַקומען דער ליבער „דאָקטאָר", אַלס אויסדרוק פון חרטה... זאָל אים דער ליבער דאָקטאָר געבן די האַנט, אַלס באַווייז, אַז ער איז אים מוחל... דיאָס מיאָ, סאַראַ אומווירדיקער הונט איך בין דאָס, איך בין גאָרנישט ווערט צו באַ־רירן אַזאַ הייליקע האַנט...

דער דאָקטער דריקט אים האַרציק די האַנט, ריטשט אַרויף דעם אַרבל:

— נו, נו, דאָן כימענעז, נעם דיר נישט צום האַרצן. מיר זיינען דאָך נישט

מער ווי מענטשן... יעדער מענטש קאָן האָבן אַ טעות... אָבער זיי פּאַר־זיכטיק מיטן מעסער... עס איז נישט גוט צו האַרגענען אַ נאָענטסטן... מענטשלעך בלוט איז הייליק... מען טאָר עס נישט פאַרגיסן... זיי געזונט...

דאָס גאָוטשל האָט זיך דערווייטערט גיך מיט אַן אַראָפּ־געלאָזטן קאָפּ...

* * *

דעם דאָקטער האָט מען אַריינגעטראָגן אַ פּאַרחלשטן אין זיין לעצ־טער וואוינונג. וויערא האָט געוויינט. ראָדריגעז האָט געמוזט תיכּף בייטן די פערד און ברענגען דעם וויזשאַגוואַיער דאָקטער.

און דער דאָקטער נח איז מער פון זיין קראַנקנבעט נישט אויפגעשטאַנען...

# פליכטלינגע

א האָטעל פון אַ קליינער באַן-סטאַציע אין די יידישע קאָלאָניעס. אין פראָנט אַ גרויסער צימער, אָנגעשטעלט מיט טישלעך און בענקלעך. אויף די ווענט פאַרשידענע רעקלאַמעס פון לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען, פאַפּיראָסן, בירן און ליקערן. דאָס איז דאָס פאַראַדנע עס־צימער. ווער ס׳וויל קאָן אויך עסן אין דעם לאַנגן קאָרידאָר, וואָס האָט אַן אויסבליק אויף די קאַמפּן, איז געפּלאַסטערט מיט מאָזאַאיקן, און דורכגעצויגן פון אונטן ביז אַרויף, קרייץ און קווער מיט דינע דרעטלעך, וואו ס׳קלעטערן מאַדרעסעלוואַ און ווײַנשטאָק, זומער־צייט באַקוועמע נעסטן פאַר מאָס־קיטאָס און אַלערליי געציפער, וואָס לויערן אויף די געסט צו זויגן זייער בלוט, אַזוי באַלד ווי זיי וועלן זיך אויסטועון און פאַרלעשן דאָס ליכט...

נאָר דערווייל האָבן זיי נישט קיין קרבנות: פרעמדע קומען כמעט נישט אָן אין שטעטל. פון די זיבן שלאָפצימערן קוקן אַרויס אין קאָרידאָר די זיבן אייזערנע בעטן, שוין לאַנג נישט פאַרבעטע, מיט די הוילע פאַרזשאַווערטע ספּרוזשינעס. ס׳קומט קיינער.

די געשעפטס-רייזענדע האָבן גאָרנישט צו טון אין דעם דאָזיקן שטילן שטעטל, סיידן אַמאָל עפּעס אַ רייזענדער פון איין באַן צום צווייטן, וואָס גייט קלייטל-איין קלייטל אויס מיט אַ פּעקעלע אָדער מוסטער־וואַליזקע און פּרואוווט זיך מזל בײַ די פאַרשידענע מרה־שחורהדיקע און געלאַנגווייליקטע קלייטניקעס: — ביליק און אויף די בעסטע באַדינגונגען... טרעפט ער די סוחרימלעך זייער גלייכגילטיקע און זייער קאַלטע צו זיינע גינסטיקע אָפּערטן.... צי ווייסט ער דען נישט, אַז די קאָאָפּעראַטיווע האָט דער־

האַרגעט די גאַנצע קאָמעריע...? צי ווייסט ער נישט, אַז ס'איז פאַראַן אַ היישעריקל, אַ טרוקעניש, און גאָר אין גוטן מוט א פארטרינקעניש מיט בלאָטעס עד לב השמים? און בכן? בכן, שמעקט אין קלייט שוין לאַנג נישט אריין קיין פיצל קונה, אפילו קיין פונדעק... אַז די קאָלאָניסטן האָבן קיין געלט, זאָל ער זיי אפשר געבן אף באָרג? ניין! דאָס קאָן ער נישט טון... ווייניק אַלטע טשוועקעס באַ אים פאַראַן? אָט־אַ־דאָ, אין דער אייזערנער קאַסע, מיינט ער וואָס ליגט? בערג מיט פאַפירן, שמאַטעס: וועקסלען: אשר - יצר - פאַפיר מיט חתימות, ערשט-קלאַסיקע חתימות... צו וואָס קויפן נייע סחורות, ווייניק פארלעגענע פאַראַן? פולע פאָליצעס... ער וואָלט אָטאָ־דאָס אַלץ אויספאַרקויפט פאר צען פראָצענט... פאַר פינף פראָ־צענט... וואָס וועט ער קוקן אף דער וואַליזקע מיט מוסטערן, אַז ער האָט נישט קיין אינטערעס צו קויפן... אפשר, כ'וויים, אין אַ פּאָר הדשים אַרום, די צייט, ס'וועטער וועט זיך אביסל פאַרבעסערן...

יאָ פרנסה, נישט פרנסה, די באַן האָט אַלץ נאָך אַביסל צוטרויען צו דעם שטעטל, וואו ס'האָט אמאָל געקרעשט: יעדע באַן פלעגט אמאָל יאָ אַרויסוואַרפן אַ גאַנצע כאָפּטע מיט פאַסאַזשירן, די וואַגאָנעס האָבן אָוועקגעשלעפּט תבואות און געבראַכט סחורות... טוט זיך די באַן איר פליכט: שטעלט זיך אָפּ אף דריי אָדער פינף מינוט באַם שטילן וואָקזאַלכל פון שטעטל: פאָסט, אָנטרינקען אמאָל דעם לאָקאָמאָטיוו, אָדער אויפנעמען די פאַסאַזשירן, וואָס דאַרפן אין קרייזשטאָט...

אין אַזאַ געלאַנגווייליקט שטעטל גייען אַלע באַגעגענען דעם באַן, און דער האָטעלשטשיק, אַוודאי און אַוודאי. זיין שטיקל פרנסה: טאָ־מער וועט זיך פאָרט אמאָל יאַוויענען אַ גאַסט, און אַחוצדעם איז עס פאָרט דער בעסטער תירוץ זיך אַרויסצוכאַפּן פון שטוב, וואו ער מוז זיך כסדר אויסטענהנען מיט דער יידענע, טאַקע מכוח דער געפּגרטער פרנסה זייערער... באַ דער סטאַציע קאָן מען זיך אַביסל צעשטרייען, אויסהערן און אויסריידן אַ ניי וואָרט, הערן א נייעסל, קויפן אַ בוענאָס איירעסער צייטונג; די מיידלעך: זייערע באַליבטע אילוסטרירטע זשורנאַלן — די רעווויסטעס—, דאָרט קאָן מען הערן א פרישן וויץ פון געצלען דעם לאָטערי־

צעטל־הענדלער, אריינקוקן אינם „עקסטראקט“, ווער און ווען ס'האָט גע־וואונען, און ווער ס'האָט א פרעמיע... בא דער סטאציע איז גלאַט פריי־לעך: דער פּעראָן איז דער טרעפפונקט פון פאַרליבטע פּאָרלעך, און מ'קאָן זען ווער מיט וועמען ס'וועט זיך משדך זיין. אמאָל קומט טאקע אָן א טשיקאַווע גאַסט, אן ארויפגעארבעטער געוועזענער תושב פון די קאָלאָ־ניעס, וואָס כאַפּט זיך אמאָל אראָפּ צו דער פאמיליע...

און ס'קאָן אמאָל פּאַסירן, אז דער האָטעלשטשיק פון גאַסט־הויז „אידעאַל“ זאָל האָבן גליק: ס'קאָן געמאָלט זיין, אז דער שליח פון קאמפּיין, וואָס דאַרף אָנקומען פון בוענאָס איירעס, וועט איינשטיין בא אים... וואו דען? בא גרינשפּון? אויך מיר א האָטעל! פּאַאול מיידאָרפס „אידעאל“ איז און בלייבט דאָס מאָדערנסטע און באַקוועמסטע פון שטעטל... אָבער, וואָס קומט ארויס פון דעם אלעם, אז תמיד כאַפּט אויס דעם שליח עפּעס א סוב ־ קאָמיטעט: ווילן אים איינשפּאָרן איבעריקע הוצאות, און אים, פּאַאולן, רייסט מען ארויס דעם ביסן פון מויל... צו מאכן א לעבן דאַרטן פון די פּאָר אָנגעשטעלטע אין דער קאָאָפּעראַטיווע, אָדער פון דער פּאָסט... צאָלן וויל עס א גאַרנישט, און אפּעטיטן האָט מען... פּאַאולן איז גאַר־נישט מקנא צו זיין... ניין, אבסאָלוט נישט!...



אין א געוויסן פרימאָרגן, ווען דער צוג דאַרף אָנקומען פון בוענאָס־איירעס, זעט מען פּאַאול מיידאָרפן בא דער סטאציע נישט אין זיין גע־וויינטלעכן אלטעגלעכן הילוך: אין די פּיזשאַמעס, נאָר גאָר אין די יום־טובדיקע מלבושים, ארומגעגאָלט, אויסגעפּוצט, ס'גאַנצע שטעטל ווייסט, אז דאָסמאָל איז פּאַאול נישט געקומען צו דעם באַן וועגן קליענטן. איצט ווארט ער אָפּ אייגענע געסט: טאַטע־מאַמע, שוועסטער... נעבעך: פּליכט־לינגע פון דייטשן גיהנום...

אויסערגעוויינטלעכע געסט. אפילו אין חלום האָט ער זיך נישט פאַר־געשטעלט, אז ס'וועט אים אויסקומען זיין צו דערוואַרטן אין ארגענטינע... גיכער איז געווען זיין חלום אמאָל צו פאָרן צו זיי, ווייל ס'פלעגט אים אויסגיין דאָס חיות נאָך זיין היימלאנד, נאָך זיין שיינער שטאָט אין מי־

רינגען. דאָרטן, האָט פּאַאול באַ זיך געטראַכט, דאָרטן אין ערפורט, האָט ער אַ טאָטן, אַן אָבער־קאַנטאָר. אַזוי לאַנג קרענקען זיי, ווי זיי ווייסן וואָס דאָס איז אַזוינס אַן אָבער־קאַנטאָר... ער שטאַמט אַלזאָ נישט פון אַ בארג מיסט, ווי אַלע מיינען דאָ. „אויבערקאַנטאָר, מיינע הערן! פיין געהאַלט, אייגענע ווילאַ אויף דעם וואַלדבארג, גרינע לאָנדלעך, רוטער דאַך, ווייס־גרינער צוים, רויזגאָרטן, ראָדענדראָן־קוסטעס, מאַגנאָליאַ־בוימער, קאַרשן, פלוימען, באַרן, אויסבליק אויף די בערג“... אַמאָל, אַמאָל, וועט ער אַהיימפאָרן, זען די ליבע היים, און גלייכצייטיק זען, אַז ס'זאָל זיין אַ שטיקל טאָלק מיט דעם פאַרמעגן, זיי, די איבעריקע, די שוועסטערן, זאָלן נישט אַלץ אַראָפּשלינגען...

ווען נישט דער פאַרפלוכטער וועלט־קריג, וואָלט ער אפשר קיינמאָל נישט דאָ אַהערגעקומען. אַ זון פון אַן אויבערקאַנטאָר האָט ער נישט געהאַט קיין נויטווענדיקייט צו פאָרן אין אַלדע אויסרייסענישן. באַ זיין פּאַפּאַס פאַרבינדונגען, וואָלט ער אינדערהיים געווען גענוג פאַרזאָרגט. „די אומשטענדן, מיינע הערן!“ די סיבה איז געווען די: נישט געהאַט קיין חשק צו ווערן סאָלדאַט פון זיין מאַיעסטעט דעם דייטשן קייזער. איז ער געפאָרן מיטן ערשטן בעסטן דאַמפער, וואָס האָט זיך אַוועקגעלאָזט למרחקים, די לעצטע שיף, וואָס האָט נאָך דערגרייכט אַרגענטינע פאַר דער בלאָקאַדע.

פּאַאול האָט זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן, צי קאָן מען נישט דאָ אויך „מאַכן אַמעריקע“ אין דער מדינה. שוין אפן שיף האָט ער געהערט, אַז לייט מאַכן דאָ שטיקער גאָלד, און געקומען צום באַשלוס, אַז פאַר אַזאַ שטרעבער ווי ער איז אַזאַ מין לאַנד ווי אָנגעמאָסטן.

דאָך איז אים געגאַנגען שלימזלדיק דאָ: וויפל ער האָט זיך נישט באַמיט. אַמעריקע האָט ער נישט געמאַכט, נאָר אויסגעפּרוּווט אַ טוץ פּרנסות און מלאכות. געווען וואָרשטמאַכער, טרעגער באַם פאָרט, מאַטראָס פון ענגלאַנד, וואָס פאַרקויפט רעגנמאַנטלען דירעקט אַריינגעשמוגלטע אין לאַנד, געווען אייער־סוחר, קאָרעדאָר, לאָטעריע־צעטל־הענדלער, שוכפוצער און נאָר צולעצט פּעאָן באַ אַ יידישן קאָלאָניסט. געקומען

דאָרטן אַרבעטן קאָסטשע - צייט, און טאָקע אויפגעטויגט, גאָרנישט ווי א גרינגער, נושא חן גערוען אין די אויגן פון דעם קאָלאָניסט, וואָס האָט געהאַט א פינף צי זעקס טעכטער, וואָס אַלע זיינען שוין געוועזן ראוי־לחופה, און ס'האָט זיך עפעס נישט געמאַכט קיין שידוך, און די צייט שטייט נישט, די מיידלעך ווערן וואָס עלטער, די שטוב ווערט א גיהנום... איז אבא ווייסהאַלץ געוועזן איבערגליקלעך, וואָס דער דייטש האָט גע־וואָרפן אַן אויג אויף דער עלטסטער און טאָקע נישט אויף קיין קאַטאָוועס. גאָטס וואונדער! ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן, אז גראָד די בייזלעכע בוגרת פעסיען וועט מען אויסכאַפן צום ערשטן?...

פאַאול האָט עס געטון גרינטלעך, לויטן דייטשן מוסטער: דער־קלערט זיך אין ליבע אין הויכע אויפגעבלאָזענע פראַזן, איר געשריבן לי־בעס־בריוולעך מיט ציטאַטן פון לידער, צו איר געבורטס־טאָג באַקומען פון ערגעץ-וואו בלומען, געשיקט מתנות. געוועזן א צערטלעכער און פאַר־ליבטער „ברוטיגאַם", ווען אַלע טעכטער און זין אבאס האָבן נאָכ־געקרומט די פאַרליבטע שטיק, און דערפאַר באַקומען א ביטערן אָפּשניט פון פעסיען. מען האָט געשטעלט א חופה, אין גאַלפּאַן האָט מען געפּראַ־וועט א חתונה - מאָל מיט כלי - זמר, מיט א פופציק געפּרעגלטע הינער, צוויי געבראָטענע שאָף. באַבעס און מומעס האָבן געוויזן זייער בריהש־קייט אין די „שערן", אין די „פריילעכס". אבא האָט געטאַנצט מיט בריינדלען, זיין ברודערס ווייב א קאָזאַטשאָק, די יינגע האָבן געטאַנצט „טאַנגאָס" און „ראַנטשעראָס", פאַאול האָט געוויזן א „דזשימי", א „ריינ־לענדער", און געוואָרפן פאַרליבטע בליקן צו פעסיען, וועלכע ער האָט גע־פּרוּווט אָנרופן פאַאולינאַ, אָבער דער דאָזיקער נאָמען איז נישט געוואָרן אקצעפּטירט...

נאָך דער חתונה איז דאָס יינגע פּאָרפאָלק געגאַנגען וואוי־נען אין שטעטל אריין... נאָך לאַנגע טראַכטענישן האָט פאַאולס קאָמבינאַטאָרישער קאָפּ אויסגעפונען, אז ס'שטעטל דאַרף א גאַסט־הויז. געטראַכט און גיך געטון, כדי אַן אַנדערער זאָל נישט אויס־כאַפּן סגעשעפט... איינס און צוויי, געדונגען א לײדיקע שטוב, די רובענ־

שטיינס האָבן זיך אָוועקגעצויגן קיין בוענאָס איירעס, און אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָבן די שטעטלשע איינוואוינער געלייענט די ווערטער „אי־דעאַל, האָטעל מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, מעסיקע פרייזן" אויף אַ שילד, וואָס טאַקע פּאַאול אַליין האָט אויסגעמאָלט. רובענשטיינס הויז אָפּגע־דונגען פאַר צוואַנציק פעזעס אַ חודש, מיט די זיבן אייזערנע בעטן און מאַטראַצן, מיט די זיבן טישלעך און צוואַנציק בענקלעך, מיט אַ בילאַרד־טישל, אויסשענק־טיש מיט אַ טוץ ליקאָר און בראָנפן־פלעשער און אַזוי־פיל גלעזער און גלעזלעך, — האָבן דאָס געמוזט געבן חיונה דער פאַמיליע מיידאָרף, ביגוואַלד, פונם פּערל איז גיך געוואָרן אַ משפחה פון זיבן פער־זאָן, פעסיע האָט קיין עין הרע געקינדלט: אין פינף יאָר, פינף קינדער: דריי יינגלעך און צוויי מיידלעך, וואָס מ'האָט געמוזט געבן עסן, קליידן, קויפן מעדיצינען, שיקן אין שולע, קויפן לערנביכער און העפטן... מ'האָט געדאַרפט און געדאַרפט... מ'האָט געמוזט אויך אויפנעמען שווער און שוויגער, שוועגערנס און די אַלע ווייטע און נאָענטע קרובים, וואָס זיינען אָפּט געקומען צו־גאַסט, בלויז אויף עטלעכע טעג...

ס'איז נישט געווען קיין לייכט לעבן. מ'קאָן זאָגן: אַ היניטיש פאַר־האָרעוועט לעבן. פּאַאול האָט אָפּט געטראַכט פון שטריק. ניין, מיינע הערן, אויף אַזעלכעס האָט ער זיך נישט געריכט. נאָר איין זאַך האָט אים אָפּגעהאַלטן פון מאַכן אַ סוף מיט זיך: די היימאַט און די מעגלעכע ירושה. אַמאָל, אַמאָל, אם ירצה השם, ווען זיין ליבער פאָטער ווועט ווערן גערופן צום הער גאָט, וועט ער דאָך מוזן מאַכן די רייזע: זיך זען מיט דער משפּחה און זיך טיילן ערלעך מיט דער ירושה, און שפּעטער... האָט ער גאָר פיינע פּלענער; פאַרשידענע פּלענער: האָטעל אין אַ „מאָנדען" באָדן - פּלאַץ, פיין איינטערעגלעך נעשעפט... אָדער אפשר גאָר אימפּאָרטירן אייזן־סחורות פון דייטשלאַנד... מען קאָן פאַרדינען שטיקער גאָלד... וואָס דען, ער וועט ליגן תמיד אין דעם וויסטן העק? ער, איז צו עפּעס בעסערעס באַשטימט...

נו, איז געקומען דאָס דריטע רייך און האָט געמאַכט אַ באַרג אַש פון די אַלע ראָזאָווע פּלענער.

דער „שטורמער" - יונגט איז איז נישט געפעלן דעם עקס - אויבער־

קאָנטאָרס פרידריך מיידאָרפס צוגעפּוצטער, כמעט ווי צוגעשניצטער שפּיצ־באָרד. געווען א שפּיצבאָרד ווי אַלע שפּיצבערד פון דעם מין. בכבודע פראַנצויזן, אַלטע רענטיסטן, פּראָפעסאָרן, האָבן אַזעלכע זאָרגפעלטיק־צוגעפּראַוועטע שפּיצבערד. אנאַטאָל פראַנס האָט זיך געגרויסט מיט אַזאַ שפּיצבאָרד. אפילו מאַנכע דייטשע פּאַסטאָרן פלעגן פאַרשענערן זייערע זויער־ערנסטע פּנימער מיט אַזעלכע שפּיצבערד. אָבער ווען ס'איז אָנגע־קומען די נייע גליקלעכע ערא אין דער דייטשער געשיכטע, האָט מען באַ־קומען גאַנץ אנדערע אָנשויאונגען איבער האָר ־ קונסט: שפּיצבאָרד איז נישט דייטש, נישט דייטשע ארט, האָט איינער פון די קונסט־מומחים פון דריטן רייך אויסגעפונען. דייטשע עכטע פריזור איז: קורצגעשוירענע האָר און ראַזירטער נאַקן. עס איז דאָך קלאָר נאָכצואַווייזן דאָס דאָזיקע באַם רוימישן היסטאָריקער טאַציטוס, וואָס דערציילט וועגן דער האָר־טראַכט פון די אַלטע גערמאַנען.

פרידריך מיידאָרפס שפּיצבאָרד איז געווען גרוי, זייער בכבודיק, שטייף, פיינגעקעמט, ווי סע פּאַסט פאַר אַן אויבערקאַנטאָר. ער האָט כמעט אויסגעזען עכט ־ דייטש, נאָר אַ געניט אויג האָט געקענט אויסנעפּו־גען זיין אידישקייט לויט דער קוים, קוים הויקערדיקער נאָז, אַ כמעט אַרי־שע נאָז, אָדער לויט די גוטמוטיקע אויגן ־ קישעלעך, וואָס באַ נישט־אַריער זיינען גאָר אַזעלכע נישט פאַראַנען. אָן עבטער דייטש, פיינע דייטשע ליפּן, וואָס האָבן גערעדט דעם גלענצנדיקסטן ערפורטער דייטש.

בלויז אַזעלכע גלענצנדיקע ראַסן ־ פּסיכאָלאָגן און פרענאָלאָגן ווי די נאַציס און זייערע ס. ס. האָבן געקענט פעסטשטעלן די אמתע אָפּשטאַ־מונג פון דעם יידן„ און פרידריך מיידאָרף, פאַר ווערמען אַ סך פאַרבייגייער האָבן געפלעגט אָראָפּצונעמען דין קאַפּעלושן און וועמען קינדער האָבן באַ־טראַכט מיט יראת ־ הכבוד, איז געוואָרן צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן באַליידיקט.

ער האָט זיך קיינמאָל נישט געמישט אין פּאָליטיק, נישט זיך אינטערע־סירט מיט איר, געווען אַן עם־האָרץ אין די אַלע פּאָליטישע און פּאַרטיי־אישע דריידלעך. זיין ליבהאָבערייַ איז גאָר געווען באַ די רויזן, באַ די דאַ־

ליאס, בא די היאצינטן, בא די גליציניעז, וואָס זיינען געוואקסן אין גאָרטן פון זיין ווילע. מיט זיינע פריינט האָט ער זיך אונטערהאַלטן איבער לעוואנדאָווסקי, איבער מינקאָווסקי און אנדערע ליטורגישע מוזיקער, בע־טנדיק תמיד די „מאַמאַ", ווי ער פלעגט רופן זיין מינא, זי זאָל עפּעס שפּי־לן; מאַמאַ פלעגט שפּילן גריעג, שומאַן, שובערט, לאָרטצינג; מאַמאַ האָט ליב געהאַט סענטימענטאַלע מוזיק. דעם פאָטערלאַנד האָבן זיי געגעבן זייער בלוט־קרבן: דער קליינער, שוואַכינקער וואַלטער, קאַנדידאַט יורי, איז געפאַלן בא לעמבערג. זיין בילד, א מאָגער בלאַס יינגל, איז געהאַנגען איבער דער פּיאַנע, איינגערעמט מיט א שוואַרצן באַנד גאַזע.

פרידריך מיידאָרף האָט געדינט דער געמיינדע גאַנצע דרייסיק יאָר, און אַזוי ווי אין די לעצטע יאָרן האָט אים די אַסטמאַ אָנגעהויבן שטאַרק צו דערקוטשען, האָט ער אָפּגעדאַנקט פון זיין פּאָסטן, פאַרשטייט זיך מיט שיינער פּענסיע אויף דער עלטער...

און אויף די אַלטע יאָרן האָט ער עס געמוזט דערלעבן, אַז מען זאָל אים אין זיין היימאַט־שטאָט אַזוי גראָב באַליידיקן.—הערסט, מוטי, זיי האָבן מיך אָנגערופן: פאַרפלוכטער קאָמוניסט... ס'איז דאָך קאָמיש, איך, א רעליגיע־זער פאָרשטייער פון דער געמיינדע, א קאָמוניסט... כאַ, כאַ, כאַ...

דערנאָך איז געוואָרן נאָך ערגער: מען האָט אויסגעהאַקט די שויבן, אויסגעגאָסן צואה בא דער שוועל, געפּיפן, געחוזקט אונטערן פענסטער, צעבראָכן די רויזנבוימלעך, צעטראָגן דעם פלויט, געגעבן אָנצוזעהערן, אַז אויב ס'איז זיי ליב דאָס לעבן, זאָל ער מיט זיין „יורענגעזינדל" זיך אָפּ־טראָגן, און נישט פאַרפּעסטן מיט זייער אָטעם די שענסטע געגנט פון א דייטשער שטאָט...

דער קצב גומפּעריך האָט געשיקט זאָגן, ער וויל קויפן די ווילאַ. ער באָט אָן א פּרייז: פיר טויזנט מאַרק. בא די באַדינגונגען נאָך א גאַנץ שיינער פּרייז.

— אַלע האָבן געוויינט, דער הויכער בכבודער מאַנספּאַרשוין אויך: מוטי, פאַרוואָס קומט דאָס אונז? וואָס האָבן מיר זיי געטון? מען האָט זיך געאייניקט מיט גומפּעריכן אויף פינף טויזנט מאַרק. נאָכן אונטער־

שרייבן דעם פארקויפס - אקט האָט מען ווידער פארגאָסן טרערן. מ׳ען דאַרף אָנהויבן טראַכטן פון א תכלית, אפשר זיך איבערציען קיין בערלין. דאָרטן איז מען מיטן לעבן זיכערער. פאַרלאָזן ערפורט, אָ, ווי דאָס טוט באַנג. ערפורט... דער שיינער הויפגאָרטן, מיט זיינע געשלענגלטע אַלייען, די בערגלעך, די אָפּערע, וואו זיי האָבן געהאַט אַ יערלעך רעזערווירט אבאָנאמענט אין שטאָט - טעאַטער: הער פרידריך מיידאָרף אַלס באַרימטער מוזיק - קענער איז געווען טעאַטער - רעצענזענט, מ׳האָט אים געהאלטן אַלס דעם סאַמע באַהאַוונסטן פון וואַגנערן, בעטהאָווענען און שטרויסן.

פרידריך מיידאָרף האָט זיך געמוזט איבערצייגן, אז ער וועט בשום־אופן נישט קענען אויסלעבן רואיק זיינע עלטערע יאָרן אין זיין אייגענער היים באַ די רויזן, באַ די דאַליאַס, באַ די ראָדענדראָנס. איצט איז דאָס שוין נישט געווען זיין היים. ס׳איז געווען די היים פון דעם קצב גומפּריך. דאָ איז נישט געווען וואָס צו טון מער.

ווען אויך העדוויג איז אהיימגעקומען פון איר לערער - שטעלע, האָט דער עקס - אויבער־קאַנטאָר געזאָגט צו זיין פרוי: — איצט, מינאַ, זיינען אַלע סטעליעס איבער אונזערע קעפּ איינגעבראָכן, איצט איז אַלץ אויס...

העדוויג, אַ פאַרעלטערט מיידל, וואָס איז געווען אַ פאָלקס - שול - לערערן אין אַ שטיל ווינקל פון טירינגער וואַלד, האָט באַם איינטריט פון דער נייער צייט געמוזט אויפגעבן איר פּאָסטן. אָ, ווי זי האָט ליב געהאַט די אַלע בלאָנדע קעפּלעך, די אַלע הענזלעך, גרעטלעך, קעטכענס, די לאָטכען, וואָס האָבן אַזוי אַרטיק געמאַכט דעם קניקס מיט זייערע נאַקעטע קיילעכדיקע קניעלעך, מיט דעם „שיינעם גוטן טאָג, פריילן!" איז זי, העדוויג, וואָס איז געווען דער ליבלינג פון די אַלע קליינע קינדערלעך, גאָר געוואָרן זייער סטראַשידלע. נו, איצט, אַדיע, איר בערגלעך, איר שטילע שפּאַצירוועגלעך צווישן די סאָסנעס, אַדיע, איר עבאָס אין די טאָלן, אַדיע, פריינטלעכע דערפער!

די לערערן פלעגט מיט די קינדער מאַכן עקסקורסיעס; זיי וויזן דעם רייץ פון דער דייטשער לאַנדשאַפט, ווייל זי, העדוויג, האָט שטאַרק ליב געהאַט דאָס דייטשע פאַטערלאַנד. אָ, סאַרא הערלעכקייט צו וואַנדערן אי־

בערן רייצענדן טירינגען; בארג־ארויף, בארג־אראָפּ, וואַלד־איין, וואַלד-אויס, און דערביי זינגען די האַרציקע פּאָלקס־לידער, באַגלייט פון דער גיטאַרע אָדער מאַנדאָלינע, מיט אַן אויסגעהעפּטער אויפשריפט: „גליק און זונענשיין!“

זי געדענקט ווי אַמאָל, בײַ אַזאַ עקסקורסיע זיינען זיי געקומען בארג־אראָפּ אין אַ גרינעם טאָל, אַרומגערינגלט פון דער כאַפּטע פריילעכע קינדערלעך — זי האָט זיך דאַן געפילט אַזוי זאָרגלאָז, אַזוי קינדעריש גרינג —זיינען זיי אריין מיט געזאַנג אין הויף פון לאַנדווירט רימקע. האָט די דיקע פויערטע געלאַכט, און אַלע אירע צען קליידער און יובקעס האָבן מיטגעלאַכט, האָט זי אויסגעשטרעקט אַ מאָזאָליסטע געשפּאָלטענע דלאָניע דער בלאָנדער באַשיידענער העדוויג, געקניפּט יעדעס פון די שילערלעך אין די בעקלעך, געלויבט זייער גוטדערצויגנקייט, און געהייסן ברענגען פאַר יעדן פון די קינדערלעך פּוטערברויט מיט פרישער מילך, און קאַרשן אויף אונטערוועגנס. — קאָסט ניקס, פון קינדערלעך נעם איך גאָרנישט...

אָ, זי איז געווען זייער אַ סענטימענטאַל מיידל, די העדוויג, סענטימענטאַל ביז טרערן. ווײַנען בײַ איר איז געווען זייער לײַכט, באַזונדערס זינט זי האָט פאַרלוירן איר פאַרלאָבטן אין וועלט־קריג: זיין בילד האָט זי געטראָגן אין אַ מעדאַליאָן אונטערן האַרץ. זינט דאַן האָט זי אָנגעוואוירן אַ שטיק פון איר אָרים, פריידלאָז לעבן. און איצט, האָט זי דאָס פּאַטערלאַנד אויסגעשפּיגן און ארויסגעשטויסן פון איר מקום מקלט, און פונקט ווי דעמאָלט, אַז ס'איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז איר טעאָ איז געפאַלן „אַפן פעלד פון דער ערע“, האָט זי אויסגעוויינט איר צער אַפן בוזים פון דער מוטער, פון דער בלאַסער אַלטער מאַמאַ, מיט די אומצאָליקע פּנים־קנייטשן, קנייטשן ווי צוזאַמענגעקנאָדערט פּאַפּיר, האָט זי טעג און נעכט ארײַנגעהעשעט אין דער מוטערס אײַנגעשרומפּענע בריסטן... וואָס האָט די דאָזיקע לײַדנספולע מוטער געקאָנט זאָגן מער איר העדוויג: — אָבער, העדוויג, מיין קינד, באַרואיק זיך! ברענג דיך נישט אום, מיידל. דאָס לעבן איז דאָך נאָך נישט צו ענד, — אָבער, מיין ליב קינד, הער דאָך אויף...

די בלאָנדע הערדוויג, וואָס האָט פּונקט ווי איר מוטער, ווער ווייסט וואו, פאַרלוירן אירע יונגנט - זאַפטן, — זי האָט דאָך שוין באַלד אַזוי אויסגעזען ווי די מאַמאַ, — האָט נישט געקאָנט אויפהערן וויינען. זי האָט עס געטון אָן אַ קול, ווייל איצט האָט זי ווירקלעך נישט געהאַט מער קיין שום אָנהאַלט אין לעבן. די זאַפטן זיינען אויסגערונען. די קליידלעך זיינען געהאָנגען זייער לויז אַף איר גוף, וואָס האָט באַקומען קערפּערלאָזע גאָטישע פאָרמען: שמאָלע היפטן, איינגעפאַלענע בריסטן. זי איז זיך געוועזן באַוואוסט, אַז ס׳וועט נישט זיין מער גאָרנישט אין איר לעבן, נאָך דעם געפאַלענעם טעאָ און נאָך דער גרויסער ליבע צו די קלאַסן־צימערן אין לאַאושאַ. איר מאָגערער, כמעט אַסקעטישער גוף האָט כסדר וויברירט ווי פון עפּעס אַ טיפער, עלעגישער מעלאָדיע, אַ טויטן־געזאַנג צו דעם פאַרלוירענעם: צו די בערג, צו די שטילע סטעזשקעס, צו די לאַכנדיקע, ליבנדיקע קינדער־שטימען. זי האָט נישט געהאַט קיין כוח צו האַסן אַ סך די דאָזיקע, וואָס האָבן איר לעבן פאַרשניטן אינמיטן. זי האָט רק געמורמלט צו זיך: — איך וואָלט געוואָלט וואַנדערן אין טאָל פון טויט (משמעות אַ פּסוק פון תהילים אין דער לוטערישער איבערזעצונג). איך בין שוין אויסגעליידיקט ווי אַ פאַרטריקנטער בוים, וואָס האָט פאַרלוירן זיין פאַרבינדונג מיט דער מאַמע־ערד... איך, איך האָב שוין קיין פּיצל מאָרגן צו דערוואַרטן...

זי האָט אַפילו נישט באַזיצט די קראַפט צו קענען טראַכטן וועגן אַ געוואַלטזאַם איבעררייסן פון אַזאַ מיזערנעם וועגעטירן.

ווער קאָן טרייסטן? מיט וואָס טרייסטן? וועלכע פּאַסנדיקע ווערטער אויסגעפונען, וואָס זאָלן ווירקן? אַז׳ אַלעמען האָט דאָס אומגליק געטראָפן, אַלעמען...

בלויז די קליינע זעכצניעריקע ברונעטע לענע, וואָס איז געוועזן זאַפטיק ווי אַ רייפע ראָזע קאַרש, שמעקעדיק ווי אַ בליענדיקער זשאַסמין, האָפּערדיק און פלינק ווי אַ וועווערקע, — זי האָט נישט פאַרלוירן דעם קוראַזש אין די אַלע גרויזאַמע טעג... אדרבא, זי האָט נאָך געשפּאַסט, און אָנדערצײילט וויצן מיט איר קלינגנדיק קולכל איבער די ס. ס.־לייט, וואָס

האָבן אַביסל דערהייטערט די פאַרומערטע מענטשן.

איינמאָל איז די לענע געקומען מיטן אַזאַ מין פאָרשלאַג: — מאַמאַ, פּאַפּאַ, ווייסט איר וואָס? מיר וועלן פאָרן צום פּאַאול!...

וואָס איר פאַלט איין: פאָרן גאָר צום פּאַאול, אַזוי ווייט!... בפרט, אז מען ווייסט, ר'איז אָרים ווי אַ קירכע - מויז... ניין, אויב פאָרן, וועלן זיי בעסער פאָרן צוזאַמען מיט די גיסבערגס קיין האָלאַנד...

דער פּלאַן צו פאָרן קיין אַרגענטינע האָט נישט דערוועקט קיין גרויסן אינטערעס, ווייל מ'האָט איבערהויפּט נישט געהאַט קיין באַזונדער ליבשאַפט צום פּאַאול, וואָס איז תמיד געווען די „ווייסע פליג" אין דער משפחה. געווען אַן אומגעהאָרכזאַם קינד, ליב געהאַט אַרומצוגיין פּוסט און פּאַסט. לערנען האָט ער בשום אופן נישט געוואָלט, קוים מיט צרות געענדיקט די עלעמענטאַר - שולע. און הער מיידאָרפס וואונטש איז געווען, אַז פּאַאול זאָל שטודירן ווי דער זעליקער וואַלטער, אויב נישט אויף יורי, איז כאָטש אויף אויבערלערער. האָט אים אָבער דער יונג אָנגעטון חרפות און בושות, געטרונקען, געשפּילט קאָרטן, זיך אַרומגעשלעפּט מיט מיידלעך פון צווייפלהאַפטן שם. מיט איינער האָט ער אָפּגעטון אַ מיאוסע מעשה... ווען נישט דעם הער אויבער-קאַנטאָרס פאַרבינדונגען, וואָלט דער יונגאַטש געגאַנגען אויף עטלעכע יאָר אויסבעסערונגס - הויז; אַ גליק, וואָס ער האָט זיך באַצייטנס אָפּגעטראָגן פון שטאָט. איז געוואָרן אַן אַוואַנטורניק, פאַרפאַלן געוואָרן, מ'האָט נישט געוואוסט וואו. אַמאָל האָט אים דער געמיינדע-פאָרשטייער גייזענהיים געטראָפן אַלס קעלנער אין אַ בערלינער יידישן רעסטאָראַן. פּאַאול אַליין האָט אים באַדינט. ער האָט דאָס געמאַכט אויסגעצייכנט. שפּעטער זאָל ער האָבן געווען שאָפער. נאָכדעם ווי ער איז שיעור נישט איבערגעפאָרן אַן אַלטע פרוי לעבן לייפּציגער פּלאַץ, באַשליסט ער זיך אָפּצוטראָגן קיין האַמבורג, וואו ער ווערט טרעגער באַם פּאָרט, אַזוי האָט ער זיך אַרומגעשלייעט ביז צו דער וועלט-מלחמה...

דער הער אויבער-קאַנטאָר האָט געהאַט גענוג „בלאַמאַזשע": צו האָבן אַ זון אַ דעזערטיר... מ'האָט אפילו נישט געוואוסט, וואו זיין געביין איז

אהינגעקומען... מיטאמאל א בריוו, גליקוואונטשן, א גרויסע פאטאגראפיע: דער פארלוירענער זון מיט זיין כלה... די דאזיקע ידיעה האט לחלוטין נישט ארויסגערופן קיין פרייד בא דער פאמיליע מיידארף: א וואזשנע פארל! דער פאאול האט אפילו נישט קיין שטיקל פראק צום פארלאבונגס־טאג... די כלה, סארא ארדינערער אויסזען. כ'לעבן: נישטא זיך וואס צו בארימען מיט אזא פארוואנדשאפט... מ'האט אים באגריסט, אבער נישט זייער ווארים... מ'האט איבערהויפט אויפגעהערט צו טראכטן פון אים...
און דא גאר פארן צו אים?

די נאציס הערשן מער ווי וואסערע דריי — פינף חדשים, ווי מ'האט זיך אין אנהויב פון דער וואקכאנאליע געפראוווט טרייסטן... דאס לעבן אין דער „בלומען-שטאט“ ערפורט ווערט אומדערטרעגלעכער.

גייזענהיים איז אנטלאפן קוים מיטן לעבן, זיין ווארענהויז האט מען קאנפיסקירט. זיין זון, געוועזענער סעקרעטאר פון ערפורטער יוגנטלעכן סאציאליסטישן קרייז, האט מען דערשאסן באם אנטלויפן... דעם אכט־און צוואנציקיעריקן דר. דרעזלער האט מען געפייניקט דריי וואכן אין ברוינעם הויז, און געהייסן קומען דער פאמיליע אפנעמען דעם פארזיגלטן צינק־קאסטן... דר. דרעזלער האט געהערט צו דער לאזשע „עמאנועל קאנט“ און געווען א געטרייער לייענער פון דער פאציפיסטישער „וועלט אם מאנ־טאג“... טאג־טעגלעך פלעגט פאסירן עפעס אויסערגעוויינטלעכעס צווישן די געמיינדע - מיטגלידער: איינעם גענומען באנאכט פון געלעגער, א צווייטער נישט צוריקגעקערט אהיים פון אונטערוועגנס, א דריטן האט מען אויסגעראבעוועט דאס געשעפט און מיטגענומען... א פערטער האט זיך גלאט גענומען דאס לעבן... מען אנטלויפט... מען „פארברענט“ פארמע־גנס גאנצע פאר קליין־געלט: ראטעווען כאטש דאס נאקעטע לעבן...

דעם הער עקס - אבערקאנטאר האט מען ווידער שטארק באליידיקט, און מיינט איר ווער? אך, דער פאריקמאכער שליפקע, וואס תמיד פלעגט ער זיך בוקן אין דרייען פאר דעם זייער געערטן הער אבערקאנטאר, וואס ממש מיט פארליבטקייט פלעגט ער צושערן דעם שפיצבארד און כסדר האלטן אין איין איבערחזרן, אז אזא וואונדערבארן שפיצבארד פון אזא

װײכקײט, אזא פּאַדם איז גאַרנישט פּאַראַן אין דער גאַנצער „בלומען־שטאָט", און שטענדיק מיט דעם „ביטע שען", און „דאַנקע שען"... דער שליפּקע מיט די קײזער װילהעלם - װאָנסעס האָט זעענדיק זײן חשובן קלי־ענט נאָך פונדערװײטנס אים אנטקעגנגעטראָגן דעם ברײטן גוטן מאָרגן, און געעפנט מיט ערפורכט די טיר: — האָב דעם כבוד... גוט געשלאָפן מײן געערטער הער?... שען װעטער הײנט... איר זעט הײנט װאונדערבאַר אויס... עס פרײט מיך אויסערגעװײנטלעך צו זען מײנע ליבע קונדשאַפט געזונט... שליפּקע האָט געהאַט אַ סך לאַקריץ - זיסע רײדעלעך... דער דאָזיקער צירליכער מאַנירליכער פריזירער האָט זיך מיטאַמאָל אינגאַנצן איבערגעאַנדערשט... װי ער װאָלט אים גאָרנישט געקאָנט מער, האָט ער אים נישט געענטפערט אפן „גוטן מאָיען"; געלאָזט אים שטײען אף דער שװעל, און קורץ און שאַרף דערקלערט דעם פריטשמעליעטן הער מײדאָרף, אַז פון הײנט אָן און װײטער, קאָן ער נישט און װעט נישט באַדינען קײן אידן... האָט זיך דער איד פרידריך מײדאָרף שטילינקע אַרויסגעשאַרט פון דעם פריזור - אַנשטאַלט. עס האָט אים אָנגעהויבן צו שװינדלען פאַר די אויגן, שװײס - טראָפּנעס זײַנען אים אַרויסגעטרעטן אפן שטערן, דער בליק איז געװאָרן פאַרנעפּלט, נישט געװען מער דער מיושבדיקער בכבודיקער גאַנג פון אַ פּערזאָן, װאָס האָט אַ ראַנג אין דער געזעלשאַפט, נאָר די אומדרײסטע שריט פון אַ שלעפּער, אַ בעטלער...

מוטי האָט געלײגט קאַלטע קאָמפּרעסן צום קאָפּ, און דער אַלטער האָט כסדר געמורמלט פון היץ: — אַזאַ מנוול פון אַ באַרביר! אַזאַ שליפּקע! מ־ו־ט־י... פאַר װאָס קומט עס מיר? מ־ו־ט־י!...

העדװיג איז געזעסן אומבאַװעגלעך אין אַ װינקל, באַ עפּעס אַ בוך, שטײף װי אַ װאַקס-ליאַלקע...

איצט פאָרן, װאו די אויגן װעלן נאָר טראָגן, אַװעק פון דעם דאָזיקן אומדאַנקבאַרן פאָטערלאַנד... מען איז מסכים מיט דער לענע, אַז מען זאָל שרײבן צום פּאַאול.

פּאַאול האָט באַקומען אַ לופט - פּאָסט - בריװ, איצט שוין „ליבער זון", האָט זײער העפלעך געענטפערט: עס פרײט אים זײער, ער װיבעלט,

ער דערוואַרט מיט דעם גרעסטן אומגעדולד צו זען די נאָענטע און ליבע, דער טאָג, ווען זיי וועלן אָנקומען, וועט זיין בא אים דער גרעסטער יום טוב... אויך זיין ליבע פרוי וועט זיך זייער פרייען, אויך זי גאַרט שוין צו זען די משפחה פון איר מאַן... ער וועט פאַר זיי תיכף אויספועלן „ליאמאַ־דעס", אַזוי האָבן זיי איבערגעלייענט דאָס שפּאַנישע וואָרט וועגן די אַרויספאָדערונגס - פּאַפּירן... און אַז דער סערטיפיקירטער בריוו מיט דער איינרייזע ־ דערלויבעניש איז אָנגעקומען, האָט לענע געכאַפּט איר שוועסטער טאַנצן... זי וועט רייזן, זי וועט זען אַ וועלט... צום קוקוק, דאָס בא... ערפורט...!

* * *

איצט שטייגן זיי אויס פּאַוואָליע, איינציקווייז פון דעם וואַגאָן. פּאַאול העלפט דער אַלטער חרובעה פרוי, דער מאַמאַ, אַרונטער פון טרעפּל... אַ ווײַלע שטייט דאָס גרופּקעלע עמיגראַנטן ווי אומאַנטשלאָסן, ווי זיי וואָלטן געהאַט בדעה איינצושטייגן און פאָרן ווייטער... זיי זיינען מיד, נישט אויסגעשלאָפן, אַביסל צעטומלט. פּאַאול נעמט זיך אָן מיט מוט, און ווענדעט זיך צו זיי מיט זיין דייטש, געמישט מיט שפּאַניש: — גוטן מאָרגן, מיינע ליבע!... א. אז. וו. קושט אַלעמען אין די באַקן: דעם הויכן כמעט געבוקטן מענטשן מיט דעם שפּיצבערדל, די קליינע, מוטלאָזע פרוי מיט די גרויסע טרערן־קישעלעך, דאָס פרעמדע זייער, זייער מאָגער מיידל מיט די בלאָנדע טרוקענע האָר, טרוקענע אויגן און אַ פּנימל פול מיט דריבנינקע קנייטשעלעך... דאָס אַרומהאַלדזן קומט בא פּאַאולן אַרויס אַביסל געקינסטלט: פליכט... אַ געוויסן פאַרגעניגן פילט ער, ווען ער באַרירט די באַקן בא דעם ייִנגסטן מיידל, וואָס שטעלט אַליין אונטער מיט אַ ייִנגלשער פאַרשייטקייט די בעקלעך צום קושן... מ׳דערקלערט אים: דאָס איז לענכען, וועלכע ער האָט נאָך געקענט אַלס פּיצל קינד.

די געסט זיינען צערעשט פון די אומצאָליקע נייע איינדרוקן: פון דער נייער לאַנדשאַפט, פון דער אומפאַרשטענדלעכער שפּראַך, פון די שמוציקע וואַגאָנעס, פון דעם אָנטועכץ פון די אַלע מענטשן, פון דעם האַרטן, גרוביקן סטעזשקעלע, וואָס פירט אין שטעטל אַריין, און מער פון אַלעמען:

פון דעם אביסל דיקלעכן פּאַול, וועמען זיי געדענקען פון דער היים אַ שלאַנקן... אין דער פֿאַמיליע מיידאָרף זיינען גאָר קיינמאָל נישט געווען אַזעלכע „ביר - פּאַס - טיפּן“...

איצט וואָלטן זיי געוואָלט זיין אַליין, אָפּרוען, גאָרנישט ריידן, נאָר אַליין לאַנגזאַם זיך אַרויספּלאָנטערן פון קנויל נייע איינדרוקן; נאָר מ'לאָזט נישט: מ'קומט זיי אָנקוקן ווי די חיות אין זאָאָלאָגישן גאָרטן... מ'וויל זען מיט די אייגענע אויגן אַנטרונענע פון נאַציסטישן גיהנום, געוואויר ווערן דעם „גאַנצן“ אמת וועגן דעם היטלער.... איז טאַקע אַלץ אַזוי ווי מ'שרייבט אין די גאַזעטן? זאָלן זיי די מידע געסט אַלץ פּאָדראָבנע דערציילן...

מ'ווערט גאָרנישט קליגער פון דעם דערציילן. כאָטש אַלע יידן קען־נען דייטש, פונדעסטוועגן פאַרשטייען זיי נישט קיין וואָרט פון פרידריך מיידאָרפס שילדערונגען. מ'שאָקלט מיטליידספול מיט די קעפּ און מ'שאַרט זיך צוביסלעך אַרויס.

דאָך אימפּאָנירט ער זיי, דער מאַן מיט דעם פּאָרנעמען שפּיצבאָרד. ס'דערוועקט דרך ארץ. אָבער דאָס ריידן זיינס איז עפּעס אַזוי קאָמיש, גאָרגלדיק, אַזוי ווי ער וואָלט זיך געבריט דעם גומען מיט הייסע לאָקשן. אַ מאָדנער דייטש... דריי אים אהין, דריי אים אהער: מ'ווערט גאָרנישט געוואויר פון דייטשלאַנד, ווי אַזוי ס'גייט דאָרטן צו...

פּאַול באַמיט זיך צו אינטערפּרעטירן דעם פּאַפּאַ אויף זיין שטייגער, אַז מיט איין וואָרט, ס'איז זייער שרעקלעך, פורכטבאַר דאָרטן. ווען ס'וואָלט געווען גוט, וואָלטן אַזעלכע אַלטע לייט נישט געמאַכט אַזאַ ווייטע רייזע... וואָס מיינען זיי, אַז זיינע עלטערן זיינען אבי ווער?

אויך ער האָט געוואָלט פּטור ווערן פון די אַלע איין־און אַרויסגייער, כדי צו בלייבן אַליין מיט די עלטערן, געשוויסטער, דערגיין אַ טאָלק צי מ'האָט „עפּעס“ מיטגעבראַכט. אונטער „עפּעס“ פאַרשטייט ער מזומן... אַ סך פּליכטלינגע איז עס געלונגען... געפּעק האָבן זיי נישקשהדיק, אָבער דאָס איז קיין מאָסשטאַב: אַלע אַנטלאָפענע ברענגען מיט אַ סך געפּעק... מ'קאָן נישט זיין קיין חזיר: באַלד פרעגן: מ'דאַרף פּאָרט די לייט לאָזן אַביסל אויסרוען... דאַן וועט ער דעליקאַט אַ פרעג טון...

ער ווייסט עס שוין: די ווילא פארקויפט פאר א שיבוש. די מעבל פשוט „פארברענט". די אַפשפּאַרונגען צוביסלעך צערונען... דאָס פינאַנץ־אַמט האָט פארלאַנגט צוזאַץ־שטייערן פאר גאנצע פינף יאָר, אַן אויס־לאַנדס־פּאַס קאָסט אויך אַ מטמון מיט געלט... און דאַן רייזע שפּעזן... יאָ, יאָ, מ'האָט די יידן נישקשהדיק רואינירט... נישט פיל געבליבן, פון אזוי פיל יאָר דינען דער געמיינדע... פון וואָס וועלן זיי לעבן? פון אַ קליינער פּענסיאָן... פאָרלויפיק זיינען זיי נאָך פּענסיאָנס־בארעכטיקט: לויט די סטאַטוטן מוז מען איבערשיקן די פּענסיאָן, וואו מ'וואוינט, אפילו אין אויסלאַנד... סיידן... זיי, האָבן אַזוי מאַנכעס זיך דערלויבט... נאָר דאָס איז אומעגלעך... נו, איבעריקנס, וועלן די קינדער מסתמא דאָ מיט דער צייט קענען באַקומען אַ שטיקל באַשעפטיקונג...

פּעסיע, וואָס איז ארויסגעקומען פון קיך אַ פאַרחושכטע, אַ פאַררוי־כערטע פון כסדר זיך פאָרענען באַ די טעפּ, האָט דעם מאַן געשלעפּט אין אַ ווינקל: נו?

פּאַאול האָט אַף דעם „נו" געגעבן אַ שטאַרקן שמיצער מיט די ליפּן און אַן ענערגישן מאַך מיט דעם צייג־פינגער... ס'איז קלאָר, אז קוואטש... זיי זיינען היפּשע קבצנימלעך...

פּעסיען האָט אויסגעפּעלט צייט צו קאָמענטירן דאָס דאַזיקע פאר איר לעבנס־באַגלייטער זייער וויכטיקע געשעעניש, זי האָט געמוזט אריין אין קיך, ווייל דער „ביף" אַף דער פּאַטעלניע וואָלט געוואָרן אזוי האַרט ווי אַף דער זון־געטרוקנטע פעל...

פּאַאול פּרואווט דאָך זיך האַלטן אין דער מדרגה, כאָטש אינעווייניק קאָכט עס אין אים פאר כעס אַף די שלימזלס, וואָס האָבן גאָרנישט באַ־וויזן צו ראַטעווען פון דעם „עפּעס". — מוז מען מאַכן אַ שיינע מינע צום שלעכטן שפּיל, עס זיינען דאָך פליכטלינגע. אביסל פילט ער זיך דאָך אין חשיבות, וואָס מ'אינטערעסירט זיך מיט זיין פּערזאָן: פאַרשידענע שטע־טלדיקע און קאָלאָניסטן קומען כסדר אָנקוקן די אַנטלאָפענע פון היטלער־לאַנד... די דאַזיקע „לעסטיקע" וויזיטן הערן נישט אויף. אַלע שטעלן די זעלבע שאלות: — איר פערזענלעך האָט אַ סך געליטן? מ'האָט אייך גע־

האַלטן אין אַ קאָנצענטראַציע - לאַגער? מוז מען ענטפערן: אונז, גאָט זיי־דאַנק, נישט... אָבער ס'איז שווידערלעך דאָרטן, מ'קאָן זיך גאָרנישט פאָר־שטעלן; דאָס ענטפערט הערמאַן שוין אַנשטאַט זיין פאָטער, ווען די מענטשן פאַרשטייען ווייטער נישט צוליב זיין גאָרגלדיקן דייטש.

ס'איז אים זייער פריקרע, ווען ער טראַכט אַריין, ווי אַזוי זיינס אַ חלום, אַ חלום צו האָבן אַמאָל אַ גרינג לעבן דורך אַ ירושה, איז אויסגע־וועפּט, אויסגערונען געוואָרן: די פּראַכטפולע ווילאַ פאַר פופציק טויזנט פשוט אַפן ווינט „פאַרבראַנט", רעדט ער נאָך מיט פאַרביטערטקייט דעם טאַטנס ווערטער... איצט וועט ניט מער זיין קיין לוסט־רייזע נאָך אייראָ־פּע, קיין האָטעל אין אַ „מאָנדען" קור־אָרט, נאָר תמיד דאָס מאָנאָטאָנע, אָרימע, געקוועלטע לעבן פון דעם לאַנגווייליקן האָטעלכל אין דעם וויסטן העק...

* * *

די מאַמאַ האַלט אין איין פוצן דאָס מיטגעבראַכטע מעטאַל - געשיר, דאָס ניקל און דעם קופּער... אַ קוק אַפן מאַן, אַ פלינקן פוץ, און אַ וויין־שניף מיט דער נאָז, אַ פוץ מיטן שמאַטקעלע, אַ קוק אויף העדוויגן און ווי־דער אַ שלוכצנדיקן שניף.

העדוויג זיצט באַם פענסטער און שווייגט. זי האָט דאָ כסדר צוזאַ־מענשטויסן מיט פּאַולן, וואָס וואַרפט איר פאָר: — מאַך דאָך נישט אַזאַ עסיג־זויער פנים... די לייט וועלן אָנהויבן מורא האָבן פאַר דיר... די בחורים האַלטן דיך פאַר עפּעס אַ שטיין־אַלטע אַלמנה...

זי ענטפערט אים אָפּ מיט אַ מיד, רעזיגנירט קול: — אָבער, ברודער, האָב איך דען אַן אורזאַך זיך צו פרייען? אָבער, פּאַאול...

שוין קומט אונטער די מאַמאַ מיט ווייכע שריטעלעך, שוין רינט באַ איר אַ שנירל טרערן: — אָבער, פּאַאול, לאָז דאָך צורו דאָס מיידל, איר גורל איז אַ גענוג ביטערער...

לענע איז עפּעס אַנדערש: דאָס איז אַ לעבעדיק שטיק פון אַ מיידל... איר איז עפּעס יאָ פריילעך פון דעם אַלעם דאָ.... אין „אידעאַל" האָבן זיך אָנגעהויבן יאָוויענען קאַלאָניסטישע בחורים, אָנגעטון יומטובדיק, פאַרנו־

מען אַלע זיבן טישלעך, און זיך געהייסן געבן ביר: דאָס ביר - טרינקען איז נאָר אַ שטיקל אויסרייד: מ׳וויל האָבן אַ געלעגנהייט אַ קוק צו טון אפן „דייטשקעלע", אַ „פיין קארטאָפּלעלע"... צוליב איר לווינט אפילו צו טרינ־קען לעבלעך ביר, פון וואָס ס׳גלוסט זיך ברעכן... דאָס „עפּעלע" ציט זיי צו, ווי דאָס ליכט די זומער - פייגעלעך...

און לענען מאכט עס שפּאַס ווי די קאָלאָניסטישע יינגען, די הויכע, וויקסיקע, מיט די פון פעטס גלאַנציקע האָר, מיט די זיידענע טיכלעך אַרום דעם האַלדז, מיט די ברייטע הויזן, לעדערנעם פּאַסעק, מיט די געלע שטיוול מיט שפּאָרן, — דרייען זיך אַרום איר, גייען אויס נאָך איר; דאָס יאָדערדיקע און דאָך נאָך קינדישע גופל טרייסלט זיך אײַנגאַנצן פון לאַכן, ווען די בחורים מאַכן וויצן, סטאַרען זיך צו ריידן „הויכדייטש", מעסערס, רעוואָלווערס אין די שיידן פון די לעדערנע פּאַסיקעס, ממש „ווילדוועסט", ערגעץ געזען אין קינאָ. אָ, ווי קאָמיש!

לענע געוואוינט זיך גיך צו צום לאַנד. מיטאַמאָל זיפט זי שוין אַ מאַטע, און דווקא אַ ביטערע. מיטאַמאָל כאַפּט זי זיך געשיקט אַרויף אַף אַ סולקע, האַלט די לייצעס אין האַנט. אָט רייט זי שוין איבערן שטעטל אַף עפּעס אַ סיינאַ, האָט זיך לייכט אויסגעלערנט קירעווען דאָס פערד. דער קאָלאָניסטישער בחור איז פּשוט געוועזן אַנטציקט פון איר, און אונ־טערוועגנס, זי באַגלייטנדיק, זיך איר דערקלערט אין ליבע... אַזוי ווי ער האָט געוואָלט, אַז זי זאָל אים אויך פאַרשטיין, האָט ער זיך באַמיט צו ריידן דייטש בזה הלשון: — לאָב מאַדל, אך האַב אָך לאַב, אַך קאַן אַן אַך נאַשט לאַבן... האָט לענע ווידער געלאַכט. אַז אַלץ אַמוזירט זי: די שוואַר־צע פּונדיקעס, די צעהאַרגעטע טראָטואַרן פון שטעטל, די בלאָטעס, וואָס קלעפּן זיך צו די שיך, אַז מ׳קאָן זיי קוים אויפהויבן... לענען האָבן אַלע ליב, פון לענען חלומען די בחורים, פאַר לענען פּוצן זיי זיך, איבער לענען קריגט מען זיך... לענע און לענע...

דער הער עקס אויבערקאָנטאָר דרייט זיך אויף און אָפּ אין די שטעק־שיך איבערן קאָרידאָר, און פּרוּווט צו איבערקייען דאָס נייע לאַנד.

אים הויבט עס נישט אָן צו געפעלן... ער קוקט זיך שטענדיק איבער

מיט זיין מינאן, ווען עפּעס איז אים נישט רעכט, אף וואָס יענע שאַקלט בסדר צושטימענד מיטן קאָפּ, ווי זי וואָלט זאָגן: — יאָ, מיין טייערער הער געמאַל, איך געפון עס אויך נישט לויטן גוטן טאָן, אַז אַ שטייגער די לייט זאָלן דיר אָפּשטעקן תמיד שלום עליכם מיט אומגעוואַשענע הענט: עס איז דאָך נישט היגיעניש. וואַרפט פאַר פּאַולן, אַז די מענטשן זיינען אַזוי וויניק קולטורעל: זיי געפינען אַפילו נישט פאַר נויטיק אַרומצושערן און צו וואַשן די בערד, און בכלל שלעכטע מאַנירן: קומען ניט איינגעלאַדענערהייט, קלאַפּן נישט אָן, ריידן צו הויך, בייסן די פליגן, אָדער מאָסקיטאָס, מיינט ער: — אָבער, פּאַאול, פּאַרוואָס טוסטו גאָרנישט צו פאַרטיליקן די אינזעקטן? דאָס איז דאָך אַ ריינע פּעסט... לערנט דעם זון ווי אַזוי צו דערציען די קינדער, וואָס זיינען גאָרנישט „אַרטיק", אומדערצויגן, באַראַצט... דאָס וואַקסט דאָך דאָ ווי ווילד-גראָז, יאַוואָל, ווי ווילד-גראָז... קיין ציוויליזאַציע, קיין קולטור...

אַ היימלאָזער זיידע אין שטעק־שיך, האָט ער פאַרלוירן צו אַלץ דעם חשק, קוקט אַף צוריק, אָדער אַף „יענער זייט". אַז ער אַנדרימלט אין ליג־שטול, חלומט זיך אים די ליבע היים, פון אַמאָל, די היים פון די גוטע רואיקע צייטן... ס'איז פּרייטיקצונאַכטס, נאָכן אָוונט־געבעט, נאָך דער וויעטשערע... צוגאַסט איז דער סאַנינטעטסראַט יאַקאָב און פאַמיליע... מוטער שטעלט געבעקס און טיי, צעשניידט אַ מאַראַנץ אַף אַכט טיילן... מען פּלוידערט איבער געמיינדע-פּאָליטיק, איבער דער אָפּערע, איבער די נייעסטע קאָמפּאָזיציעס פון בערלינער אָבער־קאַנטאָר, איבער די פּרעדיגט פון ראַבינער, ווי ער האָט דאָס אַזוי געשיקט פאַרבונדן; דאָס רעליגיעזע מיטן וועלטלעכן... סאַניטעטס - ראַט לאַכט געשמאַק, דערציילט אַ יידישן וויץ פון אַלעקסאַנדער מאָשקאָווסקי, ציטירט אַן אַרטיקעלע איבער דעם טריפּאָליטאַנער קריג פון טעאָדאָר וואָלף: שוין איינמאָל אַ קלוג, יידיש קעפּל, דער טעאָדאָר... די פרויען ריידן ברייט אַרום די חתונה־אַנאָנסן פון „איזראַאיליטישן פאַמיליענבלאַט", פרייען זיך מיט באַטעמטע שטאָטישע רכילותלעך... זיי, די מענער, לייגן אויך צו אַן אויער, וואָס די דאַמען דערציילן... — אַנו, הער אָבערקאַנטאָר, איר האָט דאָך אַזאַ גוטן זכרון,

אזא געהער... זינגט מיר פאר די שיינע אריע פון לעא בלעבס „מאנא וואַ־נא“... א, ווי לירייש...

א מאַסקיט בייסט... די גרויע ווירקלעכקייט, די פרעמדקייט פון קיך, דער נודנער ריח פון די געבראָטענע פליישן... די שנור שילט זיך, קנייפט, פאַטשט די קינדער, די אייניקלעך, וואָס שרייען מיט באַנומענע קולות. דער זיידע רופט זיי, וויל זיי באַרואיקן, אָבער זיי מיינען: — וואָס וועלן מיר טון בא דעם אַלטן באַבערדלטן? פּרוּווט די באָבע איר מזל, רופן איינס פון די קוויטשענדיקע קינדער מיטן ווייז - פינגער. שטעקט קאַטשאַ דער צען־יעריקער איר אַרויס א צונג, דער „קאָמישער אַלטער“, און פּאַאול שטייט אין א ווינקל און קייכט פון געלעכטער: הע, הע, הע, און הי, הי, הי, סאַראַ געשיקטע פרעכע יאַטן! ווי דאָס וויים אָפּצוענטפערן! ווי קלוג דאָס איז! הע, הע, הע, און הי, הי, הי! גאָט, ווי וואולגאַר דער דאָזיקער פּאַאול איז! אייגן בלוט און פלייש און אף א האָר נישט ענלעך צו די גוטדער־צויגענע מיידאָרפּס... כסדר רעדט מען וועגן בראַטן, וועגן געפרעגלטע פיש, און וועגן געלט פאַרדינען...

אַלע ריידן דאָ וועגן געלט - פאַרדינען. געלט, געלט, געלט, און גע־שעפטן... אפילו אין דער סינאַגאָגע. זעלבסטפאַרשטענדלעך איז דער הער עקס - אָבערקאַנטאָר מיידאָרף שטרענג אָרטאָדאָקס, דאַוונט יעדן טאָג דריי מאָל, איז מדקדק אף כשר, היט אָפּ שבת און גייט אין שיל.

פאַרקעמט די באָרד, גלעט זי אַרום, טוט אָן דאָס שניי־ווייסע העמד, מיטן העלן שניפּסל, דעם פראַק מיט די זיידענע קלאַפּעס, דעם האַרטן קיי־לעכדיקן קאַפּעלוש, — דעם צילינדער האָט ער נישט מיטגענומען אין גלות, — און לאָזט זיך מיט אַן אימפּאָנירנדיקן שריט אין דער שטעטלשער שיל אריין. ס'איז שטאַרק פּריקרע: נישטאָ קיין קאַנטאָר, קיין כאָר, קיין אָרדענונג, קיין אָרדענונג! קיין יראת־הכבוד. נו, מילא, בעטן גאָט גייט אויך מיט אָן א כאָר, אָן א קאַנטאָר. גאָט פאַרנעמט די תפילה פון זיינע קינדער אָן מוזיק, אָן נאָטן... אָבער, פאַר וואָס פלוידערן די לייט כסדר אַזוי בשעתן דאַווענען? א סקאַנדאַל! אין גאָטסהויז שטערן די „אַנדאַכט“...!

פּאַול קלערט אים אויף, אז די מענטשן ריידן וועגן זייערע געשעפטן, וועגן משפחה - אנגעלעגנהייטן, שטעטלשע נייעסן, קאָלאָניסטן, וואָס וואוינען אין שטעטל, אונטערהאַלטן זיך וועגן וועטער, וועגן פּארזיי, וועגן די פּרייזן אַף תבואות... פּאַול געפינט עס גאנץ נאַטירלעך: — אך, גאָט, וואודען זאָלן די מענטשן זיך דורכשמועסן אביסל, אַז אַ גאַנצע וואָך זעט מען זיך נישט? עס איז דאָך דאָס געמיטלעכסטע אָרט אין דער סינאַגאָגע זיך אויסצופּלוידערן... ווען איך וואָלט נישט געדאַרפט גיין יעדן פרימאָרגן צו דער באַן, וואָלט איך זיך אויך „געלייסטעט" דאָס פארגעניגן צו הערן א פּריש וואָרט... יאַוואָל, עס איז דאָך אַזאַ פּארגעניגן אין דער סינאַגאָגע...

הער פרידריך מיידאָרף איז אויסער זיך פאר ערגערניש איבער אַזאַ חילול - השם: — באַ אונז וואָלט אזא מין אויפפירונג קיין מאָל אין לעבן נישט געקאָנט פּאָרקומען, באַ אונז האָט מען איבערהויפּט געהאַט דרך־ארץ פאר א גאָטעסהויז, באַ אונז איז בעת דער געבעטס־צערעמאָניע געווען מייזנשטיל... זאָל ווער שטערן באַם גאָטעסדינסט, טאָ וואָלט מען אים באַלד אַרויסגעפירט, אפילו פּאָליציילעך.

פּאַול לאַכט דעם טאַטן הוצפּהדיק אין פּנים אַריין: — דאָ איז אַלץ אַנדערש, פּאַפּאַ! מ'האָט פאר קיין שום זאַך רעספּעקט. מיר דאָ באַמערקן עס אפילו נישט, שוין צוגעוואוינט, נאָר, איר גרינע, האָט ליב אייך צו טשעפּענען צו יעדער זאַך. איבערהויפּט, איז שוין צייט, די העכסטע צייט, איר זאָלט אייך אויסטשוכענען פון אייער דאָרטן... ס'שווידערט אייענעם, ווערט נמאס ס'לעבן, בלויז אָנקוקנדיק אייערע עסיקזויערע פּנימער... נעמט אייך אראָפּ אַ מוסר פון דער לענע: זי איז שוין א לייט, זי האָט שוין איינגעביסן דאָס אַרגענטינע... אָבער איר... זענט כסדר אַ מין אומצופרידענע געזעלשאַפט... יאַוואָל..

זיי איז באמת שווער איינצולעבן זיך, באַזונדערס העדוויג. העדוויג איז דער אָנגעווייטיקטסטער פונקט באַ דער משפחה מיידאָרף. ווען דאָס אויסגעמוטשעטע מאַמעלע קוקט זי אָן, שאָקלט זי מיטן קאָפּ, ווי איינער וואָלט זאָגן: — דאָס אָרימע קינד, ווער ווייסט, צי ס'וועט דאָס אַלץ איבערטראָגן.

און יענע פּאַרטאַיעט זיך אין אַ ליג־שטול און לייענט די לעצטע דייַ־טשע ביכער, פון די מיטגעבראַכטע פון דאָרט. ווען זי וועט ענדיקן אַדורכ־לייענען די־אָ ביכער, די סאַמע לעצטע אין איר שפּראַך, ווייסט זי נישט, וואָס זי וועט טון, ס'וועט זיין שרעקלעך דאָ, לאַנגווייליק צו שטאַרבן. די ביכער, כאָטש, מאַכן פאַרגעסן, גרענעצן אָפּ פון דער פּיינט־לעכער וועלט...

באַנאַכט אַף דער קאַטרע פּרואווט זי וויינען. אָבער, מאָדנע, זי קאָן עס בשום ־ אופן נישט טון, פּונקט ווי די טרערן־דריזן וואָלטן גאָר־נישט פונקציאָנירט.

אַמאָל אָבער האָבן זיך איר, פון זיך אַליין אָנגעהויבן גיסן טרערן פון די אויגן. די טרערן ־ קוואַלן האָבן זיך ווידער געעפנט. ס'איז געווען דער נײַנטער יולי. אַף דער קליינער פּלאַסע פון שטעטל זיינען געווען פאַרזאַמלט די לערערקעס מיט זייערע שול - קינדער. די העלבלויע פאָנען האָבן געפלאַטערט אַקעגן דער מאַטער יולי־זון. פרישע, מונטערע, קינ־דישע שטימעלעך האָבן געזונגען: „הערט, איר שטערבלעכע, דעם הייליקן רוף: „פרייהייט, פרייהייט!..." דאָ האָט עס העדוויגן פאַרקלעמט באַם האַר־צן: שול ־ קינדער, איר גרויסע ליבע... זי האָט געהאַט חשק צוצוגיין, גלעטן איינס פון די דאָזיקע יאַטלעך, דאָס קלענסטע, ס'קיילעכיקסטע, עס גלעטן די הערלעך, און איינרוימען עפּעס אַ צערטלעך וואָרט... זי וואָלט זיך איצט אויך געשטעלט אין דער שפּיץ פון די דאָזיקע קינדערלעך, ווי אַמאָל באַ אַן עקסקורסיע איבער די היימישע טאָלן און בערג, און דאַן, וואָלט זי זיך ווידער אָנגעהאָנגען די מאַנדאָלינע און מיט זיי געזונגען פון דעם שיינעם מאָנאַט מאַי, ווען ס'בליען די קנאָספּן, פון אַ וואָגן פולגעלאָדן מיט שיינע קינדערלעך, וואָס זיינען אין שטעטל אַריינגעקומען מיט גע־זאַנג, זי וואָלט, זי וואָלט.... האָט זי נישט קיין כוח איינצושטיין אַף די פיס, זעצט זי זיך אַנידער אַף אַ באַנק אין דער פּלאַסע, פאַרזינקט אין אַ צושטאַנד פון פאַרגליווערטן טראַכטן, פון נישט - דאָזיין... אין דמיון זיצט זי נישט אַף דער פּלאַסע פון שטעטל, אונטער אַן עקאַליפּטוס. איצט איז זי ווידער אין דעם טירינגער שטעטל לאַאושאַ, אויבן אַף דעם באַרג־

פלאַך, וואו מ׳פּאָרט אַרויף מיט אַ צאָנראָד־באַן; זעט זי׳ באַשיינפּערלעך די רויטדראַביקע, שולע מיט די גליצינא - ווערגאנדעס, מיט דער כאָפּטע קינ־דערלעך, וואָס מאַרשירן באַרג־אַראָפּ, און ברענגען אַלע ווייל צו דער לערערקע אַ באַליבט בלימעלע: דאָ אַ פאַרגעס־מיך־נישט, דאָ אַ בעז־צווייגל, דאָ אַ בוקעטל פון מאַי־גלעקעלעך...

די קינדערישע שטימען דאָ קלינגען אַזוי העל, אַזוי פריידיק, אַזוי ווי זילבער - גלעקעלעך: „הערט דעם בראַזג פון די צעריסענע קייטן... פריי־הייט... פרייהייט...!

און העדוויג פאַרזשמורעט די אויגן און זעט ווידער לאַאושאַ... אַ שבת־נאָכמיטאָג. גרינג, פריילעך ס׳געמיט. זונטיק קומט טעאָ, דער גע־ליבטער מיט די געקרייזלטע בלאָנדע האָר, מיטן ליכטיקן, ברייטן געלעכ־טער, און ברענגט מיט בלומען, שאָקאָלאַד, אַ שנירל קרעלן, אַ רעשטל זייד אויף אַ בלוזקעלע... זי ווייסט עס העדוויג: שיין איז זי נישט, אָבער פריש, זאפטיק, און געמיט, „אָן אַ שיעור געמיט", חזרט איבער דער ליבער טעאָ, און דריקט זי שטאַרק צו זיך. — וואו, וועלן מיר איצט גיין, מיידל? צום דראַכנפעלדז... ניין, מיין ליבסטע, צום וועגוסבאַרג. דאָרטן איז די אויס־זיכט אַזוי וואונדערבאַר, דאָרטן רוישן די סאָסנעס אַזוי שיין, און איך האָב דיר אַזוי פיל צו זאָגן... אָ, טעאָ, טעאָ! איצט רוסטו, פוילסטו אין אַן אומבאַקאַנטן קבר... און דיין העדוויג וועגעטירט אין אַ פרעמדן לאַנד, צווישן פרעמדע אייז־קאַלטע מענטשן...

***

זיצט זי העדוויג אויף דער פּלאַסע, די קינדער מיט זייערע לערערקעס, מיט די בלוי־ ווייסע פענער זיינען שוין לאַנג אַוועק, אַ צוזאַמענגעבראָכע־נע, פאַרמאַטערטע מיידל, און פרישט אויף אין איר זכרון דעם פיינלעכ־סטן טאָג פון איר לעבן: דער לעצטער טאָג אַלס לערערקע.

אייגנטלעך זיינען געווען אַ סך לעצטע, לאַנגזאַמע טעג פון פיין. ס׳האָט געדויערט לאַנג ביז מען האָט איינגעפירט דעם אַריער - פּרינציפּ אין דעם באַרג - שטעטל.

לאַאושאַ איז אַ מנוחהדיקע, שטילע נעסט, אַ צירלעך שטעטל, וואָס

לעבּט פון שפּילצייג - אינדוסטריע; אַ שטעטל מיט שטילע, געמיטלעכע מענטשן, וואָס טראָגן יעדן אַנטקעגן דעם פריינטלעכסטן „גוטן טאָג". זיינען די בייזע שטורעמס פון האַס, פון מענטשן - שנאה, פון דאָרטן אונטן, נישט אַזוי גיך אָנגעקומען. העדוויג, דאָס בלאָנדע, בלאַסע דאַרע מיידל, איז דערווייל נאָך געווען פאָלקס־שול־לערערן, אונטער דער די־רעקציע פון הער קונצע. דערווייל האָט זי נאָך אַריינגעלייגט איר גאַנצע נשמה, איר גאַנצע טרויעריקע בענקשאַפט און נישט אויסגעלעבטע ליבּ־שאַפט אין די קליינע וועזנס. זי האָט פאַר זיי די שענסטע מעשהלעך דערציילט. די קינדער פון אָנפאַנגער - קלאַס האָבן זי אַזוי ליב געהאַט, ממש פאַרגעטערט און געווען פאָלגזאַם ווי די ציגעלעך, וואָס האָבן זיך געפּאַשעט אפן באַרג־שיפּוע.

העדוויג האָט כמעט נישט געלייענט קיין צייטונגען. פּאָליטיק איז פאַר איר געווען אַ זייער לאַנגווייליקע זאַך, אַן עסק פאַר נאַרישע לאַנגוויי־ליקע מענער. האָט זי איבערהויפּט נישט געאַנט פון די שוואַרצע כמאַ־רעס, וואָס רוקן זיך אָן איבער איר קאָפּ. מיט איר האָט קיינער נישט גע־רעדט פון די אַלע געשעענישן. דאָס איינזאַמע מיידל אין טרויער האָט נישט געהאַט קיין שום לוסט צו חברשאַפט. איר וועלט, איז געווען דאָס קינדער - מעשהלע, דאָס קינדער - שפּילעכל, דאָס קינדער־לידל...

נו, לאָזט זי אין אַ געוויסן נאָכמיטאָג דער הער דירעקטאָר רודאָלף קונצע רופן צו זיך אין קאַבּינעט. וואונדערט זיך העדוויג: פאַר וואָס גראָד זי אַליין? נישט אַלע לערערקעס צוזאַמען, ווי דער דירעקטאָר פּלעגט עס טון?...

דער הער קונצע שטייט פאַרן שרייבטיש, און אַף איר באַגריסונג הויבּט ער אָן: — פריילן... הם, הם... אַנטשולדיקט... איר ווייסט דאָך... די געשעענישן... הם, הם... איך מיין, הם, הם... די נאַציאָנאַלע רע־וואָלוציע... ס'איז באַוואוסט, הם, הם... איר זענט קיין אַריערן, הם, הם... גלייכשאַלטונג... הם, הם... דאָס הייסט, אַז, הם, הם, איר פאַר־שטייט, פריילן?

העדוויג פאַרשטייט גאָרנישט: — הער דירעקטאָר, האָב איך מיך מיט עפּעס פאַרשולדיקט, בין איך גרייט ווידער גוט צו מאַכן...

איז געווען גרייט צו וויינען. זי איז געווען אַ מוסטער־לערערן, קיינמאָל האָט איר קיינער געהאַט וואָס פאָרצוואַרפן.

הער קונצע שוויצט, גלעט זיך עטלעכע מאָל מיט דער דלאָניע זיין פּליכעוואַטן קאָפּ און היקעט ווידער: — הם, הם, פרייליין, ווי ס'מוז אייך זיין באַקאַנט פון די צייטונגען, האָט ענדלעך איבערגענומען די מאַכט אין דייטשן רייך, אונזער גרויסער און באַליבטער פירער... הם, הם... פרייליין, קענען אייך פּערזענלעך האָבן מיר גאָרנישט. אָבער אונזערע פּרינציפּן... פון היינט אָן, הם, הם, הם... פרייליין, נעמט אייך נישט צום האַרצן: איך קענט נאָך אַנדערשוואו אָנווענדן אייער ענערגיע, ווי צום ביישפּיל: גרינדן אַ היים, פּיעשטשענען אייגענע קינדערלעך... הם, הם, הם, איר זייט דאָך פריי, דאָס הייסט „ענטלאַסן“...

העדוויגן האָבן געציטערט די קני, פאַר די אויגן האָבן זיך געדרייט מיט אַ ריזיקער געשווינדיקייט אַ מאַסע רעגנבויגנפאַרביקע רינגען, קייקעלעך און שטערנדלעך... הער קונצע האָט אָן אַ „ביטע שען“ איר דערלאַנגט אַ ווינער בענקל: — פרייליין, הם, הם, מ'ווערט דאָך אַמאָל פענסיאָנירט אויך... לאָז זיך אייך דאַכטן, אַז ס'געשעט איצט... איצט, פרייליין, הי, הי, הי, אַ שיינעם חתן, און אייגענע קינדער. אַ תכלית אין לעבן... אַ פאַרווירקלעכטער חלום... אַ היים, ליבע... הי, הי, הי...

די בלאָנדע יידישע לערערן פאַרדעקט דאָס פאַרטערערטע פּנים מיט דער דלאָניע, ס'האַרץ וואַרפט זיך אַזוי... אַזעלכעס האָט זיך דער הער דירעקטאָר לגבי איר קיינמאָל ניט דערלויבט, זיך מישן אין אינטימע, הייליקע אָנגעלעגנהייטן פון די לערערנס, שטאַמלט זי פאַרווירט... — הער דירעקטאָר... מיין חתן... איז געפאַלן אין קריג... זיין קבר אומבאַקאַנט... ברידער קבר... די שולע איז געוואָרן מיין היים... די קינדער מיינע געליבטע... צו וואָס, הער דירעקטאָר, טוט איר מיר נאָך ווי מיט אייערע ווערטער?

הער קונצע איז ראַטלאָז, שוויצט ווידער, ס'קיצלט אים אויך אַביסל

פון העדוויגס רייד. דאָס דאָזיקע שווייגזאַמע מיידל איז די בעסטע לע־רערן פון זיין שולע. דורך איר האָט די שולע תמיד באַקומען די בעסטע אויסצייכענונגען. דער גוטמוטיקער קונצע איז גערירט פון אַזאַ הילפלאָ־זיקייט. ער וואָלט איר אויך איצט געזאָגט טרייסט - ווערטער, ווי אַ שטייגער: — איך האָף, אַז איר וועט נישט אַנטלאָסן אַף לאַנג... ס'איז נאָר צייטווייליק... אַז ער גלויבט, אַז די מויל - העלדן וועלן נישט לאַנג אָנהאַלטן (גאָט באַהיט פאַר די רעוואָלוציאָנערע מחשבות! קונצע איז אַ געוועזענער דעמאָקראַט, וואָס הויבט אָן צוביסלעך איינזען די צוועקמעסי־פון פירערס „נאַציאָנאַלע פּאָליטיק“)... אָבער פון אונטער זיינע גרויע ווילהעלם ־ וואָנצעס קומט אַרויס עפּעס גאַנץ אַנדערש: — הם, הם, פריילן, ס'טוט מיר זייער לייד, זייער לייד, אָבער איר ווייסט דאָך: מיר שטרעבן איצט צו אַ געזונדונג פון אונזער ראַסע, פון אונזער פאָלק, קע־נען מיר נישט דולדן פרעמדקערפּערס אין אונזער מיט, איבערהויפּט אין דער שולע... די שולע איז די באַזע פאַר דער נאַציאָנאַלער דערציאונג... הם, הם, איך פערזענלעך, מיינען מיר אפשר נישט... נאָר אייערע גלויבנס־גענאָסן האָבן אָן אַ שיעור שאָדן אָנגעטון דעם דייטשן פאָלקס־קערפּער...

העדוויג האָט גאָרנישט וואָס צו דערווידערן. דער געדאַנק איז ווי אויסגערונען פון מוח. זי וויל בלויז בעטן איין זאַך, מען זאָל איר נישט אָפּזאָגן. זי בעט האַרציקסט, מען זאָל איר דערלויבן צו נעמען אָפּשיד פון קלאַס, פון די קינדער, וואָס זיינען איר אַזוי ליב געווען ס'גאַנצע לעבן...

באַ דער בקשה ווערט דער דירעקטאָר ערנסט, זייער ערנסט: —

איינגנטלעך איז עס אַ קלייניקייט, נאָר באַ די היינטיקע באַדינגונגען: — מ'האָט מיר שטרענג פאַרבאָטן, אַז די דייטשע קינדער זאָלן האָבן וועלכן ס'איז נישט קאָנטאַקט מיט די נישט ־ אַריער... אָבער מיר נעמען דאָס אַף אייגענער ריזיקע... מיר וועלן דערלויבן, פאַרשטייט זיך אין אונזער אַנ־וועזנהייט... איר קענט ריידן צו די קינדער נאָר פון זאַכן פון אַלגעמיינעם כאַראַקטער, בשום אופן נישט פון פּאָליטיק... קיין שום אָנדייטונגען אי־בער דער אומצופרידנקייט מיט דער לאַגע... גאָט באַהיט, נישט באַליידיקן די פּאַרטיי און דעם פירער... וואָרום פאַר אַזעלכע זאַכן איז היינטיקע

צייטן... מ׳מוז זיך היטן דאָס פעלעכל, פריילן... היינטיקע צייטן איז אוים מיט דער דאמען־ערע...

***

נו, איז דאָס דער סאמע לעצטער טאָג, אז העדוויג איז דייטשע פֿאָלקס־שול־ לערערן.

לאָזט אריין די קינדער אין קלאַס. דרויסן איז דער הימל אזוי לויטער, און די וועלדער אף די בארג - אָפּהאנגען זיינען אזוי בלויעלעך־ שווארץ... די לערכע זינגט כסדר אין דער לופט, ס׳שמעקט מיט אָנהויב פרילינג, מיט בעז, מיט קארשן ־ בליעכץ...

דער גרויסער, בייכיקער קופערנער גלאָק קלינגט... עס איז דאָך דער אַלטבאַקאַנטער שול־גלאָק, און איר דאכט זיך, אז ער רופט אף אַ באַגרעבעניש...

הער קונצע שטייט אין אַ ווינקל פון קלאַס, אַנגעלענט אפן מענטשן־ סקעלעט, פּארלייגט די אָרעמס אין אַ פּייערלעכער דירעקטאָרישער האַל־ טונג; אפן וואַנט הענגט אַ שפּאָגל - ניי בילד: דער פירער. און איבער אים: די נייע פאָן פון דריטן רייך: געלע זייד מיט אַ פעט־געדרוקטן האקן ־ קרייץ.

די קינדערלעך זיצן אַלע, די הענטלעך אפן פולט! זיי קוקן אַלע אין דער ריכטונג צום שטענדער. זיי זיינען אַלע דאָ מיט קורנאָסע, לאַנגע, צוגעפלעטשטע, פּאריסענע, פּלאַטשיקע און אַלע סאָרטן נעזלעך, בלאָנדע, שאַטינע, שווארצע, גלאַטע, און געקרייזלטע הערלעך, הענזל, גרעטל, קריסטל, קעטכען, לאָרכען, מאַקסל, רודל, אדל, און די אַלע אַנדערע לי־ בע וועזנס מיט זייערע באַקאַנט ־ קלינגענדע נעמען... דאכט זיך, אַז בלויז דאָס קליינע פּיפּיקע מאָריצל, דאָס פלינקע קלוגע דאווידל, דאָס צירליכע ווי אַ יינגיטשק שעפּעלע האַנכען, זיינען היינט אָפּוועזנד... די סיבה פון זייער פעלן איז לייכט צו דערקלערן...

זי וויל זאָגן עפּעס רירנדיקס, עפּעס זייער האַרציקס צום אָפּשיד, נאָר עפּעס איז דער שכל אָפּגענומען. ס׳קענען גאָרנישט ארויסקומען די ריכטיקע ווערטער, נאָר אַ מין הייזעריקער מיש־מאַש... אף דער צונג ליגט

איר א גאַנצע רעדע, אז זי האָט זייער ליב איר פאָטערלאַנד, וואו זי און אירע אור־אור-אור־עלטערן האָבן דערבליקט דאָס ליכט פון דער וועלט, דאָס שיינע דייטשלאַנד, פאר וועלכן זי האָט פארלוירן דאָס סאַמע ליב־סטע, און איצט האָט זי געווידמעט איר גאַנצע נשמה, איר גאַנצן מהות דעם טייערן נאָכוואוקס פון דעמזעלבן היימלאַנד, אז...

אָבער שטרענג, דערמאָנענד איז געווען די פיזיאָנאָמיע פון הער קונ־צ'ע, און אירע אָפּשידם - ווערטער זיינען אַרויסגעקומען ליגנערישע. צום ערשטן מאָל אין לעבן האָט העדוויג געזאָגט ליגנט... ווי האָט זי דען אנ־דערש געקענט: זי וואָלט זיך דאָך געשעמט, ביז בלוט - רויטקייט וואָלט זי איינגענומען בושות פאר אירע קינדער, ווען זי זאָל אויסדריקן אין דער עפנטלעכקייט אירע געדאַנקען, אז איר פאָטערלאַנד האָט זי אַזוי שענד־לעך באַליידיקט, אַזוי שענדלעך פאַראַטן... די דאָזיקע אמתן וואָלטן געווען פּאָליטיק, און „פאר אַזעלכע זאכן, פריילן, היינטיקע צייטן..." וואָלט אַפילו דער הער קונצע געקאָנט פליען, כאָטש ער איז אַ ריינער אַריער... העדוויג האָט שוין אוספּעיעט זיך צו אָריענטירן אין די „נאַציאָנאַלע ציי־טונגען", וועגן דער נייער עפּאָכע, און די עלטערן, געשוויסטער האָבן אין זייערע בריוו מיט פּחד אָנגעפרעגט, אויב מ'באַלעסטיקט נאָך נישט אין לאַושאַ, וואָרום ערפורט איז שוין, ליידער, ניט מער קיין „בלומען־שטאָט", נאָר א דערנער־שטאָט פאר זיי...

האָט דער ליגן צו די קינדערלעך געהאַט אַזאַ נוסח: — „ליבע, טייע־רע קינדער, פון מאָרגן אָן וועט אייער לערערקע שוין מער נישט קומען אין קלאַס... ס'וועט קומען אַן אנדערע, און אפשר גאָר אַ לערער... אייער לערערן מוז אַוועקפאָרן פונדאַנען, אין אַן אַנדער שטאָט... אַהיים צו פּאַפּאַ - מאַ־מאַ... נו, ווינטשט אייך די לערערן אַלדאָס גוטס... און איר זאָלט אייך גוט לערנען, זיין געהאָרכזאם דער נייער לערערן, אָדער דעם נייעם לערער..."

אף די קינדער האָט די דאָזיקע דעקלאַראַציע, קענטיק, געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. זיי האָבן זי אויסגעהערט מיט א פייער־לעכער שטילקייט.

דאָס דיקענקע אָנגעבוצעוועטע קריסטל הויבט א הענטל: — וואָס

פארלאנגסטו, קריסטל? דאָס קינד פארשנירעוועט ס'פּיסקל און ענטפערט:
—פריילן, מיר ווילן נישט... מיר ווילן איר זאָלט בלייבן... נישט גוט אַן אַנדערע לערערן...

הענזל דער מיטן פאררויסענעם הוצפהדיקן נעזל, הויבט אויף אַ הענטל: — פריילן, מיר אַלע וועלן בעטן די לערערן זאָל בלייבן, וועט זי בלייבן... נישט אמת, פריילן?

העדוויג שטיקט אין זיך ס'געוויין, וואָס וויל זיך אַרויסרייסן ווי וואַסער פארהאלטן דורך אַ דאַמבע. דאָס קול איז ציטעריק: — קינדערלעך... טייערע קינדערלעך... איך מוז, איך קען נישט אַנדערש... די נייע לערערן וועט זיין... יאָ, קינדערלעך··· אַ בעסערע···

לאָרכען, דאָס שאַטינענע קעפּל מיט די כיטרע, ביסטרע אייגעלעך מיינט: — אָבער פריער זאָל אונז דאָס פריילן ענדיקן די מעשה פון „קאַליף און דעם באָטשאַן"... עס איז געווען אזוי וואונדער־שיין...

אַלע שרייען אין איין קול: — יאָ, יאָ, דערציילן דעם סוף פון דער מעשה!

ליזכען, דאָס דינינקע פּיצינקע מיידעלע, וואָס באַ אַ ליאַדע קלייניקייט ברעכט עס אויס אין אַ געוויין, שטרעקט אויך אַ הענטל: — ביטע, ביטע, ליבע פריילן!... אָרימער קאַליף... איז ער געבליבן דאָס גאַנצע לעבן אַ פויגל? ביטע, ביטע! פריילן, דערציילט!...

דער לערערן שווינדלט פאַר די אויגן, אָבער זי האַלט זיך פעסט מיט אַלע כוחות... העה קונצע גיט צו פארשטיין, זי זאָל עס מאַכן בקיצור... נו, יאָ, זי וויל שוין ענדיקן:

—אַלזאָ, קינדערלעך, באַרואיקט אייך. מ'מוז האָבן דרך ארץ... דער הער דירעקטאָר האָט באַפוילן, איר זאָלט נישט אזוי שטאַרק רעשן... דער נייער לערער אָדער לערערן וועט אייך דערציילן אַ סך שענערע מעשהלעך. נו, זייט געזונט... אַ גוטן טאָג!... אַ שיינעם גוטן טאָג! אף... נו, איר זענט פריי···

אַ כאָר פון קינדערלעך האָבן מיט הארציקייט אָפּגעענטפערט: — גוטן טאָך!

דאָ געפינט אָבער הער קונצע פּאָר נויטיק צו דערקלערן, אַז פון היינט אָן, ווען מען נישט זאָגן: „גוטן טאָג", אָדער „גוטן מאָרגן", „גוטן אָוונט", פון היינט אָן איז די באַגריסונג געווידמעט דעם רעטער פון דייטשן פאָלק, דעם גרויסן, אומפאַרגלייכלעכן פירער, און וועט זיין: ה יי ל היטלער! נו, קינדער, חזרט איבער מיט חשק, מיט באַגייסטערונג: הייל היטלער!!!

מיט איר לעדערנעם רענצל איז העדוויג געגאַנגען מיט אונטערגעהאַקטע פּיס צום לאָקאַל־באַנדל, וואָס האָט זיך געפונען סוף ביסמאַרק־גאַס.

פאַרן סאָלטיס־געביידע האָט זי באַגעגנט אַ „נאַציאָנאַלע דעמאָנסטראַציע": אַן ערב - רב פון יוגנטלעכע האָבן געטריבן אַ יינגן צעבלוטיקטן מענטשן, מיט צעריסענע קליידער... ווען נישט דער מאָדערנער קאַפּעלוש, וואָלט ער געוועזן ענלעך צו איינעם פון די יעזוס - מאָלערייען פון שפּאַנישן קונסט - מאָלער גאָיאָ... דעם דאָזיקן געקרייציקטן האָט דער מאָב אונטערגעטריבן מיט ווילדע באַטויבנדיקע קוויטשערייען, אויסבערעכנדיק אַלע ווילע אין אַ שטורמישן געלעכטער. דאָס האָט מען זיך אַזוי משמח געוועזן מיט דעם אויפשריפּט אויף אַ טאָוול, וואָס דער געפייניקטער האָט געמוזט טראָגן אויף זיין אָפּגעדעקטן הינטער - חלק... העדוויג האָט עס סיי ווי סיי נישט געקאָנט איבערלייענען, ווייל איר איז געווען ווי צום חלשן... אַ דריי שורות, עפּעס ענלעכס צו: יידן - חזיר, קראַפּיר, מאַרקסיסטן קוסט היר.... די יינגען האָבן זיך אָפּגעשטעלט פאַר דער סאָלטיס־געביידע... אַלע האָבן געהאַט אין האַנט, אָדער אַפן אַקסל עפּעס אַ כלי־זין, אַלע זיינען געווען באַבענדלט, באַהאַקנקרייצט, אַלע האָבן געריטשעט מיט בלוטדורשטיקע, אוממענטשלעכע קולות: און ווען אַפן מעסער שפּריצט דאָס יודענבלוט, דאַן גייט עס אונז ווידער גוט!...

דאָס איז געווען דער לעצטער טאָג אין לאַאושאַ, און ווען זי איז געזעסן אַ פּאַרטאַיעטע אין אַ ווינקל פון די נידעריקע וואַגאָנעס פון דעם קליין - באַנדל, האָט זי זיך דערמאָנט דאָס פּנים פון דעם געקרייציקטן

יינגן מענטשן... עס איז דאָך דער היינט בערנהיים, טעאָס פריינט... נו יאָ, דער האָט זיך שוין צופיל געמישט אין פּאָליטיק...

***

דאָן איז אריינגעטרעטן אַ תוהו־ובוהו, אַ ווירוואַר אין איר, נישט געווען מער קיין אָנשפּאַר, קיין רעטונגס־שטרויעלע אפילו. עס איז געווען אַ ווירבלענדיק מוטנע וואסער. זינט זי האָט פארלאָזן לאַאושא איז העדוויג געווען ווי אַ בלאָנדזשענדיקע. זי האָט גאָר קיין אָטעם נישט געקאָנט כאַפּן, פארלוירן יעדע ריכטונג, און אָן פּיצל ווילן עפּעס צו טון, עפּעס צו אונטערנעמען קעגן דעם גרויזאַמען פּאַטום, וואָס האָט זי אויסגעוואָרצלט אַזוי פּלוצים פון דעם היימישן באָדן; ווי א בוים, ווען אומברחמנותדיקע האַנט האָט אונטערגעהאַקט די וואָרצלען, האָט ער נישט וואו צו נעמען די יניקה, און וועט מוזן ליגן באַלד א פארטרוקנטער, און וועט מער נישט קענען געניסן, נישט פון קיין זון, נישט פון קיין ליכט...

אָ, דער פּיין, אָ, די מאַרטער־יסורים צו זען די שול־קינדער מיט די ווייסע כאַלאַטן, צו הערן די קלינגנדיקע שטימעלעך, בעת די שולע האָט איר געזאָגנגס־שעה... איז דאָס מיידל געווען אויסער זיך, און באַגאָסן איר שוים מיט הייסע טרערן.

די מאַמאַ ווי תמיד: — אָבער העדוויג, זיי דאָך פארשטענדיק. מיר אַלע טראָגן דאָך דאָסזעלבע קרייץ... מיר זיינען דאָך אויך פארטריבן פון אונזער היים... מיר זיינען דאָך אויך אַנטוואָרצלט... אונז עגבערט אויך דער געדאַנק, ווי וועלן מיר דאָס קענען אויסהאַלטן די איינזאַמע, גרויע עלטער, אין דער ווייסטעניש? קוק אָן דעם פּאַפּאַ, ער איז דאָך אויך נאָר אַ העלפּט... געדענקסטו סאַראַ געשטאַלטנער הער דאָס איז געווען, ווען ער איז געווען אין זיין גדולה?... קינד מיינס, איך בעט דיך, הער אויף מיט דיינע מעלאַנכאָלישע שטיק... קינד מיינס, דו קאָנסט נאָך, גאָט באַהיט, אראָפּ פון זין...

פּאַאול געפינט דאָ אַ שעת־הכושר אויסצודריקן זיין אומצופרידנקייט מיט די גרינע:

—אָבער, העדוויג, טשע, איך האָב דיר שוין עטלעכע מאָל שוין גע־
—אָבער, העדוויג, טשע, איך האָב דיר שוין עטלעכע מאָל גע-

וואָלט זאָגן... אָבער איר זענט אַלע אַזוי איידל געצאָצקעט... דו ביזט קיין מיידעלע מער, און פירסט דיך אויף ווי עפּעס אַ מיידעלע פון אַ יאָר פופ־צן... גייסט אַרום מיט אַן אַראָפּגעלאָזטע נאָז, פּונקט ווי ס'וואָלט דיר עמעצער אַראָפּגעגנבעט דיינע בוריקעס פון פעלד... רק טרויעריק, רק באַ־ווינט... דאָס קומט פון צופיל לייענען; לויט מיין מיינונג.. . דאָ איז אַ לאַנד, וואו מ'טאָר נישט צופיל לייענען...

דערביי כיכיקעט ער זייער העזהדיק, אָדער אפשר האָט עס בלויז אַזוי אויסגעוויזן, זי איז לעצ'טנס זייער געפילפּול, אַ ליאַדע שטעכווערטל לאָזט איבער די טיפסטע וואונדן אין איר אָנגעווייטיקטער נשמה.

אַמאָל פּלאַצט ער אַרויס מיט אַזאַ פאָרשלאַג: — טשע, העדוויג, איך וועל דיר עפּעס ראַטן, נאָר זאָלסט מיר נישט באַלד אין כעס ווערן. פאַר אַזעלכע זאַכן קריגט מען זיך דאָ נישט... טשע, אפשר וואָלסטו חתונה געהאַט? דו ביזט קיין מיידעלע, שוין לאַנג צייט, דו זאָלסט קומען אונ־טער אַ שלייער... דו דאַרפסט נאָר זאָגן יאָ, האָב איך פאַר דיר אַ פיי־נעם חתן . . . טשע!

העדוויג ענטפערט נישט, גראָבט איין דעם קאָפּ אין אַ באַנד געטע, די לעצטע זאַצן האָט זי איבערהויפּט נישט דערהערט. שוין באַהאַלט זי זיך אין איינעם פון די ליידיקע צימערן פון האָטעל „אידעאַל" און העשעט אין זיך אַריין . . .

פּאַאולס שדכנות פּרואוו לאָזט די מאַמאַ נישט איינרוען: אפשר איז דאָס פאָרט אַ רעטונג פאַר איר קינד? הער פרידריך גריבלט און זינגט אונטער אַ זייער אומעטיק ניגנדל: — אפשר, מוטי, נו יאָ, מוטי...

די מאַמאַ פיבערט, די מאַמאַ רעשט. אויב אַ היילונג פאַרן פאַרו־מערטן מיידל, טאָ זאָל זי קומען ווי אמגיכסטן. פּאַאול מיינט, אַז אים איז עס ענגאַל, נאָר ווי לאַנג איז דער שיעור, ס'זאָל זיך ארומדרייען אַ טרויעריקער גען אין שטוב? אויך פּעסיע פּאַטאַקעוועט: — ליבע שווי־גער - עלטערן, איך מיש זיך נישט, נישט מיין עסק! נאָר וואָס פאַר אַ דרך איז עס אַזוי צו וויינען טאָג און נאַכט? מ'זעט פון דעם מיידל דאָך קיין פריילעכע מינע... דער שידוך איז אַ פיינער, מיינס אַ יינגער קוזין.

דאָס הייסט, דער בחור איז נישט קיין גאנץ יינגיטשקער, אָבער העדוויג איז דאָך אויך קיין פּיצעלע. ער איז אַ קאָלאָניסט, אייגענע פינף און זיבעציק העקטאַר... וועט אויסטראָיען אַ שיינע שטוב. כ׳לעבן, דאָס מיידל וועט אַריינקומען אין אַ באַלעבאַטישקייט... נישט יעדע גרינע איז דערצו זוכה...

די מאַמאַ האַלט פאַר איר פליכט זיך צו אינפאָרמירן: — און אַזוי, איז עס עפּעס אַ פיינער מענטש, פיינע מאַנירן? איר ווייסט דאָך, העדוויג איז אַ פיין קינד, אמת נישט קיין זייער שיינע, אָבער אַ געבילדעט מיידל, געווען אמאָל פאָלקסשול־לערערן... אַ גוטע נשמה... אַ גוטע באַלעבאָסטע...

דער הער עקס-אָבערקאַנטאָר גלעט זיין שפּיצבערדל, וואָס האָט דאָ אין לאַנד אַ היפּש ביסל אָנגעוואוירן פון זיין הדרות, גלעט עס אין דער לענג, גלעט עס אין דער ברייט, און עס קומט אַרויס פון זיין גאָרגלדיקן דייטש: — נו יאָ, נו יאָ, אַזוי האָב איך, אייגנטלעך, נישט געפּלאַנעוועט פאַר די העדוויג... איך האָב געוואָלט מיינעסגלייכן... דאָס איז געווען טעאָ, דער העריליכער יונגע... זי האָט פאַרלוירן אַ גרויסן אוצר, איר גרעסטן שאַץ... אָבער איצט זיינען מיר אין דער פרעמד... טאָ זאָל זיין... אויב דעם קינד איז עס ניחא, טאָ זאָל עס זיין... פּאַאול, מיר פון אונזער זייט וועלן אַלץ אָנווענדן...

פּאַאולן געפעלן לחלוטין נישט די אַרגומענטן פונם אַלטן: — דאָ איז נישט פאַראַנען מיינסגלייכן, דיינסגלייכן... דאָ זיינען אַלע יחסנים... אַבי מ׳האָט נאָר געלט... מיט געלט קומט מען דאָ אַדורך די וועלט... און מיר זיינען דאָך אויך נישט דיזעלבע וואָס פריער: הער אָבערקאַנטאָר פון אַן אָנגעזעענער געמיינדע, מיט אַ שענער ווילאַ אַף דער באַרג־גאַס, מיט געלט אין באַנק, הע, הע, הע, איך אַליין אפילו האָב געטראַכט צו האָבן אַן אָנשפּאַר אין דעם. הע, הע, הע! אָבער איצט אוים יחסנים... דלפנימלעך, אָרים ווי די קירכן־מייז... היינט צו וואָס זיך איבערנעמען? אָן אַ תוצדעם איז די מויד שוין היפּש אַלט, ווי אַלט איז זי דען אייגנטלעך, פּאָטער? דאַכט זיך איבער די דרייסיק? זעסטו, מיט דער לענע האָ־

בן מיר נישט קיין דאגה: זיי וועלן זי ממש אויסכאפן... ס'קארטאָפּלעלע, רופט מען זי... אָבער די העדוויג טאָר נישט זיין קיין אויסקלייבערן...

צו העדוויגן האָבן זיך געטראָגן ברעקלעך פון די דאָזיקע געשפּרעכן. התונה - האָבן, נישט פאלן צולאסט: פעסיע האָט שוין עטלעכע מאָל גע־געבן אָנצוגעהערן: די לענע טויג נאָך צו עפּעס, העלפט מיט אין קיך, אין דער באַלעבאַטישקייט, אָבער די אַנדערע איז אַ קלאָג - יידענע, אָדער לייענען, אָדער באַווייגען נעכטיקע טעג. דאָ אין ארגענטינע מוז מען זיין ניכטער, נישט ארומגיין ווי אפן עולם ־ התוהו. אזוי האָט געטענהט די שווענערן. העדוויג האָט נאָך אזעלכע טענות תמיד געהאַט חשק צו אנטלויפן, וואו די אויגן וועלן טראָגן... אָבער וואו? און אפשר גאָר ענדי־קן? דאָס וואָלט דאָך געווען דאָס פּשוטסטע. האָט זי אָבער אויך נישט געהאַט דעם קוראזש צו דערטראכטן דעם געדאַנק ביז צום סוף... אנדערע פליכטלינגע האָבן זיך דאָ איננאנצן איבערגעאנדערש. וואָלטער מעשענ־באַך, וואָס איז אין ערלאַנגען געווען דאָס פערטע יאָר יורי, גראָבט מיט חשק די ערד אין ריאָ נעגראָ, וועט ווערן אַ גוטער גערטנער; ערנא, אַ חבר־טע פון סעמינאַר, דער טאַטע אירער אַ רייכער באַזיצער פון אַ שיך־פאַ־בריק, איז אין בוענאָס איירעס פראָסט פּשוט אַ קעכן; דער העה יוסטיץ־ראַט וואָלהיים, אַ שמש אין אַ ספרדישער שיל; פאולא, די פרוי ווארענ־הויז — באַזיצערן פון ערפורט, איז פארקויפערן אין אַ געשעפט; אַלע באַקאַנטע, חברים און חברטעס פון אירע עלטערן און אירע אייגענע האָ־בן זיך ארייגעפּאַסט אין די נייע באַדינגונגען... בלויז די העדוויג האָט געהאַט צו דינען מאָגערע פּלייצעס צו נעמען אף זיך אַן עול, דעם יאָך פון נייעם לעבן...

***

עס האָבן זיך געצויגן אומענדלעך ־ לאַנג די טעג און נעכט אין גלות. די מערע ־ זון האָט געשרפהט די נאַקעטע פעלדער, וואָס האָבן אויסגעזען נאָך וויסטער, ווייל דער „שפּרינגנדיקער" האָט זיי פּולשטענדיק אָפּגע־פרעסן. און קיין רעגן איז נישט געווען.

די מענטשן זיינען געווען בייז, אָנגעכמורעט. פּאַאול האָט געהאַלטן

אין איין יאַדענעז. נישט געווען וואו צו אנטלויפן פאַר זיינע זלידנע רייד, געווען בלויז א מאַגער דייטש צייטונגל פון דער הויפטשטאָט אויסצו־פילן די נודאָטע...

אין איינעם פון אזעלכע טעג האָט העדוויג אָנגענומען דעם באַ־שלום: זאָל זיין!

און אז מ׳האָט זי אריינגערופן אין דער גרויסער שטוב זיך צו באַ־קענען מיט דעם יינגנמאַן, האָט זי אפילו צוגעפּראַוועט די האָר, דאָס פּנים אביסל אָנגעפּודערט...

זי איז געגאַנגען מיט רעזינאַציע ווי צו א באַשערטקייט, צו אַן אומ־פארמיידלעך פּאַטום, ווי דאָס פריידלאָזע לעבן.

האָט אויסגעטון דאָס מעדאַליאָנטשיקל מיט ט ע אָ ס פּאָטאָגראַ־פיע: יאָרנלאַנג פלעגט זי עס נישט אראָפּנעמען פון האַלדז. איצט האָט זי א גיכן בליק געוואָרפן אפן בילד פון פארשטאָרבענעם חתן, איידער זי האָט עס אריינגעלייגט אין אויסשטייער - קאַסטן... א פּאָר אָפּגעריסענע מחשבות: — טעאָ, איך קאָן נישט אנדערש... איך בין אין קלעם... אינ־דערהיים וואָלט איך נאָך געקאָנט דיר בלייבן געטריי... אָבער דאָ האָט זיך אַלץ אויסגעוועפּט...

דאָס בילד מיטן שווארצן רעמל האָט זי באַהאַלטן טיף, גאַנץ אונ־טן אין קאָפער...

אין צווייטן צימער האָט פּאַאול גערעשט. מען האָט דעם לעקעך צעשני־טן, די גלעזלעך אויסגעשטעלט. ס׳האָט זיך אפילו ארומגעדרייט א ייד מיט א לאַנגער מסדר־קידושין - באָרד.

העדוויג איז אריינגעגאַנגען אין דער גרויסער שטוב מיט אזעלכע טריט ווי א מסוכנקראַנקער גייט צום אָפּעראַציע־צימער...

די קליינע בלייכע מאַמאַ האָט אויסגעזען נאָך בלאַסער — זיך אָנגע־פּודערט מיט א מעל - ווייסן פּודער, — האָט כסדר אונטערגעשניפּט מיט דער נאָז און זיך געווישט די אויגן מיט א ווייס טיכעלע.

דער הער עקס - אָבערקאַנטאָר האָט געטראָגן דעם פּליגל - ראָק, ווייַ־סע וועסט מיטן ווייסן געריפּסטן שניפּס, אפן קאָפּ דאָס פּירעקעבדיקע

קאַנטאָר - יארמעלקעלע. אָבער דער שפּיצבאָרד האָט, טראָץ אַלע באַמי־
אונגען, נישט דערגרייכט די פּראַכט פון די אַלטע גוטען צייטן...

דער אַלמן, מחותן פון חתנס צד, אַ פּיצל באַריידעוודיק יידל, איז
געווען זייער בגילופנדיק פון דעם ביסל ליקאָר, — ער האָט נישט געקאָנט
אַ סך פאַרטראָגן, — איז נישט אָפּגעטראָטן קיין איין מינוט פון דעם
בכבודיקן הער פרידריך מיידאָרף, כסדר זיך געשליפן ס'צינגל אין
„דייטש", אף וואָס דער דייטשער מחותן האָט, מחמת טאָלעראַנץ, צוגע־
באָמקעט: — נו יאַ, נו יאַ...

דער חתן, אַ פון דער זון אָפּגעברענטער, מיט הענט האַריקע, האַרטע,
מיט אַ פאַרעלטערט צעקנייטשט פנים, איז געזעסן לעבן דער שווייגנדי־
קער כלה און שרעקלעך געשוויצט, ווייל אין שטוב איז געווען שטאַרק אָנ־
גערויכערט, און די היץ האָט געשטיקט.

מ'האָט דערוואַרט אַ רעגן: דאָס וועטער איז געווען זייער אָנגעצויגן;
שוין עטלעכע טעג האַלט אָן אַ דענערווירנדיקער צפון - ווינט, וואָס
טראָגט כסדר אָן שטיקער וואָלקנדלעך ווי גרויסע קנוילן וואַטע; פון אונ־
טער די כמאַרעס שטעכט אפשר אַ בייזע בריענדע זון.

נאָכמיטאָג ווערט דער דרום - מערב בלוילעך - גרוי. די געסט פון
דער קאָלאָניע זיינען אומרואיק, אַ טייל ווילן שפּאַנען, כדי צו קומען אַ־
היים פאַרן שטורעם.

ס'בלייבט מען זאָל אָנהויבן און ווי ווייט מעגלעך מקצר זיין.
אָבער ס'איז שוין סיי ווי סיי צו שפּעט, כאָטש דאָס רביל מאַכט עס
קורץ און גיך, אָן שהיות, און איז מעביר די תנאים מיט אַ גמרא - ניגון,
הערט מען שוין נישט דאָס בראַזגען פונם מזל־טוב - גלעזל, ווייל דער
גאָס־רעגן באַטויבט שוין מיט זיינע געדיכטן קלאַפּן ווי באָב אף די בלעכן
פון דאַך יעטוועדן קלאַנג; קיינער הערט שוין נישט דעם אָנדערנס רייד,
ווייל אַ חוץ דעם געטראַסקעריי פון דעם באָב איבער די קעפּ, איז דער
עולם גלאַט שוין „אונטערן גלעזל", קאָן זיך נישט אויפהויבן...

פּאַול איז גאָר אויפגעלייגט, שטעלט אָן דעם גראַמאָפאָן מיט דער טרובע, און זעצט זיך אָן אַף דער מאַמע, וואָס זשיפּעט קוים, אַז זי זאָל טאַנצן מיט אים אַ וואַלצער, אַן עכטן ווינער וואַלצער. די מאַמע: — באַ גאָט, פּאַאול, כ'האַלט זיך קוים אַף די פיס... איך קאָן נישט...

עקשנט ער זיך איין, העדוויג זאָל מיט אים טאַנצן אַ ריינלענדער. העדוויג, וואָס איז צופרידן, אַז מ'האָט אין איר אַ מינוט פאַרגעסן... ניין, זי קען נישט, בשום אופן נישט, זי האָט שוין לאַנג נישט געטאַנצט...

לענע זיצט אין אַ רעדל פון קאַלאָניסטישע בחורים און אַמוזירט זיך, קוועלט... פּאַאול גיסט אָן מאָס אריין אין זיך, ווערט ער גאָר סענטימענ־טאַל, דערמאַנט זיך אין דער יוגנט, אָן די אַלע היימאַטס - לידלעך. אָט קרייט ער שוין די „לאָרעליי“: „איך ווייַ־ייַ־עס ניכט, וואַ־אַס זאָאַל עס בעדוי־ויטען, דאַאַאַס איך זאָאַ טראַוריק בי־י־י־ין . . . “

דער געוועזענער בהמות־הענדלער גראָס, פון פולדאַ, איצט אין שטעטל אַ וואורשט־מאַכער, פאַרגינט אים, קענטיק נישט די גדולה, פּאַלט ער אים אריין מיט אַ שרעקלעכן פּאַלצעט: — עס האָט איין באַוער איין שענעס ווייב, ער בליעב זאָאַ געעעדנע צו האוז, ער בליעב זאָאַ גערנע, צו האוז!... האַ, האַ, האַ, האַ...!

אויך דער הער עקס - אָבערקאַנטאָר האָט זיך דערמאָנט, אַז ס'איז פאַראַן אין אַסטמאַטישן גאָרגל אַ שטיקל קול, פּרואווט ארויסברענגען פון די לעפצן אַ „קעדאַאושע“, אַ שטיקל פון זיינס אַ באַליבטן קאַנטאָר...

מיט איין וואָרט, ס'איז געוואָרן אַ שטיקל שמחה. כאָטש אָנגעהויבן האָט עס זיך גאָר פאַרמרהשחורהט, אַזוי ווי אַ באַגרעבעניש...

אַפילו העדוויג האָט זיך באַמיט ווי נישט איז צו שמייכלען און אַפילו זיך אָנגעלענט לייכט אפן חתנס אָרעם.

מ'האָט אָנגעהויבן זיך צעפאָרן, צעגיין, ווייל דער גאָס - רעגן האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטן. דער חימל האָט זיך אויסגעלייטערט. אַלע האָבן צוגעוואונטשן, יעדער אַף זיין שטייגער.

דער מחותן, פּעסיעס פּעטער, האָט פּאַרזיכערט, אַז דער זיווג וועט און מוז עולה יפה זיין, ווייל גראָד בעתן לייענען די תנאים האָט אָנגעהויבן גיין א גשם של ברכה. דער וואורשטנמאַכער גראָס איז געווען שטאַרק צופרידן פון דעם דאָזיקן אָפּטימיזם, און א חוץ פּערזענלעכע וואונטשן האָט ער צוגעגעבן, אַז זיין הייסטער וואונטש איז, אַז בקרוב בימנו זאָל דער פירער זיין אין ליכטיקן גן־עדן אָלס א פּוס־בענקעלע פון א נישט־אַריער. קיינער האָט נישט געהאַט דאַקעגן...

# דאָס משפּחה - בוך

דאָס שטעטל באַטענבערג איז געלעגן באַ אַ ברייטן שטראָמיקן טייך. צוואַנציק קילאָמעטער ווייטער פאַלט דאָס ברייטפאַרצווייגטע וואַסער אריין אין דעם נאָרד־ים.

האָט דעריבער דאָס לופטיקע שטעטל געשמעקט מיט ים, מיט פּי־שערס, מיט פאַרלאַטעטע זעגל־שיפלעך, מיט גראָב־בייכיקע שעלפיש, מיט גליטשיקע אויסטערן, מיט ווײַנשל־גערטנער, מיט בלוילעכע פלוי־מען, מיט פריינטלעכן זאַפטיקן פישער - דיאַלעקט, וואָס איז געווען ענ־לעך צו האָלענדיש און מיט אַ ביימיש פון ווערטער, דערוואָרבן אויף ווײַ־טע ימים און לענדער.

דאָס איז געווען אַ שטיל פלאַך שטעטעלע, אַ זויבערס און אַ פריד־לעכס, וואָס אַלע זיינע וועגן פירן פון איין זייט צו דער וועלט אַרויס — אין ווינטשטילע נעכט הערט מען דאָך דייטלעך דאָס פייפן פון די גרוי־סע טראַנסאַטלאַנטיקס, — פון דער צווייטער זייט גייען די וועגן אין זאַ־טע פּויערישע הויפן, וועלכע זיינען געווען אַזוי היימיש די אידישע פערד־און בהמות־הענדלער, די באַטענבערגער תושבים, די מייערס, וואָס זיי־נען דאָ געווען איינגעוואָרצלט פון דורות.

אין די דאָזיקע זאַטע פּויערישע הויפן זיינען זיי תמיד געוואָרן אויפגענומען מיט שוימענדיקן עפּל - ווײַן, מיט קאַרשן - קוכן, מיט אַ האַרציקן „כוטן דאַג", מיט דעם פריינטלעכסטן שמייכל מצד דער פּויער־טע, מיט אַ נאָכפרעגעניש אפן געזונט פון די פאַמיליעס, מיט אַ גוטמו־טיקן קלאַפּן אין די פּלייצעס.

האָבן דאָך די יידן, די מייערס, גערעדט פּונקט ווי זיי, געברויכט די־זעלבע געשמאַקע מאַטראָסישע און פישער - לייט - קללות, געטראָגן די זעלבע טוכענע פויערישע מיצן מיטן זיידענעם שנירעלע, געווען היימי־שע מענטשן, וואָס האָבן זיך דערלויבט אפילו צו קנייפּן די מיידן אין די קערניקע אָנזעעוודיקע הינטנס; זיי, די מייערס, פּונקט ווי זיי האָבן פאַר־האַנדלט די בעלגיש־ריינישע פערד, מיט די גרויליקע גריוועס און האָריקע פוס-געלענקען, קיין האַמבורג, ברעמען און קיעל, — האָבן צווישן אַיין מסחרל און אַנדערן גערעדט שידוכים די באַקאַנטע פויערישע מיידלעך. פּונקט ווי זיי האָבן געוואוסט וועמענס שקאַפע טויג פאַר וועמענס אָגער, האָבן זיי אויך געוואוסט אָפּצושאַצן וועמענס לענע וואָלט געקאָנט זיין אַ גוט ווייב פאַר יענעמס דיטריך, און וועמענס האַנעס טויג צו זיין אַ בעט־חבר פאַר אַ קאַטי פון קוואַקענבריקען, פון וועסטערקאַפּל און אַנדערע דערפער און שטעטלעך, וואו ס'איז זיי אויסגעקומען צו מסחרן.

צו די מייערס האָט מען אין באַטענבערג געהאַט אַזאַ צוטרויען, צו זייער פּינקטלעכקייט און וואָרט, ווי די פישערס צום ים־צו - און - אָפּפלוס. מען האָט קיינמאָל נישט געהערט, אַז זיי זאָלן וועמען אָפּנאַרן. — אָ, די מייערס זיינען פיינע קערלע, בראַווע לייט...

עפּעס אַ סכסוך, אַ היימיש מחלוקהלע, אַ עצה, איז: — מ'דאַרף אַ פרעג טון די מייערס... אָ, די מייערס, זיי וועלן שוין צוטרע־פן דאָס ריכטיקע...

***

אין די גרויסע שטעט: אין בערלין, האַמבורג, ברעמען, קיעל האָט עס שוין געדעשט מיט דעם פירער, וואָס ברענגט אַראָפּ די גאַנצע ישועה אפן געפּלאָגטן און דערנידעריקטן פאַטערלאַנד. דאָרטן האָבן שוין געוואוסט קינד און קייט, אַז צו די „יודען" דאַרף מען אויסלאָזן דעם גאַנצן כעס, אַז ס'מוז קומען די „נאַכט מיטן לאַנגן מעסער" פאַר דער פאַרפלוכטער ראַסע... און דאָ אין באַטענבערג האָט זיך נאָך גאָרנישט אָנגעהויבן מיט דער „נאַ־ציאָנאַלער רעוואָלוציע", ווי ס'וואָלט געווען ערגעץ אין שטילן האָלאַנד,

נישט אין דייטשן רייך, האָט זיך דאָ קיינער נישט גערירט דורכצופירן דאָס נאַציאָנאַלע פּראָגראַם...

האָט דעריבער דאָס שטילינקע שטעטעלע אין אָנהויב עס באַטראַכט כמעט פאַר אַ נאַטור - אומגליק, פאַר אַ פאַטאַל געשעעניש — פאַר אַ מין פאַרפלייצונג פון שטראָמיקן טייך, ווען פון דער נאָענטסטער קרייז־שטאָט זיינען אראָפּגעקומען שטורמער־לייט און איינער פון זיי, אַ מאַן מיט אַ קוואַדראַטנער קאָפּ - פאָרם, האָט אַרויסגעקוועטשט אַ הייסע נאַציאָנאַלע רעדע: — טייוול, הינטישע בלוטן! איז דאָ אויסלאַנד?! די אַלע חזירישע יידן מסחרן נאָך ווי קיינמאָל גאָרנישט! צי ווייסט מען דען נישט, אַז אויף דעם 1־טן אַפּריל איז דערקלערט אַ באָיקאָט אויף דאָס יודענגעזינדל?! טייוול! צי לייענט מען דאָ נישט קיין צייטונגען?! טייוול! דאַן ווען מיר מאַכן אָרדענונג! טייוול! נידער מיט דער „יודענברוט"! מיט די יודענ־קנעכט און מיט די יודאַסן! טייוול!!!

אַז די אויבריקייט הייסט, האָט באַטענבערג זיך נישט אַקעגנגע־שטעלט. די מיושבדיקע בירגער אַפילו האָבן געלאָזט דורכפירן „די נאַ־ציאָנאַלע ראַכע"; דאָס ביסל סאָציאַל - דעמאָקראַטן האָבן זיך באַהאַלטן, אַנטלאָפן קיין האָלאַנד, אָדער געוואָרן איבערצייגט פון דער „גערעכטי־קייט פון דעם נייעם רעזשים"...

***

דער גרויס - פויער היינריך העלגער פאָרט פאַרביי פאַר דעם הויז פון די מייערס, פאַר דעם אַלטן ירושה - הויז מיט די גרינע גאַנקעס, רויטע דאַכעווקעס און שאָטנדיקן פרוכט - גאָרטן אַרום און אַרום.

דער פויער, וואָס האַנדלט שוין פערציק יאָר מיט די יידן, זיצט אין זיין עלאַסטיש צווייערדערדיק וועגעלע. דער ברוינער אָלדענבורגער לויפט געלאַסן, אָבער נישט פויל. דאָס איז אַן עכטער אָלדענבורגער מיט אַלע סימנים פון זיין ראַסע: פיינער קאָפּ, אַביסל געבויגן באַ דער געפּילפּולער נאָז, הויכער שטאָלצער האַלדז, ברייטע ברוסט, הינטן קיילעכדיק, מעלאָ־נענפאָרמיק, הויכע אָדערדיקער פוס־געשטעל, גוטער גלייכמעסיקער לויפשריט...

לודוויג מייער, דער זון, האָט אַ קונה אויף דעם פיינראַסיקן פערד. העלגער דאַרף געלט דרינגענד. אָבער איצט קאָן ער נישט אַריינגיין דירעקט צו דעם פריינטלעכן ייד, טרינקען אַ קירשבראַנד, דערציילן און הערן אַ פּאָר יאָדערדיקע וויצן, און גלייכצייטיק רעדן איבער געשעפט... איצט בינדט ער נישט צו דאָס נערוועאישע פערד צום פלאָקן פאַרן יידס שטוב. צוערשט מוז ער זיך אַרומקוקן אין אַלע זייטן, אויב ס'גייט נישט איינער פון די ראַץ־יינגען, — מער וואָלט שוין נישט געפעלט, אַז די לאָבוסעס זאָלן אים זען רעדן מיט אַ יידן.

אין איילעניש וואַרפט ער צו די מייערס, וואָס קוקן אַרויס פאַרזאָרגטע אין זייער אַמאָל אַזוי פריינטלעך ־ שטילער גאַס, אַ פּאָר ווערטער:— פאַרשטייסטו, די באַשיסענע יינגען האָבן זיך צעהוליעט. לייכטזיניקע חזירישע קעפּ, ליגט זיי די מיסט ־ פּאָליטיק אינזינען.... מוז איך פיינט האָבן... קרייצדאָנערוועטער! שיים ־ פּאָליטיק! און איצט מוז איך, לײדער, פאַרהאַנדלען דעם ברוינעם באַ דעם טויגעניכטס שירקע... שטינק ־ פּאָליטיק! אַזוי לאַנג קרענקט ער, דער שירקע, ווי ער איז אַ מבין אויף אַזאַ עכטן אָלדענבורגער...

דעם אַלטן הערץ מייער שטייען טרערן אין די אויגן אויס דאַנקבאַרקייט צו דעם געלן איבערגעוואַקסענעם פויער. וואָס געדענקט נאָך דאָס אָרנטלעכקייט און קאָרעקטקייט אין פערד ־ מסחר פון הויז מייער. ער וויל אים זאָגן עפּעס אַ האַרציק וואָרט, אָבער העלגער גיט אַ שמיץ דעם ברוינעם און מיטן זעלבן איינגעהאַלטענעם כעס: — פאַרפלוכטע פּאָליטיק! נאַר, מוטו! מוטו!...

און דאָס האָט דער פויער אָפּגעצויגן צו דער רעכטער צייט, ווייל אַ באַן פון ברעמען האָט אַרויסגעשיט איבערן שטעטל אַ דריי צענדליק יינגעלייט מיט ברוינע העמדלעך, סטודענטן־מיצן מיט גלאַנציקע דאַשיקעס, געלע שטיוולעטן, באַנעגלטע שיך, באַהאַקנקרייצלט, באַשווערטלט, באַשטעקלט, און באַהאָנגען מיט כלעדליי כלי ־ משחית, — זיינען זיי געקומען קיין באַטענבערג זען צי מ'פירט אויס די געבאָטן פון פירער...

נייע צייטן. מען האָט מער נישט געטאָרט זיך באַגריסן מיט אַ

שמייכלענדיקן: „גרים גאָט“, קינדערלעך האָבן נישט מער העפליך באַגריסט דעם פרעמדן מיט אַ הארציקן קניקס, און מיט אַ זינגענדיק שטימעלע, וואַנדער־פייגל האָבן שוין נישט געזונגען מער מיט זייערע העלע שטימען לידער וועגן וואַלד און פעלד, וועגן נאַכטיגאַל און געל־בלויע פאַרליבטע אייגעלעך, וועגן ווײַן, וואַנדערן, ווייטע, פרייע וועלט... אויס מיט דעם אַלטמאָדישן סענטימענטאַלעבן „יורענמאָדע“! אַנשטאַט די פריש־פריילעכע לידער האָבן די אָפּגעשראָקענע יידן פון דעם אַמאָל אַזוי פריינטלעכן שטעטל טאָג און נאַכט געהערט אַ געגרילץ, אַ געריטש, אַ געדריפּטש, אַ געקוויטש און אַ חיהש געיוכע: — הי־הו, הו־הי! יוד פגר! הי־הו, הו־הי! יוד אף דער תליה! און אַ געריספּל און אַ געזאַנגעכץ וועגן קריג, זיג, פיינט, פּאַראַט, טאַט און בלוט, בלוט, בלוט... נ־י־ד־ע־ע־ע־ר!!!

באַטענבערג האָט מער נישט געשמעקט מיט רחבותדיקע ווייטע ימים, מיט זאַלציקע געזונטע וואַסער־ווינטן, מיט פרילינג־זומער־האָפענונגס־לידער, מיט קליינשטעטלדיקער אידיליע, נאָר מיט פאַרדימפּעצטער, דושנער, ענגער מיטלאַלטערלעכער נירענבערגער פאָלטער־קאַמער־לופט...

אַלץ אַרום איז געוואָרן פיינטלעך, האָט זיך אָפּגערוקט פון די „יודען“ ווי פון געפערלעכע עפּידעמישע קראַנקע, ווי פון עקלדיקע לייט מיט שטינקענדיקע אייטערדיקע וואונדן...

אַך גאָט! די אַלע ליבע גוטע מענטשן ענטפערן נישט אף דיינס אַ גרוס, קוקן ברוגז אין אַ זייט. יונגע צוציקעס באַליידיקן דיך, שטופּן דיך אַראָפּ פון טראָטואַר... גאָט, אַ סך העפלעכע באַקאַנטע קרעמער, וואָס האָבן תמיד געלעכצט דיך צו האָבן אַלס זייער קונה, שטויסן דיך גראָב אָפּ, דאַרפן נישט קיין קליענטן „שטינק־יודען“... אַך גאָט, איבערנאַכט איז דאָס צאַצקעדיקע ירושה־שטיבעלע פון די מייערס געוואָרן פאַרשמירט מיט סמאָלע האַקנקרייצן, מיט מיאוסע, שענדלעכע צייכענונגען, — אַ שאַנדע פאַר די קינדער... אַך גאָט, גאָט, גאָט!...

זיינען דאָס דיזעלבע פריינטלעכע שכנים פון זייער געבורטס־שטעטעלע? וואָס איז אויס זיי געוואָרן? נישט וועלן אפילו פאַרקויפן קיין עסנוואַרג? נישט וועלן ענטפערן אַ וואָרט? אָבער, גאָט זיי דאַנק, נאָך פאַ־

ראנען א מענטש... פארטאָגס געפונען אפן גאניק א פּאַקעטל מיט פּוטער, מעל, צוקער, פעטס... דער גוטער העלגער... אָ, ער גלויבט ווידער אין דײַטשן פאָלק, דער גרייזגרויער הערץ מייער...

שווער צו בלייבן גלויבן אין דער מענטשלעכקייט, אז דאָס ביסל יידן אין שטעטל זיינען אָפּגעזונדערט ווי די מצורעים... דער שפּייז-קרעמער לעהמאן, וואָס האָט געהאָלפן אַלע פּישער פון דער סביבה, געבאָרגט אין דער געלטלאָזער צייט, איז א קרעציקער, קאַרגער געלט - ייד; דער גוטער סאַניטעטס־ראַט דאָקטער פראַנקענשטיין, וועלכער האָט געגעבן מעדיצינישע הילף און אפילו רעצעפּטן א סך פּויערים, גענצלעך אומזיסט, זיי, די געהאָלפענע פּאַציענטן, האָבן אים פּשוט פאַרגעטערט פאַר זיין גוטסקייט, — איז א קרעציקער, אומווירדיקער יודענהונט, וואָס האָט פאַרסמט די דייטשע ראַסע מיט זיין יידישער הײלקונסט... אויך די מייערס זיינען געמיינע שווינדלערס... אין אַן אנדער צייט, וואָלטן אַלע פּויערים פון דער סביבה געקענט עדות־זאָגן, אז זיי האָבן תמיד קאָרעקט געהאַנדלט... אויסטראַכטן אַזאַ שקר-בלבול אפן הויפּט - אָרנטלעכן הויז מייער...! אָך גאָט, אָך גאָט!!!

דער זיידע לודוויג מייער, דער ניין און זעכציקער יאָדערדיקער פערדהענדלער, האָט אָנגענומען דעם ענערגישן באַשלוס: אויסוואַנדערן, אַנטלויפן אין דער וועלט אריין, אין דער פרייער וועלט אריין, וואו מען וועט ווידער קענען אָטעמען פרישע, זאַלציקע ים - לופט, אַרויס פון דער תפיסה... אָך גאָט, די היימשטאָט, א תפיסה!!!

פאַר אַלע יידישע גלויבנס - גענאָסן א געפּענקעניש, אַלע ווילן אוועק, אוועק...

אָט זיינען די קאַצנשטיינס געווען אין האָלאַנד, און פון דאָרט האָט זיי אַזאַ געזעלשאַפט געשיקט קיין ארגענטינע צו ווערן פאַרמער. פּאַראַנען דאָרט יידישע קאָלאָניעס, וואו די גלויבנס - גענאָסן לעבן פריי... די קאַצנשטיינס, די לעווים, די פּלאַוטס שרייבן באַגייסטערנדיקע בריוו... „די פּראָווינץ, וואו מיר זיינען קאָלאָניזירט הייסט „ענטרע ריאָס“ „צווישן טייכן“... עס אַרבעטן מונטער און פריילעך די נייע זידלער... זיי האָבן שיינע שטיבעלעך... די הענטלעך, די ווייסע פון די צאַרטע שטאָטישע

מיידלעך זיינען האַרט... און אַלע זיינען צופרידן..."

באַ די יינגע מייערס גלאַנצן די אויגן. זיי זעען ברייטע, גראָזיקע סטעפּעס, און אויף זיי אומצאָליקע, אומגעצאַמטע פערד. קאַרל און דער איידעם רודי פראַנק האָבן שוין שטודירט דאָס דיקע בוך איבער פערד־צוכט, און זיי ווייסן אַ סך צו דערציילן וועגן דעם „קרעאָזשע" ־ פערד, וואָס ווערט אויפגעצויגן אין פולער פרייהייט אויף די ווייטע פּאַמפּאַס, וואו עס דערגערט זיך מיט „פּאַסטאָס דוראָס" און „פּאַסטאָס טיערנאָס"... אַלץ קאָן מען לייענען אין דעם גראָבן בוך מיט דעם געלן איינבאַנד, ווי אויסדויערנד דאָס דאָזיקע פערדל איז: אין איין טאָג מאַכט עס אַדורך מיטן שווערן „רעקאַדאָ" און דעם רייטער אויפן רוקן, אונטער גליענדיקע זונענשטראַלן פון 20 — 25 לעגוואַס, פון הונדערט ביז פינף און צוואַנציק קילאָמעטער. אַלץ ווייסט געגנוי דאָס „לערבוך איבער פערדע־צוכט" פון געהיימראַט רודאָלף שוואַרצעקער...

יונגוואַרג איז גרייט. דער צוועלפיעריקער ראַלף זעט זיך שוין רייטנדיק אויף אַזאַ פלינק פערדל איבער די ווייטע אַרגענטינער קאַמפּן... פון דאָרטן אויס וועט ער שרייבן די אַלע זיינע געוועזענע חברים, די אַריער, וואָס האָבן פון אים געשפּאָט, אַז ער לאַכט פון זיי, איצט איז ער אַ פריי־ער מענטש... אויך די צעניעריקע אַני גאַלאָפּירט אין חלום אויף אַן אייגן רייט־פערדל, מיט אַ בלוי ־ זיידן באַנד, אַרום דעם שיינעם האַלדז... אַני, דאָס באַליידיקטע שול ־ קינד...

בלויז באַם הויכן איינגעטרוקנטן עלטער ־ זיידן הערץ מייער קאָן מען נישט פועלן צו פאַרלאָזן באַטענבערג. דאָ האָבן געוואוינט זיינע עלטער־זיידעס, דאָ זיינען זייערע קברים, דאָ איז זייער שילכל, דאָ ליגט גידעלכע זיין געליבט ווייב און וואַרט אויף אים... ניין, אַ פינף און אכציקיעריקער וועט ער זיך נישט לאָזן אויף אַזעלכע ווייטע וואַנדערונגען, כמעט פיר וואָכן שיף, נישט פאַר זיינע כוחות.

לודוויג שטייט צו: סטייטש, אַלע גייען אַוועק, ווי וועט ער בלייבן דאָ היטן מצבות? די טויטע זיינען טויט, און אַזוי לאַנג ווי מ׳לעבט, מוז מען דערהאַלטן ס׳חיות. בשום אופן. דער תמיד ־ נאָכגיביקער הערץ

בלייבט אַן עקשן: מעבר - לים, ווייט פון זיין הײמאַט, וועט ער נישט אוועק. ער וויל ליגן אין דער זעלבער ערד, וואָס זיין טייערע גידעלכע... דאָ אַליין בלייבט ער נישט, ער וועט גיין אין מושב - זקנים פון האַמבורג, און אין דער צוואָה וועט ער אָנזאָגן, מען זאָל למען־השם אים ברענגען צו קבר - ישראל אין באַטענבערג...

אַלע זאָגן צו דאָס צו פועלן בא דער פאַרוואַלטונג פון האַמבורגער מושב - זקנים, כאָטש זיי ווייסן אַף געווים, אַז בא די איצטיקע ביטערע צייטן, וועט מען נישט קענען אויספירן דעם לעצטן ווילן פון א יידישן פאַרשטאָרבענעם. „דאָס דריטע רייך האָט נישט קיין פּלאַץ פאַר יידישע פּגרים", וועט מסתמא די באַן - אַדמיניסטראַציע ענטפערן אַף דער בקשה צו געבן אַ וואַגאָן פאַר א מת... דער אַלטיטשקער ווייסט דאָס אויך. אָבער ער גלויבט, אַז אין זכות פון דער כשרער, פרומער גידעלכע, עליהו השלום, וועט געשען אַ נס...

***

מען פּאַקט איין דאָס ירושה - פאַרמעג, מען וויל מיטנעמען, וואָס עס לאָזט זיך נאָר: די שאַפעס, די שטולן, די קאָמאָדעס, די בעטן, אַלע גע־שניצט און געצירקלט אין אַלטן בידערמייער - סטיל, פעסט און מאַסיוו, אויסגערעכנט אַף דורות. ס'אַ שאָד איבערצולאָזן אפילו אַ קלייניקייט: אַלץ איז עפּעס אַן אנדענקען פון א טייערן משפּחה - מיטגליד. אַלץ איז איינגעבאַקן אין הארצן. מען האָט געהערט, אַז בא דער גרענעץ - רעוויזיע קאָנפיסקירט מען מעטאַלענע זאַכן, ווייל דאָס רייך דאַרף מעטאַל פאַר באַוואָפענונג. איז מען באַזאָרגט אום די זילבערנע קאַנדעליאַברעס, דאָס חנוכה - לייכטערל פון זעכצנטן יאָרהונדערט, אום דעם בעכער פון פילי־גראַן - אַרבעט, אַף וועלכן עס זיינען אויסגעקריצט די פיר זין פון דער הגדה... איז מען זייער באַזאָרגט...

ס'פעלן נאָך צו פאַרפּאַקן עטלעכע שטוב - זאַכן, דעם שרייבטיש, די פּאָטעלן פון עלטער - זיידע און עלטער - באָבע, אָבער די וויל דער אַלטער הער מיטנעמען אין מושב - זקנים, ווייל די מיט געבלימלטן דאַמאַסט־באַרעקטע שטולן זיינען אַ שטיק פון זיין פאַרגאַנגענעם לעבן: גידעלכע איז

תמיד געזעסן אף איינעם פון די פאָטעלן און געשטריקט פלינק מיט אירע שפּינדלען דינע... ער דאַרף בלויז פאַרמאַכן די אויגן בין-השמשות-צייט, זעט ער זי...

איצט זאָל מען אים לאָזן צורו, אים און לודוויגן: זיי האָבן גאָר א ווּיכטיקע אַרבעט אדורכצופירן, איידער זיי לאָזן זיך אין וועג אריין.

זיי מוזן ענדיקן איבערשרייבן דאָס משפּחה - בוך. מענטשן קומען אין דער פרעמד, אף א פרעמדן קוקט מען תמיד מיט חשד, מיט אומצוטרוי. טאָ זאָלן זיי קענען באַווייזן שוואַרץ אף ווייס דעם אָפּשטאַם, דעם יחוס. און גלייכצייטיק זאָל עס אויך זיין א דערקוויקונג פאַר די משפּחה-מיטגלידער צו בלעטערן דאָס בוך, לייענען דערין, זען די פאָטאָגראַפיעס און די פאַרבלייבטע אָפּבילדער פון די לעבעדיקע ליבע געזיכטער און פון די, וואָס זיינען שוין לאַנג אפּן עולם-האמת... אַז ראַלף וועט זיין א דער-וואַקסענער חברה - מאַן, דאָרטן אף די אַרגענטינער סטעפּעס, אין דער ווייטער פרעמד, וועט ער נישט זיין אָפּגעריסן פון דעם פאַמיליען - שורש, ווייל ער וועט קענען לייענען דעם עלטער - זיידנס אייגענע וואַרעמע ווערטער, פילן זיין אמאָליק ליבשאַפט, ער וועט זיך דערמאַנען אין דער אמאָליקער צייט, אין זיין קינדהייט: פון דעם בוך וועט אים אַנטקעגן-שמייכלען זיין אייגענע פאָטאָגראַפיע פון ערשטן שול-גאַנג.

די אַרבעט איז אָפּגעטון. אָבער די הערצער זיינען פול.

אַזויפיל דורות האָבן געלעבט בשלום אף דער דאָזיקער ערד, וואָס האָט אַלעמען מפרנס געווען, אויפגענומען אין אירע אינגעווייד, — קאָן מען נאָך אַלץ נישט שלום מאַכן מיט דעם געדאַנק, אַז די מענטשן, איינוואוינער פון דער זעלבער ערד, זאָלן זיי ווערן אַזעלכע בלוט-שונאים... גאָט, פאַר וואָס?!!!

זיי ביידע, דער זיידע און דער עלטער-זיידע, האָבן אויך אריינגע-שריבן א ווידמונג, א הקדמה צו זייער פאמיליענבוך, זאָלן עס וויסן די נאָכקומענדיקע דורות, זיי, וואָס וועלן זיין פרייע פאַרמער אף ווייטער אומבאַקאַנטער אַרגענטינער ערד.

הערצס טרוקענע, פאַרבלאָזע ליפּן ציטערן פון חשק זיך אויסצו-

וויינען: — שרייב דו, לודוויג, מיין זון, מיינע אויגן דינען מיר שוין נישט.
און לודוויגס פּאָרוואָרט צום משפּחה-בוך האָט געלויטעט אַזוי:
„דער מאָרגיקער טאָג, דער ערשטער אַפּריל, ניינצן - הונדערט דריי
„און דרייסיק איז פאַר אונז יידן אַ שווערער טאָג: מען האָט דערקלערט
„קעגן אונז אַ באָיקאָט, מען זאָל אונז אויסמיידן ווי די קרעציקע. איך האָף
„אָבער, אַז אין דער צוקונפט וועט אַלץ זיין גוט. גאָט, מיר ווייסן נישט
„דיינע וועגן, מיר טאָרן אַפילו נישט מתרעם זיין אויף דיין טועכץ. אָבער,
„פאַרוואָס קומט דאָס אונז? מיר זאָלן זיין צו־שאַנד און צו-שפּאָט, און
„אונזער היים זאָל אונז אויסשפּייען? איך און מיינע אור־עלטערן פון אונ־
„זער משפּחה האָבן תמיד געטראַכט און געהאַנדלט נאַציאָנאַל. מיר זיי־
„נען געווען געטריי דעם מלכות. מיין עלטער - זיידע האָט געקעמפט אונ־
„טער די פאָנען פון פרידריך דעם גרויסן. מיין זיידע קלמן מייער, —
„דרך ארץ פאַרן אַלטן פּאַטריאָט! — האָט זיך באַטייליקט צוזאַמען מיטן
„בענטהיימער באַטאַליאָן, אונטער דער אָנפירונג פון הויפּטמאַן לינדעמאַן,
„אין דעם באַפרייאונגס־קריג קעגן פראַנקרייך, מאַרשירט דורך האָלאַנד קיין
„פּאַריז, זיך אויפגעהאַלטן דאָרט צוויי און צוואַנציק וואָכן. אין יאָר אַכצן־
„פופצן העלדיש געקעמפט אין דער „פעלקער - שלאַכט" בא וואַטערלאָאָ,
„און באַקומען אַן ערשטע אויסצייכענונג, אייגנהענטיק פון קעניג געאָרג
„פון האַנאָווער..."
לייענט פאָר און טרערן גיסן זיך פון זייערע אַלטן קישן־אויגן...
אַ פּויזע אין שרייבן. קוקן די אַלטע לייט אויף די פאַרבלאַסטע ביל־
דער, וואָס זיי האַלטן אין אַריינקלעפּן אינם בוך מיט דער געהעריקער צו־
שריפט, כראָנאָלאָגישער אָרדנונג: געבוירן, געשטאָרבן, געבוירן, גע־
שטאָרבן, געבוירן... און... יאָר, חודש, יאָר, חודש... עלטער - זיידע און
עלטער־באָבע פון הערץ מייערן: קלמן מייער און זיין ווייב מינקעלע
באַצירן דעם אָנהויב פון בוך. קלמן מייער, דער קעמפער בא וואַטערלאָ,
מיט זיין קיילעכדיקער ווייסער באָרד, דריי - פערטל ראָק, — און לאַץ
בלישטשעט דער מעדאַל פון האַנאָווערשן מלך, — שמייכלט שעלמיש:—
הי, הי, הי, דאָס אָפּגעוואַיוועט אַ לעבן... געווען אין פּאַריז, צוויי און

צוואַנציק וואָכן.... שוין דערציילט: הי, הי, הי, גיי איך מיר אַזוי נישט ווייט פון פּאַלע ראַיאָל, און יינג בין איך געווען, און אַ מענטש איז דאָך אַ מענטש... זע איך אַזאַ גריזעטל. אָ, די פּאַריזערקעס, באַטעמט ווי שבתדיקער קוגל... אָבער די דריבניטשקע באָבעשי, ס'ווייב מינקעלע, האָט אַף אים נישט פאַריבל, אדרבא, זאָל ער דערציילן, זי ווייסט ר'איז געווען אַ שאָלטיק, אַז ר'איז געווען יינג... ווינקט זי צו איר אַלטן מיט די פינקעל־דיקע אויגעלעך פון אונטערן ווייסן שפּיצן־הויבעלע, מיט אַזאַ זיס מינעלע: „אנו, קלמן, בלייב דאָ אַ ווײַלע מיט די אייניקלעך, וועל איך אַריינגיין זיי ברענגען שבת - אויבס...“ גייט זי אַ פלינקינקע, אַ זשוואָווע און אַלע אירע בכבודע געשנירעוועטע קליידער שאָרשען...

לודוויג שרייבט ווייטער:

„מיין טאַטע, היינט דער פינף און אכציקיעריקער, האָט אַנטיילגענו־„מען אין דער שלאַכט בא סעדאַן, פאַרוואונדעט געוואָרן אין אַן אָרעם. „פון אַ שלאַכט בא מעץ איז ער געגאַנגען כמעט זיבן און צוואַנציק יאָר אַ „הינקעדיקער. זיינע זיבן זין, צווישן זיי איך, לודוויג, האָבן אַלע אַנטייל־„גענומען אין דעם לעצטן וועלט - קריג. פינף פאַרוואונדעט, פאַרקריפּלט, „האָבן זיך אַלע פאַרדינט דאָס אייזערנע קרייץ. צוויי ליגן אין פראַנצוי־„זישער ערד, אין קברים מיט הילצערנע צלמים, אין סען קענטען און בא „ריימס. צוויי פון מיינע אייניקלעך, פרייוויליקע צוציקעס האָבן זיך גע־„מאָלדן זומער ניינצן אכצן און נאָך אוספּעיעט אומצוקומען פאַרן פאָטער־„לאַנד בא דער גרויסער גענעראַל - אַטאַקע פון די ענגלישע און צפון־אמע־„ריקאַנער טאַנקעס, בא דער סאָם. אַלע אונזערע אור - עלטערן, אונזער „משפחה, זיינען געווען בראַווע לייט. די ערשטע פלעגן זיי זיך מעלדן, „ווען דאָס פאָטערלאַנד איז געווען אין געפאַר. אַלע האָבן כשר און ער־„לעך פאַרדינט זייער ברויט. דער אור - אור - זיידע מייער מייער איז אין „די אַלט - פרייסישע צייטן געווען אַ געלערנטער, געלערנט רעליגיע בא „דער געמיינדע - שיל. קלמן מייער איז געווען אַ קצב, משדך געווען „זיך מיטן זייגערמאַכער גרינבערג. אַלע מייערס, אָנהויבנדיק פון אכצן־„אכצן, האָבן זיך פערפעקציאָנירט אין פערד־האַנדל, געהאַנדלט ערלעך,

„לויט די געבאָטן פון דער תורה און לויט די געזעצן פון געליבטן
„פאטערלאַנד..."
און צוגעשריבן מיט גרויסער גאָטישער שריפט:
—„און דאָס אייניקל קאַרל מייער, און סאָפי מייער, געהייראַט פראַנק,
„ווערן פאַרמער אין אַרגענטינע..."
נאָכוואָרט: — „דאָס דאָזיקע בוך גיבן מיר אייך איבער צום אייביקן
„אָנדענקען, לדור ־ דורות. מיר ווינטשן אייך, ליבע קינדער,
„אייניקלעך און אוראייניקלעך, צו אייער אונטערנעמען אין
„ווייטן לאַנד געזונט, גליק און צופרידענהייט. זאָל הערשן
„שלום צווישן אייער פאמיליע, ווי עס איז געווען אין גע־
„מיינזאַמען ירושה ־ הויז.
„זייט אויך געטריי דעם יידנטום, וועט אייך דער רבונו
„של עולם באַשיצן. פארגעסט נישט אין אייער יינג־פאַר־
„שטאָרבענער מוטער, באָבע און עלטער ־ באָבע, וועמען ס'איז
„געווען באַשערט דאָס גליק נישט צו דערלעבן די גרויסע חרפּה
„פון דערנידעריקונג, און די ביטערע מאָמענטן פון אָפּשיד
„פון זייערע נאָענטסטע און ליבסטע, וואָס לאָזן זיך מעבר־
„לים. אונז אלטע לייט איז זייער שווער, אָבער מיר וועלן
„נישט נאָכקלערן איבער דעם אויבערשטנס מעשים. זיי וועי־
„לן פון הימל אַף אייך אַכטונג געבן, און אייך באַשיצן פון
„אַלדאָס שלעכטס. גאָט זאָל אייך בענטשן און באַהיטן!
„שלום אין אייערע געצעלטן, האָט הצלחה אין אַלע אייערע
„טועכצן, שיקט גוטע ידיעות, כדי זיי זאָלן פאַרשענערן און
„פאַרזיסן דעם לעבנס ־ אָוונט מיינעם... גאָט, ס'איז שווער,
„אָבער איך זאָג: גם זו לטובה!"
די לעצטע שורות האָט צוגעשריבן מיט אַ ציטעריקער האַנטשריפט
דער עלטער־זיידע הערץ מייער, וואָס האָט מיט די אַלטע ציטעריקע הענט
איינגעבונדן דאָס בוך אין אַ שיינעם בלויען לייוונט ־ איינבאַנד: מיינע
אייניקלעך **לזכרון עולם**, מיט רשי ־ כתב אויסגעציקלט, אַ מתנה.

דאָס אור־אייניקל ראַלף, וואָס האָט געהאַט טאַלאַנט צום צייכענען, האָט געגעבן די דייטשע דערקלערונג צו די העברעאישע צוויי ווערטער, מיט אַ פיינער מאָנאָגראַפן־שריפט.

אַזוי האָט מען פאַרוויקלט דאָס משפחה־בוך אין אַ טלית, ווי עפּעס אַ הייליק ספר און די גאַנצע פאַמיליע מייער איז געווען גרייט אונטער־צונעמען די ווייטע נסיעה.

דער עלטער ־ זיידע האָט בשום ־ אופן נישט געוואָלט רעזיגנירן פון זיין עקשנותדיקן באַשלוס מיטצוקומען. איז געבליבן, אַז צומאָרגנס, נאָך אַלעמענס אָפּפאָרן, זאָל ער אין באַגלייטונג פון זיינס אַ זון פון וועסטער־קאַפּל, וואָס האָט נאָך נישט געהאַט אַלע פּאַפּירן, נעמען דעם שנעלצוג קיין האַמבורג.

***

מיטן שפּעטן נאַכט ־ צוג האָבן זיך די מייערס און זייער איידעם רודי פראַנק, ארויסגעשלייכט פון זייער געבוירנאָרט באַטענבערג. לייכטע פּאַסאַזשירן: דאָס געפּעק, די גרויסע קאַסטענעס האָט מען מיט עטלעכע טעג פריער אָפּגעשיקט מיט אַ לאַסט - אויטאָ קיין ברעמען.

דער עלטער ־ זיידע איז געבליבן דער לעצטער. ער האָט זיך צו גע־זעגענען און איבערצונעכטיקן די לעצטע נאַכט אין זיין ירושה ־ שטוב, וואָס איז שוין געווען אַן אויסגעליידיקטע, ווי אַ גוף אָן אינגעווייד, בלויז אַן אַלטע שלאָפבאַנק איז נאָך געבליבן.

מאָרגן פרי נעמט די שטוב צו דער נייער באַלעבאָס, דער נאַצי־שעף פון קרייז.

הערץ מייער האָט נאָכגעקוקט מיט אַ שטאַרן בליק דעם אָפּפאָרנדיקן באַן, נישט געהערט די „לעב־וואָלס“ פון די טייערע און נאָענטסטע, נישט געזען די פאָכנדיקע טיכלעך, — סיי ווי סיי האָט דאָס געזעגענען זיך, צוליב די אומשטענדן, געמוזט זיין זייער באַשיידן, — אַז די אַלטע אויגן זיינען געווען פאַרנעפּלט, די אויערן פאַרשטעלט; בלויז דער אַלטער מוח האָט זיך געהויבן ממש פון דעם געוויין און גרילצנדיקן פייפן פון דעם גלאָטן, צוגעפּלעטשטן לאָקאָמאָטיוו דורך דער נאַכט...

דאָס קאָפּעלע צייט, ביז דער סאַמי, דער זון זיינער פון וועסטערקאָפּל, וועט אָנקומען, וועט ער זיך נאָך שלעפּן מיטן מידן גוף איבער די גאַסן פון דעם שלאָפנדיקן שטעטל.

געגאַנגען ווי אַ שיכורער. נאָר איין איינציקע מחשבה האָט געהאַ־מערט זיין מוח: פאַרלאָזן באַטענבערג, הייסט לאָזן אויף הפקר דאָס קבר פון גידעלכע, זיין שטילע טויב, וועמענס שטימע ער האָט תמיד פאַרנומען די לעצטע צייטן, זי האָט דאָך אים גערופן, ער זאָל קומען לייגן זיינע אויסגעמאַרכטע ביינער לעבן איר, זיין האַרצנסגעליבטע...

האָבן זיינע ליפּן געשעפּטשעט: — גידעלכע, זיי מוחל, מיין אַלט געביין וועט אפשר נישט קענען רוען דאָ לעבן דיר. בייזע כלבים צעררייסן אונז, איך מוז צוליב טוען זיי, יענע ליבע וואַנדרער, און, זיי מוחל, ס'ווילט זיך זיין די לעצטע טעג צווישן יידישע מענטשן. אין האַמבורגער יידישן אַזיל, וואו מ'סאָן דאַווענען בציבור... איך וועל דיר שענקען אַ סך קדישים... גידעלכע, זיי נישט בייז... הלמאַי, נאַטאַן ליגט אַזוי אַליין אין פרעמדער ערד, אונטער אַ באַשנייטן הילצערנעם צלם באַ סען קענטען... פאַרטאָגס פאָר איך אָפּ... אויבן אין הימל, וועלן מיר אונז זען... און אויב ס'וועט זיין אַזוי גאָטס ווילן, וועלן מיינע אַלטע פיס מיך צוריקפירן אין די לעצטע טעג קיין באַטענבערג צו לייגן מיין געביין לעבן דיר, שטילע זיידענע גידעלכע...

דער אַלטער מאַן וואָלט זיך צעוואויעט הויך אויפן קול איבער די גאַסן פון באַטענבערג, ווי אַ היימלאָזער הונט קעגן דער געלער לבנה, געיאָמערט ווי אַן אויסגעהונגערטער וואָלף אין אַ שנייאיקן מדבר. אָבער ס'וואָלט געווען אַן אומזיסט באַקלאָגן זיך. וואָלט ער עס אפילו געוואַגט, וואָלט זיין וואָיען געוואָרן איבערגעשריגן דורך אַ מחנה צווייפיסיקע מיט פיר־קאַנטיקע קעפּ, שטירמער, וועמען ס'איז, סוף כל סוף, אין דער דאָזיקער נאַכט געלונגען צו אַנטדעקן דאָס באַהעלטעניש פון גרייז־גרויען פירער פון דער באַטענבערגער סאָציאַל - דעמאָקראַטישער אָרטס - גרופּע. און אַז געכאַפּט דעם „הונטס אָחור“, האָבן די דויב - חיות אים געפירט מיט יובל - געשרייען, מיט ברענענדיקע פאַקעלן, אַ צוגעבונדענעם צו אַ מיסט־

טאטשקע; האָבן זיי געריטשעט ביז הייזעריק־ווערן, געריטשעט ווי משוגע־נע גאַווערדיקע הינט: — סאָצי ־ יודענקנעכט! פאַ־אַ־אַ־רעעטער! איצט האָבן מיר דיך! אָפּגעשטעלט באַ אַלע ראָגן, געריטשעט, געלויפֿטן אין דעם ליידנדיקן פּנים אריין, געריטשעט און באַשפּיגן, געריטשעט און אין אַ שוואַך־באַלויכטענעם פּונקט געמיינזאַם אַף אים משתין געווען...

דאַ האָט זיך דער אַלטער ייד אינסטינקטיוו באַהאַלטן אין אַ פּאַרטי־פונג פון אַ מויער, ווי עפּעס אַ דערשראָקן פאַרפאָלגט העזעלע, און דאָרטן אין זיך געברומט מיט אַ מעבר ־ יבוק־ניגעלע: גידעלכע, גידעלכע, מיין וועג איז נענטער צו דיר...

העלגער, וואָס פלעגט פאַרטאָגס אריינקומען מיט זיינע קאַנען מילך אין שטעטל, האָט דעם אַלטן פאַרחלשטן אַמאָליקן פריינט געוואָלט אָפּפי־רן אהיים, — געוואָלט איינשטעלן זיין לעבן, — אַזוי האָט עס אים פאַר־קלעמט באַם הארצן, — אָבער ס'איז געווען איבעריק: דער אַלטער הערץ האָט באַקומען אַ האַרצשלאַג, און דער אָקאָרשט ־ אָנגעקומענער סאַמי מייער פון וועסטערקאַפּל, האָט געהאַט אַף זיך צו באַזאָרגן די לויה; נישט אַזוי לייכט האָט מען באַ די איצטיקע אומשטענדן געקאָנט באַקומען די פּאָר מעטער ברעטער פאַר אַ ווערטלאָזן „יודענגוף“...

טאָקע צוליב די זעלבע אומשטענדן האָט מען געמוזט מותר זיין אַפן גאַנצן „צערעמאָניאַל“.

אַז מ'האָט אָפּגעדעקט צום לעצטן מאָל דאָס פּנים פון מת, האָט עס אויסגעזען, אדרבא, שמייכלדיק, מנוחהדיק: גידעלכע וועט שוין נישט זיין פאַראיינזאַמט אין איר קבר... הי, הי, הי, אויסגעפירט זיינס...

# דאָס דינע געוויין

(געווידמעט דעם ליכטיקן אנדענק פון ריווע גרוזמאַן)

דאָס פאַרשטיקטע געוויין פון דעם מענטשן אף א פרעמדן געלעגער אין א דאָרפיש שטעטל צווישן די אידישע קאָלאָניעס אין ענטרע ריאָס האָט קיינער נישט געהערט.

ווען וואָלט עס איבערהויפט געקאָנט איינפאַלן, אַז אַדאָלף מאַקאַראָווסקי, דער הויפט - אַרטיסט פון דער טרופע, וואָס האָט זיך אַרויסגעלאָזט אף דער פראָווינץ, זאָל זיך, פּלוצים, מיר נישט—דיר נישט, גאָר וועלן צעוויינען ווי א קליין קינד? דער דאָזיקער נאָך אויסן לוסטיקער אַדאָלף, וואָס האָט היינט אַזוי אונטערגעהאַלטן דאָס פּובליקום מיט זיינע געזאַנגעלעך, מיט זיינע אַקראָבאַטישע טענצלעך, זאָל גאָר אפן געלעגער וועלן פאַרגיסן טרערן?

און אפשר איז עס געווען אוים מידקייט, דערשעפּטקייט, ווייל דער דאָזיקער קרענקלעכער אַרטיסט האָט היינט זיך אַזוי אַדורכגעטרייסלט א צוויי צענדליק קילאָמעטער אף א צעפּאָרענעם קאַמיאָן, געזעסן אין דער דושנעקייט לעבן אָנגעגליטן מאָטאָר, און דער חלשותדיקער נאַפט - גערוך האָט אים, דעם אַסטמאַטיקער, פאַרטשאַדעט, פאַרשאַט; אָדער מחמת איבערשפּאַנונג און פאַרדרוס, וואָס ערשט היינט, נאָך אכט טעג זיצן צוזאַמענגעקוועטשטע, ווי הערינג אין א פעסל, און זיך נודיען אין דער אַכסניא פון שטעטל פּ. זאַלבעאַכט אין א צימער, אויפעסן דעם לעצטן סענט, זיך גריזשען, אַריינזאָגן, פאָרוואַרפן, נאָכוואָס מען איז גאָר אַרויסגעפאָרן, אַז פון הימל האָט געהאַלטן אין איין נעצן, — — האָט מען ערשט היינט געקאָנט צו מזל שפּילן; היינט האָט די קאַסע אַריינגעבראַכט גאַנצע צוויי הונדערט פּעזוינצעס, פאַר די עלף מיטגלידער פון דער חברים־טרופּע, און

אַז מען וועט ערשט אַראָפּרעכענען די הוצאות, וואָס וועט דאַן בלייבן?

מילא, דאָס אַלץ וואָלט נאָך געווען צו דערליידן, ווען ער, אַדאָלף, וואָלט געהאַט די מעגלעכקייט אַ מינוט צו זיין אליין, אַ מענטש קאָן דאָך נישט זיין תמיד אין אַ טומלדיקער חברותא, בפרט אַזאַ איבערגעלאָדענער, יסורימפולער מענטש ווי מאַקאַראָווסקי, וואָס האָט אַ באַדערפעניש זיך אַראָפּצורײדן פון האַרצן, צו באַפרייען די באַליידיקטע און באַשפּיגענע נשמה מיט אַ רעדע פאַרן שפּיגל...

קיינער האָט עס נישט געוואוסט, אַז דער אַקטיאָר אַדאָלף מאַקאַראָוו־סקי האָט אַ טבע צו ריידן צו זיך, אַז אין אים אינעווייניק בורטשעט שוין טעג־לאַנג אַזאַ מין פּראָטעסט - רעדע צו זיך אַליין: — העי דו, אַדאָלף, דו דורכגעפאַלענער, שלימזלדיקער פויגל, דו גאָרנישט מיט נישט, זע, צו וועל־כער מדרגה דו ביזט געזונקען!... דו האָסט געשפּילט אין פּעטערבורגער קייזערלעכן טעאַטער טשעכאָוון, אַנדרעיעוון, שעקספּירן... אין קיעווער מלוכה־טעאַטער ביזטו געווען געהילפס־רעזשיסער... ביי די ווילנער האָסטו געהאַט די ראָלע „יאנקל בוילע“... און איצט פאָרסטו איבער דער פּראָווינץ, שלעפּסט מיט זיך אַ פּאַק בערד, חסידישע קאַפּאָטעס און שפּילסט גאַליצי־שע רבעלעך, זאָגסט וויצעלעך פּעטינקעס, לאַטעוועסט אַמעריקאַנער פּיעסע־לעך... אַ קלאָג צו דיין פּנים!...

מוז מען אָבער האַלטן שטאַט, נישט אַרויסווייזן די געפילן. שיין וואָלט ער אויסגעזען מען זאָל אָנזען ביי אים דעם מינדסטן סימן פון צעקראָכנ־קייט, די „חברים“ וואָלטן דאָך אים דערטרינקען אין קיבעץ. אָ, חוזק קאָן ער נישט פאַרטראָגן, שפּאָט פאַרוואונדעט זיין נשמה...

דאָ, אין דעם שטעטל־דערפל האָבן זיי זיך קוים איינגעבעטן ביי אַ אידל מיט אַ פעט פּנימל און אַ קליין קליאָטשעוואַטע בערדל, מ'זאָל זיי לאָ־זן איבערנעכטיקן; דער איד האָט זיך געשובט אהין, געשובט אהער, און ס'איז געבליבן: „מ'עט זיך שוין אַן עצה טאָן, אָבער ס'דאַרף קאָסטן פיר פּעזעס אַ פּאַרשוין, מיט עסן... ס'וועט זיין אביסל ענגלעך. נו, מילא, ס'איז דאָך נאָר איינמאָל...

ליגן זיי זאַלבע אכט אַלע אַקטיאָרן אין איין צימער — די דריי אַק־

טריסעס האָבן מיטגענומען מיט זיך צוויי באַגייסטערטע טעאַטער - ליב־האָבערנס, פּאָרט, מ'קאָן דאָך נישט הייסן פּרוּוען לייגן אַפן פּאָל, — פינף האָט מען אויסגעבעט אַפן פּאָל, דריי אַף לייוונטענע בעטלעך, און מ'שנאָרכט.

דער הויפּט־אַקטיאָר וואַכט, אַלע זיינע חושים זיינען אָנגעשטרענגט, וואַכעדיק... אין צווייטן צימער שושקעט זיך דער איד מיטן ווייב: מאַקאַ־ראָווסקי הערט דייטלעך יעדעס וואָרט: אַ ווענטל פון ברעטלעך: — פּאָפּן, ווי געהרגעט... אַקטיאָרן... אַ מיני שלעפּערס... ס'טרעפט אַמאָל אויך, זיי צאָלן נישט... זיי האָבן דאָך נעכטן געהאַט אַן אָפּשיטעניש מיט געלט... פון־דעסטוועגן שלעפּערס.

אין אַדאָלפן זידט דער כעס: מ'באַליידיקט זיין שטאַנד, זיין פּראָפע־קיע... אַ קרענק זיי אין די ביינער!...

פאַרשטשעמעט די ליפּן, ווייל דאָס געוויין און אָן אַ שיעור רייד רייסן זיך נאָך אויסן..

אין אַזאַ שלאָפלאָזער נאַכט, אַז ער איז אין בוענאָס איירעס אין זיין בחורישן צימערל, גיט ער אַ קוועטש דאָס קנעפּל פון עלעקטרישן סטעליע־לעמפּעלע, אַראָפּ פון בעטל, שפּאַנען אויף און אָפּ, זיך שטעלן קעגנאיבער דעם שפּיגל פון דער קליידער־שאַפע, זיך פּאַטשן אין די באַקן, זיך זידלען און שנידלען: — אַדאָלפל, אַדאָלפל, ווי דו ביזט געזונקען!.. ווער דאַרף דיך, ווער ברויך דיך? צום נייעם סעזאָן וויל מען דיך אפילו אין קיין טרופּע נישט אריינעמען... ווייל דו ביזט אַ בייזער, ווי אַ הונט אַף אַ קייט ביזטו... זי איז אין פּאַריז... זי איז יינג... און ווי זעסטו אויס? אַ פּנים מיט פאַלדן, אַ צעקראָכענער גוף... אַז מ'האָט אַזאַ ווייב, אַ פרישׁ ווייב פון קיילעכדיקע פאָרמען, מוז מען אַליין זיין אָ מאַנספּאַרשוין, צו אַלדי שוואַר־צע יאָר! נישט קיין חורבה... נישט קיין צעבראָכענער שאַרבן...

און דאָ אין דעם חושכדיקן „לאָך“, וואו די זיבן פון זיינע חברים שנאָרכען אַזוי געשמאַק,—דער אַלטער פּיליצער, דער פון די „טאַטע-ראָלן“, פּירט אָן דעם נאָז־קאָנצערט, — קאָן מען דאָך אַפילו קיין רעכטן שפּאַן נישט טאָן, מוז מען דאָך די הימלשרייענדיקע טענות דערשטיקן אין זיך.

— — — — — — — — — — — —

אַלע ווייסן, אַז אין בוענאָס איירעס האָט אַדאָלף מאַקאַראָווסקי בוכ־שטעבלעך קיינעם נישט, צו וועמען ער זאָל קענען אויסריידן אַ וואָרט. מיט אַלעמען צעקריגט. אַז מ'האָט אַ נאַטור אַלעמען אַריינצוזאָגן, בפרט די פון זיין אייגן פאַך אָנצורופן: „דרענגער, פלאָקענעס, קאַליקעס..." מיט אַזעלכע דרכים קען מען זיך נישט פאַרשאַפן קיין גוטע פריינט...

אַמאָל באַגעגנט אים טעוול האָזער, אַן אַלטער שרייבער, וועמעס פען־פּראָדוקציע האָט קיין שום אָפּגאַנג, האָט ער דעריבער נישט וואָס צו קייען, און אַפילו פון דער דירה וואַרפט מען, מאַכט ער אַדאָלפן אַזאַ מין פאָר־שלאָג: — דו ביזט דאָך סיי־ווי־סיי אַליין, איז דאָך דיר סקוטשנע, טאָ דערלויב מיר אַריינצושטעלן צו דיר מיין קאַטרע און ס'ביסל שמאַטעס מיינע, — כ'האָב נישט קיין סך, — איך 'בין דאָך כמעט אַ גאַסיקער... טאָ דערלויב . . .

דער אַרטיסט האָט אויפגענומען האָזערן אַלס שותף צו זיין צימערל בתנאי, ער זאָל אים נישט דערציילן פון זיינע פאַרגאַנגענע טריאומפן, אים נישט פאָרלייענען קיין ווערק, ווייל אויב טריאומפאַלע פאַרגאַנגענהייט, קאָן ער אים דערלאַנגען גאַנצע בערג פון די מאכלים: ער האָט אַזאַ־אָ־בוך פון צייטונגס ־ אויסשניטן, רעצענזיעס, בילדער פון זיינע באַרימטע ראָלן, אַז ער קאָן אים פּשוט פריטשמעליענען, און בכלל האָט ער פיינט אויסצו־גראָבן ס'פאַרגאַנגענע: מ'צאָלט נישט דערפאַר קיין צעבראָכענעם סענט. — כ'האָב פיינט אויסצוהערן די מעשות פון אַזאַ ענלעכן דורכגעפאַלענעם שלימזל ווי איך... ברענג, טעוול, דיין וואַנציקע קאַטרע, נאָר שווייגן זאָל־סטו, פאַרשטאַנען?

טעוול האָזערס מאָגער פויגעליש געזיכטל, איז אין מינדעסטן נישט גע־וואָרן נתפעל פון זיין פריינטס האַרבע דיבורים. וואָס? ער קען אים דען נישט? נישט איין דערדל מיט אים געשפּילט, נישט איין שוואַרצע קאַווע זיך געלאָזט פרייהאַלטן פון אים... האַלט קיין וואָרט, פאַרדולט דעם קראַנ־קן הוסטנדיקן שטוב ־ חבר מיט זשמעניעס רייד, מיט פאָרלייענען ביגוואַלט זיינע נישט־געדרוקטע זאַכן, אַפילו דראַמעס: — עך, ווען דו וואָלסט געווען אַ לייט, נישט קיין אַזאַ אָפּגעריסענער שלעפּער, וואָלסטו

געקענט אויפפירן מיינע דראַמעס, און דו וואָלסט נישט חרטה געהאַט...

וואָלט שוין לאַנג ביי אים געפלויגן, דענערווירט אים געננוג. אָבער ער הויזט פּאַרט אַ היפּשע פּאָר חדשים מיט האָזערן, ווייל דער אנטווישטער שרייבער ברענגט אים צו רכילותלעך, רופט אַלעמען אָן גאָרנישטן, גראַפאָ־מאַנען, זעט נאָר אַ פאַרפוילטע, אַ פארשימלטע סביבה, וואָס דאָס אַלץ איז זייער אין גוסט פון מאַקאַראָווסקים שטימונג... נאָר, ערשט דאַן, ווען דער איינגעבעטענער בהנמדיקער לאָקאַטאָר, הויבט אָן צו חוזקן פון דעם אַר־טיסטס שפּיגל־רעדעס, מוז ער: יאָ רחמנות, נישט רחמנות, איבערטראָגן זיין קאַטרע אַנדערשוואו...

האָט מאַקאַראָווסקי ווידער אַ פּריי צימערל, פאַר זיך אַליין, קאָן שפּאַ־נען און האַלטן שפּיגל - רעדעס וויפל ס'גלוסט זיך אים נאָר...

גוט זיך אַרומגעקריגט אין גאַס, מיט וועמען ס'האָט זיך נאָר געלאָזט: אַ נייער פּאַרדרוס, ער וועט קענען שפּילן אין טעאַטער, נאָר אונטער דער דירעקציע און רעזשי פון דיקערמאַנען... ברויזט עס אין אים ווי אין אַ פּיי־ערשפּייענדן וואולקאַן. ארויפגעפלויגן גיך די לייטערל־טרעפּלעך פון זיין נאָרע, ליכטיק געמאַכט, אָנגעצונדן דעם פּרימוס, אויפגעבריט אַ טאָפּ עקאַ־ליפּטוס - בלעטער, אַז דער ריח צעגייט זיך שאַרף איבערן גאַנצן צימערל, לינדערט דעם שוועראָטעמדיקן, איז לייכטער צו טענהן: — דיקערמאַן, דער טענצלדיקער אקטיאָרשטשיק וועט ד י ך רעזשיסירן... אַ קלאָג צו דיין פּאַסקודנעם פּנים! אַ שפּיי אין פּנים ביזטו ווערט!... (שפּייט אין שפּיגל). דאָס איז דערפאַר, ווייל דו האָסט זיי נישט געזאָגט דעם גאַנצן אמת, אַז ערשטנס, קען ער נישט קיין עברי; צווייטנס, ווייסט ער גאָרנישט, וואָס איז אַזוינס טעאַטער, און דריטנס, היקעט ער, אַ היקעוואַטער פאַרשוין און וויל רעזשיסירן... איי, אַדאָלפל, גרויסער קינסטלער פון קיעווער מלוכה־טעאַטער, ארטיסט פון דער ווילנער טרופּע, מיט דיר וויל דיקערמאַן קאָ־מאַנדעווען?!!! וויל דיך דרייען ווי אַ ליאַלקע, רעכטס, לינקס, שטיי דאָ, שטיי דאָרטן... אַ קלאָג צו דיין פּנים!...

בעסער שוין אָפּפאָרן אין דער פּראָווינץ, וועט כאָטש נישט דאַרפן אָנ־

קוקן אף אַ צייט דאָס ווילדע, אומפאַרשעמטע פּרצוף פון דיקערמאַנען, זיין דעזשיסער...

אפן געלעגער ביים אידן מיטן קליאַטשעוואַטן בערדל דערשטיקט אין זיך דער הויפּט־אַרטיסט פון דער „פּראָווינץ־טורנעע“ די אַלע תרעומותן:— דיקערמאַן וועט דאָס אָנקווען, פּאַטשן זיך אין די הענטעלעך... אַדאָלפל, היינט ביזטו געפאָרן מיט דער גאַנצער טרופּיאַרניע אפן האָצקעדיקן קאַמיאָן ווי אַ באַלאַגאַן.,. מ'האָט דיך געפירט, ווי ציגיינערס פירן אַ בער אָף דער קייט, וואָס וועט ווייזן היינט ביינאַכט קונצן... האָט מען געטיילט די פּראָפּאַגאַנדע - פּאַפּירלעך: אַדאָלף מאַקאַראָווסקי, דער וועלט־באַרימטער אַרטיסט שפּילט די הויפּט־ראָלע!!! מ'האָט אדורכגעקרייצט די קאָלאָניעס מיטן „בער“, זאָל מען אים אָנקוקן: דאָס איז ער, דער קאָמעדיאַנטשיק... „אויב ס'עט זיין פריילעך, עט מען קו־מען...“ אַ טענצל, אַ לידל, אָט־דאָס האָט מען ליב.. עט מען קומען“.. אָ, דער דיקערמאַן, וועט דאָס לאָפּניען פון געלעכטער, ווען מ'וועט אים צוטראָגן, ווי דער וועלטבאַרימטער אקטיאָר איז אַליין, בכבודו ובעצמו געשטאַנען ביי דער קאַסע, און געקוקט מיט אַלע אויגאַנעס, אז ס'זאָלן זיך נישט אריינכאַפּן פאַרשווינען בגפו... דערנאָך, אַדאָלפל, ביזטו געקראָכן אין אַ לאָך מיט שפּינוועבעכץ, האָסט דיך גרימירט, ארויסגעקראָכן אף דער בינע, און דיר הייזעריק געשריגן, ווייל דער סאַלאָן האָט קיין אָפּקלאַנג... און גע־שפּילט האָסטו, אַ קלאָג צו דיין פּנים... זיי, די חמורים, האָבן געקוואָלן פון דיין „קונץ“. זי, זינקע, וואו ליגט זי ערגעץ צו אַלדע שוואַר־צע יאָר? נאָך אַלעמען, וואָס דאַרף זי מיך? אז מ'האָט אַ פריש שמע־קעדיק לייב, גרויסע שיינע אויגן... גלאַנציקע שוואַרצע האָר,.. זינקע! ז־י־י־נ־ק־ע־!...

עס איז קאַלט אף דער קאַטרע. אין די ביינער ליגט אַן אומגעהויע־רע מידקייט, אַן אויסגעהוילטע, אַן אָפּגעלעבטע, קאָפּ באַזונדער, גוף באַ־זונדער, גאָרנישט דאָ קיין גוף: אַ בינטל ביינער, טאַפּ און צייל אָפּ די ריפּן...

היינט זיינען זיי געווען צופרידן: געמאַכט פריילעך, געטאַנצט און גע־זונגען ניבול־פּה... מ'האָט געשריגן: „בים! בים! בים!“ — אָבער פון איין

אקט צום אַנדערן האָט ס׳העמד געקלעפּט צום לייב, אויסצודרינגען, פּליטש - נאַס . . . פון אַלע זייטן האָט געבלאָזן... צו אַלדי שוואַרצע יאָר! הינטער דער בינע געעפנט אַ צעבראָכענע טיר, דירעקט אין פעלד אַריין... אין טיר־שפּאַלט האָבן זיך געשטופּט פּנימער מיט בלישטשענדיקע אויגן: בחנמדיקע צוקוקערס... אַ צונג־לופט איז אַ טויט פאַר זיין איבערגעברענטן גוף... עך, איז דאָס בעטל האַרט, קוועטשט דאָס בינטל ביינער, אין קאָפּ איז אַ באַזונדערע זאַך... פון די אויגן גיסן זיך טרערן...

מער קאָן מען דאָ נישט ווי לאָזן פליסן די טרערן, וואָס רינען אױף דעם מיט וואזעלין - באַשמירטן פּנים און בריען די פאַלדן פון קנייטשן... אָן קול איז ס׳געווען אַ דינס, ווי אַ געפּישטש פון אַ מייזל... און דאָ איז די לופט אין צימער אַזאַ געדיכטע, צום טייוול, וואָס האָט דער איד אַזוי פאַרהאַקט טיר און טויער? מ׳קאָן דאָך דאָ דערשטיקט ווערן!...

ער דרימלט אַ ווײַלע איין, און קאָשמאַרן: פּאָגראָמען, בירגער-קריג אין אויפגעברויזטן רוסלאַנד... ער ראַטעוועט זיך עטלעכע מאָל פון אומקום... שפּילט אין קיעווער מלוכה - טעאַטער „אָטעלאָ“... נעמט אים דעסדעמאָנאַ גאָר ווארגן... טייוול, פאַרקערט! איך דאַרף דיך דערווארגן, דו אומגעטרייע פרוי... דו, זינקע!... איז אין קיעוו מיט דער יינגער זאַפּטיקער זינגערין, וואָס טראָגט צוויי לאַנגע צעפּ, און בשעת די צווישן־אַקטן הענגט זי אים אָפן האַלז... און פּלוצים איז ער ווידער אין סאַלאָן אָן אַקוסטיק פון שטעטל־דערפל . . . און דעסדעמאָנאַ הערט אים נישט, ווייל ס׳קול זיינס ווערט פאַרשלינגען פון דער בלעכענער סטעליע... און די צונג קריכט כמעט אַרויס פון מויל ווי ביי אַ געהאַנגענעם... אוים!... דעסדעמאָנאַ, זינקע, וו־אַ־אָ־ס ט־ו־ס־ט־ו ? . . .

* * *

זיך דערקליבן צו דער טיר, געריבן שוועבעלעך, פּייכטע האָבן זיי זיך נישט געוואָלט אָנצינדן, שיעור נישט אויסגעשריגן פאַר ווייטיק, ווען אַ שוועבעלע־קעפּל האָט אָפּגעבריט אַ נאַקעטן פוס. אַראָפּגענומען דעם הילצערנעם פּרענט, און אַרוים אין קאָרידאָר... אַ! אַ־אַ־אַ! פרישע לופט!

די דרייפערטל לבנה האָט זיך געריסן וואָס ווייטער פון האָריזאָנט,

כדי צו קענען באַגיסן די ברייטע פעלדער ארום און ארום מיט קילער פאַר־טאָגס־ליכט; זשאַבעס קוואַקען אין די אַלע וואַסערן און קאַלוזשעסלעך, און ס'טוט זיי באַנג וואָס זי, די לבנה, האָט קיין רעגן־רינג: וועט נישט זיין קיין וועלט פאַר זייער געזאַנג...

שטייט מאַקאַראָווקקי אין די פּיזשאַמע - הויזן, דאָס קילבלעכע ווינטל קילט די דאַרע פּיס ־ שטעקענעס, קילט דאָס האַרטע ברוסט־ברעטל, האַלט אָפן דאָס מויל און שלינגט לופט ווי א פיש אף דער טרוקעניש, שלינגט און דעכעט, שלינגט און דעכעט... אַ־אַ־אַ־אַ! א־א־א־א! דערוויי געראַטעוועט . . .

דער דרייפערטל־לבנה ציט עס אומאויפהערלעך צום זעניט, און זי זיל־בערט די וועגן די אומענדלעכע... יענץ ווייסע שנירל פירט קיין וויזשאַגוואַי דער זאַמדיקער, דאָס צווייטע שנירל קיין קלאַרא. מאָרגן וועלן זיי דאָרטן געבן טעאַטער... יענע בלישטשענדיקע ליכטלעך זיינען דאַמינגעזער, — א מאָל, פאַר א יאָר צען צוריק, דאָרטן געשפּילט, און מ'האָט ממש געטראָגן אף די הענט... און דוקא שלום עליכמס „צעזייט און צעשפּרייט“... עך, יו־גנט, דו יוגנט!!!

אזא לבנה ־ נאַכט דערמאַנט אַנדערע אומצאָליקע לבנה ־ נעכט . . . עך, יוגנט, דו יוגנט!!!

מיידלעך, שוואַרץ ־ קרויזיקער קאָפּ האָר, בריענדיקע אויגן, „שוואַרצער ציגיינער“ האָבן זיי אים גערופן . . . שפּאַצירן אין וועלדער, אַן אונטערשייד וואו, אין וועלכן לאַנד? אין אוקריינע, אין וואָלין, ביי דער ווייסל, אין... און מיידלעך, און ליבע, און געזאַנג, און ווער איז דאָס אזוי ברויזענד? ווער איז דער ליבלינג פון אַלעמען? דער „שוואַרצער ציגיינער“, זינגט דאָס פון „טאָסקאַ“: „און די שטערן האָבן געפינקלט...“, עך, יוגנט, דו מיין יוגנט... עפּעס א פּריץ האָט אָנגעקוואָלן פון דעם לירישן טענאָר... און פּעטערבורג: די ווייטע, לויכטנדיקע קאַריערע פון א זינגער, פון א באַרימטן גרויסן שוי־שפּילער... בינעס, טעאַטערס, אַרויפן, אַרויפן, אַרויפן, און זינקען, די אכצן־יאָריקע מיט טויזנט חנען, זינקען די אַלעמען־באַגייסטערנדיקע יוגנטלעכע שוישפּילערן, זינקען מיט די שוואַרצע צעפּ, מיט די גרויסע אויגן, מיט די

ליידנשאַפטלעכע ראָנדן אַרום די-אָ אויגן, מיט די אַלאַבאַסטער - ווייסע אָרימס, וואָס נעמען אַרום מיט אַזאַ הייסער ליבשאַפט דעם שוואַרצן ציי־ גײנער, דעם דערפֿאָלגרייכן מאַנספֿאַרשוין, וואָס האָט געהאַט כּוח זי אַזוי פֿעסט צו דריקן צו זיך, אַז די ביינדעלעך האָבן אַזש געטרעשטשעט... עך, האָט זי ליב געהאַט... עך, יוגנט! יוגנט!...

—אַלץ אין דער וועלט, טײערינקער, נאָר קיין קינד נישט... קינדער
—האָבן דעפֿאָרמירט דעם קערפּער.
—אַקטיאָרן - בלוט, אומרואיק בלוט, בייז - קאַפּריזנע בלוט, וואַנדער - בלוט... היינט דאָ, מאָרגן דאָרט... צייט בליאַקע־ וועט אָפּ דעם רום.. צײַט מאַכט אַלט... נעכטן אַ שטאָלצער, גלייכער, שטאַלטנער מאַנספֿאַרשוין, היינט אַ געבוקטער, אַ געבראָכענער, מיט אַן אַראָפּהענגנדיקער לויזער געמבע.. היינט טראָגט מען דיך אויף די הענט, מען גייט אויס נאָך דיין וואָרט. טעאַטער-דירעקטאָרן רייסן זיך איבער דיר, צייַ־ טונגען ברענגען דיין בילד, שרייבן די אויסגעזוכטסטע ליוב - ווערטער... מען באָדט זיך אין באַרימטקייט, אין עשירות... און מאָרגן: שאַ שטיל, קיין שאָרך אַרום דיר... דו ביזט אַ געפֿאַלענער, האָסט קיין כּוח דיך אויפצוהויי־ בן... און אַז דו ציסט נישט מער די קאַסע, ביזטו פֿאַר זינקען אויך נישט מער קיין אַטראַקציע... יאָ, יאָ, אָפּגעשפּילט, ברודערל... לבנה - נעכט, ליכ־ טיקע נעכט, שלעפּט זיך אַוודאי אַרום מיט דעם געלן קוטשעראַוון יאָלד אין יאָהאַניסבורג, אָדער אין טשיקאַגע, אָדער דער שוואַרציאָר ווייסט וואו... גאַסטראָלירן און נואפֿן, דער געלער כּלב מיט מיין זינקען...

מאַמע! סאַרע מנוחה ליגט אויסגעגאָסן אויף די באַזילבערטע וועגן!...
ניין, נישט אַריינגיין דערינען אין דער דושנעקייט, צו די שנאָרכערס... אָרעמע חברים! נישט פֿאַרדינט דעם גאַנצן סעזאָן גאָרנישט... אין דער הויפּטשטאָט פֿאַמיליעס, וואָס לעבן אין דחקות... דעריבער קריגט מען זיך אַ גאַנצן טאָג אַרום, ווייל מען האָט געלייגט אַזעלכע גרויסע האָפֿענונגען אויף דער דאָזיקער פּראָווינץ - טורנע... יאַדעט מען זיך, גריזשעט מען זיך... און מ'שלאָפֿט איין מיט אַ שווערן דערדריקנדיקן שלאָף, וואָס לייגט זיך

אף דער ברוסט ווי א טויזנטפודיקע משא... בעסער אזוי בלייבן אינדרויסן ביז פארטאגס, אזוי זיצן אף דער באנק אין קארידאר און קוקן אף די ווייסע ווענט...

היינט איז דער קאמיאן מיט דעם גאנצער טרופיארניע פארבייגעפארן פאר א קליין נאקעט קאלאניסטיש הייליק ארט, גראד אין דעם מאמענט, ווען ער האט זיך געפילט באזונדערס שלעכט, און דאס נאקעטע, בוימלאזע ביתעולמל האט געוואונקען, געמאניעט מיט אלע זיינע ציגארנפארמיקע, פלאטשיקע, מאטע און גלאנציקע מצבהלעך... מ׳ז זיין נישט ווייט פונדאנען... שטייט אף א בערגל... אפשר איז דאס, וואס בלישטשעט אזוי דארטן? נ׳אוודאי: דער מארמאר - גלאנץ שפילט זיך מיט די לבנה־שטראלן... אז דער גוף (טאפט זיך די ריפן) איז דאך א חרובער... א ליאדע - וואס, ברודערל, אפגעשפילט די ראלע, און רו דיר אויס די אקטיארישע ביינער... מאמע! דאס איז דאך די אמתע רואיקייט. א־א־א! רואיקייט אייביקע... (כליפעט) מנוחה... אינטערעסאנט צו וויסן, צי די וואס פארן אף די וועגעלעך מיט די צוויי רעדער, די קאלאניסטן, צי זיי האבן כאטש א רואיק לעבן, צי זיי קענען זיך לייגן מיט א רואיקן קאפ שלאפן... געזען היינט א סך פנימער זייערע אין דעם סאלאן, אויך מיט שפורן פון יסורים... צעקנייטשטע, צעאקערטע פנימער קומען נישט פון תענוג... יענץ שטיקל ארט, וואס פינקלט אזוי אפן בערגל, איז דער אמתער פלאץ פון רו... א־א־א! ר־ו־ו...

צו אלדי שווארצע יאר,, וואס איז דאס היינט דער מער מיט אים? וואס האט ער זיך צעסענטימענטאלעוועט, אדאלף מאקאראווסקי? אין אזויפיל אכסניות, אזויפיל האטעלן געשלאפן, א אידישער אקטיאר איז דאך געוואוינט צום ריח פון פרעמדע בעטן, צו דעם שפינוועבעכץ פון פרעמדע סטעליעס, צו דעם חוזק - געלעכטער הינטערן רוקן, איז דאך געוואוינט צו דורכפאלן, צו קלעפ פון גורל, צו... טא, וואס איז היינט דער מער מיט אים? וואס עפעס היינט אזא מין געפילעכץ?

ניין, כאטש דא ניט כאפן א שטארב! ווייל דאס הייליקע ארט איז דאך אזוי נאקעט! איבער א קבר מוזן רוישן די באבלעטערטע צווייגן פון א

שאָטנדיקן בוים... דעמאָלט איז די מנוחה גאַנץ... נישט אַזוי ווי אַן אוועק־געוואָרפענער אינמיטן פעלד...

וויינט אַדאָלף ארויף צו דער קאַלטער לבנה: — ניין, נישט דאָ... נישט דאָ... ליגן אַליין, נישט אף דעם דאָרפישן בית־הקברות׳ל... דאָרטן כאָטש אין בוענאָס איירעס, קאָן אַמאָל זינקע אַראָפקומען אף גאַסטראָלן, ליי‍גן אַ קראַנץ... און באַדויערן... איי, וואָס וועט דיר, אַדאָלפל, אַרויסקומען דערפון, אַז דו וועסט שוין זיין אַ פאַרפוילטער פגר... עך, נאַראָנימלעך, די אַקטיאָרשטשיקעס, די שרייבערלעך!... וואָס וועט, אַ שטייגער, אַרויס־קומען אַזאַ טעוול האָזער, ווען ער זאָל פאַראייביקן זיין נאָמען צווישן פיר טאָוולען, אַז ס'בוך וועט ערשטנס קיינער נישט לייענען, און צווייטנס וועט עס קיינעם אינטערעסירן, עס וועט טויגן פאַר אשר־יצר־פּאַפּיר... מ'זאָגט, אַז די טעאַטער - קריטיקער האָבן פון אים אַ וואַזשנע מיינונג: ער, אַדאָלף מאַקאַראָווסקי האָט גרויסע פאַרדינסטן פאַרן אידישן טעאַטער, איינגעפירט אַ ריינעם רעפּערטואַר... אַ קלאָג צו דיר, אַז פון גאַנצן ריינעם רעפּערטואַר האָט'ער גאָר געגומען שפּילן „געפּגרטע קעץ", זינגען „זויבערע „לידעלעך": „און דער רבי, אוי דער רבי! האָט געהאַט חשק צונאַיר, אוי דער רבי, דער רבי! האָט זי געטאָן מיטן פינגער א ריר..." האָסט געוואָלט זיין אַ ריינער אַקטיאָר, דערפאַר וועט מען דיר שטעלן אַ גילדענע מצבה, עט מען דיר שרייבן נעקראָלאָגן, פּש, פּש, פּש, אַזוינס און אַזעלכעס!

הירשל גילדענקראַנץ, מאַקאַראָווסקיס אַ גוטער פריינט, האָט שוין גע־האַט ס'פאַרגעניגן צו לייענען נעקראָלאָגן איבער זיין טויט נאָך ביים לעבן.. אויך אַזאַ שלימזל, אַ דורכגעפאַלענער אַקטיאָרשטשיק, וואָס האָט געשפּילט פּיעסעס פון בעסערן מין, געאַקטיאָרעוועט, צו אַלדע שווארצע יאָר, אין פאַרשידענע אויסלענדישע שטעט, געשלאָפן אין קרעכצנדיקע בעטן, אין אַכסניות מיט וואַנצן און אַנדערע לייטישע חיהלעך, און אויך געשפּילט „טרעיאַטער", מיט אַזעלכע מוראַדיקע דרענגער ליטעראַרישע פּיעסן... איז ער דאָך געפּגרט אפן פּיסק, האָט ער אָפּגעלאָזט פון זיינע „פּרינציפּן" און אָנגעהויבן דערלאַנגען דעם חשובן פּובליקום „ווייסע שקלאַפענס", „משה אונטערוועלטניקעס"... מ'מוז דאָך לעבן... האָט זיך עפּעס אַן אַקטיאָר־

שטשיקל פון הירשל גילדענקראַנצס טרופּע פּאַרגליסט אַ שפּאַסל, און צע־שיקט טעלעגראַמעס אין רעדאַקציעס, אַז: הלך משה יאָסל, הירשל גיל־דענקראַנץ האָט אויסגעהויכט זיין נשמה אין סאַמע מיטן שפּילן פון „גאָט, מענטש און טייוול“... גאָטעניו, האָבן די צייטונגען זיך דאָס צעזונגען אין תהילות ותשבחות... אָווא, הירשל גילדענקראַנץ: „אַ זשעני, אַ דערהויבע־נער קינסטלער, סובלימע, קאָנצענטרירטע קונסט... אַ קליינקייט: גילדענ־קראַנץ האָט אַריינגעשריבן אַן אומשטערבלעך קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון אידישן טעאַטער־וועזן... גילדענקראַנצל, דו ביזט אַוודאי געוואָרן ברייטער ווי לענגער, לייענענדיק די לויב ־ געזאַנגען... אַזוי וועט מען דיך, אַדאָלפל, באַוויינען נאָכן טויט, הי, הי, הי, וועסט האָבן אַן אמתן נחת־רוח פון דיין פּטירה...

כ'לעבן, ער איז געדעכט דער געשעפטס־פירער שלמה זומערפויגל, אַז אַ ליטעראַרישער סטאַר, איז פאַר דער קאַסע אַ צער, מעג ער אפילו שפּילן „שמערל מיט כאַנציעס“, מעג ער האָפּסען און טענצ'לען, העלפט נישט... דער שם בלויז פון אַ „ליטעראַט“ צ'עפּטרט דעם גאַנצן עסק... אַז די פּיי־קעלס קומען אין דער פּראָווינץ מיט זייער טרופּע, ציען זיי פּובליקום... פאַר זומערפויגלען וועט זיין אַ לערע, זיך נישט מער צונויפפּאָרן מיט „ליטעראַטלעך... געדעכט...

מאַמע! ס'איז טרויעריק אַזוי... עס נאָגט ביים האַרצן... די דאַרע פּיס זיינען אויסגעהוילט, אָן אַ פּיצל מאַרך... און צו להכעיס אַזאַ ליכטיקע לבנה ־ נאַכט...

אַ דין געוויין: — זינקע, ווי'סטו דען נישט, אַז כ'בין אַליין, אַז כ'האָב קיינעם נישט אויף דער וועלט, אַז אַלע לאַכן מיך אויס, אַז קיינער נעמט מיך נישט אין שוץ, אַז קיינער האָט אויף מיר נישט רחמנות, אַז איך וועל דאָ איינער אַליין אויסגיין, ווי אַ דערשטיקטער פייער... זינקע, ווייס־טו דען נישט, אַז איך בין איצט איינער אַליין אין אַ פרעמדער נאַכט, אַן עלנטער... וואָס בילן די הינט אַזוי יאָמערלעך, וואָס האַווקענען זיי מיט אַזעלכע אויסגעצויגענע קוויטשן? געלערנט אַמאָל ביים רבין, אַז ווען אַ סך כלבים בילן אין שטעטל, איז מלאך־המות געקומען אין שטעטל... אויך

א סאָווע ווײנט איבערן דאַך... עך, אדאָלפל, אַף דער עלטער ביזטו געוואָ־רן אַן אבערגלויביקער... אז מ׳קריכט אריבער די פופציקער, הויבט מען אָן צו גלויבן אין א גאָט... עך, יתגדל ויתקדש... רבונו של עולם דו, אלמעכ־טיקער דו, כאָטש נאָך איין מאָל זען זינקען... זינקע, א צעבליטע פרוי... א רויז, אַן אײדעלע טײ־רויז... א געזונט שטיק... אוי דו, אדאָלפל, א קאַל־טער, הוסטענדיקער לחץ־שלינגנדיקער שטעקן... זינקע, אליין בין איך, אליין... האָב קײנעם...

פון ערגעצוואו האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן: אינמיטן דער נאַכט געבי־טן דער ווינט... דער דרויסן איז קאַלט, דורכדרינגענדיק... ווינט האָט זיך צעשפּילט מיט דער אָנגעלענטער טיר... דער איד הוסטעלט דאָרט אין זיין צימער: — אָפּן לאָזן א טיר... א העזה פון א משוגענעם אקמיאָרשטשיק...

דרײ א זײגער פאַרטאָג. ווידער קרעכצט דאָס געלעגער אונטער דעם טויט־קראַנקן, מידן און אויסגעמאַטערטן מאַקאַראָווסקי, ווידער דין פּיש־טשענדיק געוויין, ווי א שוואַך מסוכן־קראַנק עופהלע. ווידער קאָשמאַרן, אויסטערלישע פייניקונגען, כף הקלע, און ווידער שטרעקט ער די דאַרע, בעטנדיקע אָרעמס צו זינקען... זינקע דערנענטערט זיך, איז ווײליק, אירע גרויסע שוואַרצע אויגן שמײכלען מיט ליבשאַפט, מיט רחמים, ווי אַנומלט, ווי דעמאָלט... דערלאַנגט עמעצער מיט א דריקל איבערן קאָפּ. דער געלער אקטיאָר מיט די קוטשעראַווע קודלעס, שטייט דערבײ און קאַטשעט זיך פאַר געלעכטער... בעת ער קאָרטשעט זיך פאַר יסורים... ווערט אים זייער טרויעריק, וויל ער זיך אַראָפּזינגען פון האַרצן דיזעלבע אַריע פון „טאָסקאַ“, ווי דעמאָלט אין סאָסנע־וואַלד: „און עס האָבן גע־ע־לוי־וי־כטן די שטע־ע־ע־רן...“ איז אים דער האַלז צוגעשנורעוועט, און ס׳גייט קיין שום טאָן אַרויס פון דער קעל...

***

נ׳אַוודאי האָט מען געמוזט איבעררייסן דעם טורנע.

דער דאָקטאָר פון שטעטל ־ דערפל האָט נעגעבן אַן איינשפּריצונג, ער זאָל קענען אָפּפאָרן... יאָ, ער קען פאָרן: „סכנה? נו, מילא, יעדער מענטש איז דאָך איינגעשטעלט, בפרט מיט אַן אסטמע...“

אדאָלף מאַקאַראָווסקי האָט געשפּאַסט: — ס'גליסט זיך נישט דאָ פּנרן... זומערפויגל, ביזט אריינגעפּאַלן מיט מיר... ווי זאָגסטו, פון א ליטעראַרישן סטאַר, האָט די קאַסע צער... ס'וועט שוין זיין א דעפיציט... נישט נעדאַרפט טאַקע זיך ארויסלאָזן... טאָמער טאַקע שטאַרבן, זאָל כאָטש ליגן אין בוענאָס איירעס אף א בית-עולם... וועט אַמאָל אן אקטיאָרל אראָפּקומען א קוק טון אף מיין מצבהלע... און ס'וועט זיין גוט... עך, גרויספויגל, ווען כ'זאָל נאָך איינמאָל קענען א שפּיל טון, אין א גרויסן טעאַטער, אַזוי פאַר א גרויס פּובליקום פון מיינע פּיעסן... עך, וואָלט איך אפשר געזונט געוואָרן... וואָלטן זיי געזען, ווֶעמען מ'פאַרשווייגט...

פון הלצהלע איז גאָר ארויסגעקומען א דין שפּיציק געוויין...

מ'זאָגט, אז מאַקאַראָווסקי האָט דורכגעזעצט זיין לעצטן וואונטש אויפצוטרעטן אין דעם גרעסטן אידישן טעאַטער פון בוענאָס איירעס...

צייטונגען האָבן באַריכטעט, אז דער גרויסער בינע־קינסטלער האָט געשפּילט זיין שוואַנען ־ ליד... איין אקט פון „טוביה דעם מילכיקן". געניאַל, אומפאַרגלייכלעך...

און עפּעס, פּלוצים, אַנגעהויבן איבערחזרן אַן אויפהער די ווערטער: טוביה, טוביה, טוביה... און אַנדערע אומפאַרשטענדלעכע רייד, מיט א מאָדנעם געציש, ווי א גאַנז, וועלכע פאַרטיידיקט זיך... און אַזוי געמאַכט מיט די הענט ווי א שווימענדיקער...

די צייטונגען פון דער הויפּט־שטאָט זיינען געווען פול מיט טרויער־אויסדרוקן, אָפּשאַצונגען און באַדויערונגען...

דעם בייטל און די ברילן, די רעקוויזיטן, מיט וועלכע דער באַרימטער קינסטלער האָט געפּלעגט שפּילן די טיטל-ראָלע פון „טוביה דעם מילכיקן", זיינען געבליבן אין אַקטיאָרן ־ פאַריין אלס בייטראג צו דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער־וועזן אין ארגענטינע . . .

# נייע היימען

די צוויי ברידער דייטשע פּליכטלינגע, וועמען די יקא האָט געשיקט פּראַקטיצירן אין דער אַגריקולטור, האָבן געאַרבעט באַ צוויי פאַרשידענע קאָלאָניסטן, אָפּגערוקט פונאייניאַנדער מיט אַ פיר — פינף לעגוועס און האָבן אָפּגעמאַכט צווישן זיך צו באַגעגענען יעדע צוויי וואָכן.

אין אַ פרעמדער סביבה, פרעמד לשון, צווישן פרעמדע מענטשן, האָבן די דאָזיקע פערצן טעג זיך געצויגן פאַר זיי אַן אייביקייט. דאָס בענקעניש איז געווען אין לשער...

אַז זיי פלעגן זיך צונויפקומען, האָט דער שבתדיקער נאָכמיטאָג גאָר נישט געסטייעט פאַר אלץ, וואָס זיי האָבן זיך געהאַט אָנצודערציילן.

קודם כל, פון וואָס אָנהויבן: צי זיך אַראָפּריידן פון האַרצן, ברודער פאַר ברודער פון דעם געוואַלטיקן בענקעניש, צי גאָר זיך וואונדערן איבער דעם נייעם, אומבאַקאַנטן, מערקווירדיקן פון נייעם לאַנד, צי פּרואוון פאַר־ענטפערן די „פאַרוואָסן“: פאַר וואָס זיינען די פעלדער דאָ אַזעלכע נאַקעטע, האָבן קיין בוים, קיין קוסט, פאַר וואָס זעט מען דאָ נישט אַזעלכע שיינע בלויע וועלדער ווי דאָרטן? פאַר וואָס זיינען די הייזער דאָ אַזעלכע פּראָסטע, די מענטשן פּראָסטע? פאַר וואָס פילט מען דאָ נישט אין דאָרף דאָס איי־גנטימלעך דאָרפישע? פאַר וואָס קאָן מען דאָ נישט מעלקן די קו, ווען ס'קעלבל איז נישטאָ דערביי?... און פאַר וואָס און פאַר וואָס? די אָנסופיקע שאלות, כסדרדיקע פּרעטענזיעס און טענות פון אַ ניי־איינגעוואַנדערטן...

אַף דער גיך אָפּגעגעסן, — אין אַזאַ טאָג איז גאָרנישט געווען קיין אַפּעטיט צום עסן, — דערווייטערן זיך די ברידער פון דער קאָלאָניסטישער הייזקע, אַרויס אין פעלד, אַריבער איין אָפּטייל שטעכיקע דראָטן, אַ צווייטן,

אַ דריטן, אַ פערטן, — כדי צו זיין צווישן פיר אויגן, — זעצן זיך ערגעץ אויף אַ ברעג פון אַ ראָוו, לאָזן פריי דעם קוואַל פון רייד, און: — הער, רודי, און: — הער, קאַרל... ברידער, וואָס האָבן זיך אַזוי האַרציק ליב, אַז ס'חיות גייט אַזש אויס...

יעדעס וואָרט איז וויכטיק, יעדע מינוט טייער, און מיט אַ שטראָמענ־דיקער גיכקייט פאַלט איינער דעם אַנדערן אַריין אין די רייד, און: — הער, רודי, און: — הער, קאַרל...

האָבן נישט פאַריבל פאַרן איבעררהאַקן איינער דעם אַנדערן דעם רייד־שטראָם: זיי זיינען נישט בלויז ברידער, פון אייגן בלוט און פלייש, נאָר אַ מין ־ פאַרוואָרפענע אויף אַ פרעמדן ווייטן אינזל... יעדער פילט עס באַ זיך, אַז וואָלטן זיי דאָ נישט געהאַט איינער דעם אַנדערן, וואָלטן זיי אויס־געגאַנגען... וואָלטן זיי... און מיט הייסן אָטעם אַ מין דערציילן:— הער, רודי, — הער, קאַרל...

רודי, דער עלטערער, האָט די פּריווילעגיע: צו אים קומען אָן די בריוו פון דער „היימאַט", פון טאַטע־מאַמע, פון האני, פון לאָטכען... ווייסט מען נישט, וואָס טון פריער: צי ריידן, צי זיך וואונדערן, צי שלינגען די בריוו...

בריוו מיטן קיילעכדיקן פּאָסט ־ שטעמפּל: ב י נ ג ה י י ם. אָ, בינג־היים! אויף דער גרינער פּאָסט ־ מאַרקע דאָס בילד פון הינדענבורג מיט זיין ברייט, שטרענג פּנים, מיט די קליינע קאַלמיקישע אויגעלעך, און די גרויע טיגערישע וואָנצעס... דער זיגער פון טאַנענבערג... אַמאָל געווען זייער חלום, זייער אידעאַל... הלמאי אַמאָל איז דאָך בינגהיים געווען זייער גאַנצע וועלט... ווער קאָן נישט בינגהיים אין שוואַרצוואַלד, דאָס שטעטע־לע, וואָס ליגט צוויי שעה פון דער שווייצאַרישער גרענעץ? בינגהיים, „די פּערל פון שוואַרצוואַלד"...? ניין, קיין שום פּאָעט איז אימשטאַנד צו באַזינגען די שיינקייט פון דעם שטעטעלע, איינגעבעט מיט זיינע שטי־בעלעך אויף די באַרג ־ אָפּהאַנגען? אָ, די שמעקעדיקע זויבערע געסעלעך, דער מאַרק מיט זיין שפּרינג־ברונעם, דער דענקמאָל פון שוואַרצוואַלד־דיכטער לאָוטערבאַך, און די פיינע, שטילע ליבע שכנים; און דער גוטער עפּל־וויין, און די געשפּרענקלטע איידל ־ דופּטנדיקע טרושקאַווקעס, און

די וויינבערג אף די געשטאַפּלטע טעראַסן... און: בינגהיים, אַ, בינגהיים... יאַגדעך אין די ליכטונגען פון די שוואַרצוועלדער, און די קופּקעס אף די חנוודיקע קעפּלעך פון די גראַציעזע שוואַרצוואַלד - מיידלעך; און די טור־ריסטן - געסט, וואָס קומען פון דער גאַנצער וועלט: אי זיך אָפּרוען אין די שטילע זאַטע דערפער אף די באַרג - שיפּועים, אי אָנקוקן די זייגער־וואַרשטאַטן פון די שווייצער מייסטערס, ווייל בינגהיים איז דאָך געווען באַרימט מיט אירע זייגערס, דאָרטן האָט מען אויסגעאַרבעט פון די גרויסע שפּיל־זייגערס פאַר די קירכעס, וואָס שפּילן אָפּ אַ גאַנצע סימפאָניע און צו דער צוועלפטער שעה שיקן זיי אַרויס אַלע אַפּאָסטאָלן, ביז צום מיניאַ־טור - זייגערל, וואָס באַצירט אַ געטאָקט הענטל פון אַ כלה־מיידל...

און דאָס איז געווען זייער היים, זייער ליבע, אומפאַרגעסלעכע היים...

אין רויזן - געסל האָט זייער טאַטע געהאַלטן אַ פליישעריי, אויס־געאַרבעט די באַרימטע פראַנקפורטער וואורשטלעך, וואָס גאַנץ בינגהיים און אומגעגנט האָט זיך פאַסמאַקעוועט מיט זיי. העת אַרנאָלד, דער יידי־שער קצב, איז געווען אַ באַליבטע פיגור אין דעם שוואַרצוואַלד - שטעטל. צו די „הויכע" (ראש השנה און יום כפור) ימים טובים האָבן אים אַלע זיינע קליענטן צוגעשיקט וואונטש - קאַרטן מיט מלאכימלעך, רויזן, באַ־שניימע לאַנדשאַפטן מיט יאָלקעס און אויפשריפטן: „גליקליך נוי־יאַר!"...

די „בינגהיימער וואַרטע" האָט באַ אַ געלעגנהייט פון אַ משפחה־פייערונג, אָדער צו אַ יום טוב באַ די „איזראַעליטישע מיטבירגער" גע־פלעגט צו וואונטשן „אַנגענעמע פייערטאַגע", און אויפריכטיקסטע וואונ־טשן... אַ, פריינטלעך ליב בינגהיים, וואו עס שטייט זייער אייגן שטיבל, מיטןברייטן גאַניק, וואו עס קריכן וויינשטאָקן אף דער פון־אייזן־געפלאָכ־טענער אַרקאַדע, זייער שטיבעלע, מיט גרין - ווייסע לאָדנס, מיט אויסקוק־שפּיגעלעך פון אַלע זייטן... אף די פענסטער בלומען - טעפּ... אַ, דאָרטן דאָס ווייס - לאַקירטע ליכטיקע קינדער - צימערל... און דאָס שפּייכלערל מיט די סלאָיעקעס איינגעמאַכטס, מיט אַלע גוטע זאַכן, וואו די קינדער האָבן געהאַט אַ געלעגנהייט אַ נאַש צו טון... און פאַר דער שטוב די סטעזש־קעלעך פון ווייסע שטיינדעלעך, די בלומען - בייטן, די אַגנים און דער מאַמאַס

ליבלינגע,,, לעווקאָיען, סאַמעטענע דאַליען... און פרילינג, וויאָלעטן, מאַי־גלעקעלעך... און באַם הילצערנעם פּלויט פון שטאַכעט, וואָס זיינען באַמאָלט האַלב ־ ווייס און האַלב־גרין: זשאַסמין, רויזן און ראָדענדראָן־קוסטעס... הינטער דער שטוב איז פאַראַן דער גרינס - גאָרטן... אז פּאַפּאַ האָט געהאַט צייט, האָט ער אַרומגעגראָבן די ערד. אַלע האָבן געהאָלפן: קאַרל, רודי, האַני, לאָטכען האָבן געבראַכט וואַסער אין די גיס־קאַנען, דערלאַנגט די פלענצלעך, איבערגעזעצט דאָס שטריקל, אַרויסגעריסן די ווילדע גראָזן... לאָטכען, וואָס איז געווען נאָך אַ פּיצעלע, האָט מען נישט געלאָזט יעטן די בייטן, ווייל זי האָט אויך מיטגעריסן די גוטע פלאַנצן... ס'איז געווען אַ גאָרטן פון אַלדאָס ־ גוטס, סאַלאַטן, בוריקעס, מערן, חנוודיקע רעטעכלעך, קאַרטאָפל... יאָ, אַ גאַנצער קעלער מיט קאַרטאָפל אף ווינטער... און שטענגעלעך, און גרויסע אָנגעבוצעוועטע אַגרעסן, און גאַנצע בייטן מיט טרושקאַווקעס... און סאַראַ פרוכט־גאָרטן, סאַראַ פאַרשידענע שיינע שורות בוימער... אָ, בינגהיים, בינגהיים! דו פאַרלוירענע היים...

ווען „דאָס“ האָט זיך אָנגעהויבן, איז קאַרל געווען אף דער חלוצים־פאַרם אין גרויס גאַגלאו, געוואָרן אַ „בלוי - ווייסער“ און זיך געגרייט צו פאָרן קיין „ארץ“, — אַזוי אָפּגעקירצט האָבן די יינגלעך אָנגערופן דעם אָביעקט פון זייער חלום: פּאַלעסטינע... פּאַפּאַ האָט זיך געוואונדערט, וואָס איז דער מער מיט דעם יינגל, וואָס האָט פלוצים באַשלאָסן צו ווערן גאָר פויער... אָבער ער האָט נאָר גוטמוטיק געשמייכלט צו דעם קאַפּריז פון דער היינטיקער יוגנט, דער גוטער אַרנאָלד...

האַנין האָט מען אָוועקגעשיקט קיין פרייבורג צו דער פרוי פינצהיימער, וואו זי האָט זיך אויסגעלערנט טיכטיק פירן די הויז ־ ווירטשאַפט, און האָט טאַקע צוגעהאָלפן דער מאַמאַ אין דער קיך, און אביסל אויך אין געשעפט... לאָטכען האָט מען שוין צוגעלאָזט אין דער פאָלקס ־ שולע אַלס „צוהערערן“, ווייל אַלס רעגולערע שילערן איז זי נאָך געווען צו קליין... און רודי, דער עלטסטער, איז באַ צוויי און צוואַנציק יאָר געוואָרן לערער, און אַ דאַנק דער רעקאָמענדאַציע פון רעכטס ־ אַנוואַלט מייערוואַלד, איז ער אָנגעקומען אַלס דערציער אין אַ יידישן קינדער ־ היים אין האַמבורג,

און אויך געשריבן ארטיקלען אין דער „דעמאָקראַטישער דערציאונג" פון אַלטאָנאַ. ער האָט געמוזט אַנטלויפן קיין דענעמאַרק, ווייל דאָס דריטע רייך האָט אים נישט געוואָלט מוחל זיין פאַר די־אָ שורות אין דעם דעמאָקראַטישן זשורנאַל: „די דערציאונג דאַרף מאַכן דאָס קינד צום באַוואוסטזיניקן מענטשן, ווייל מענטש־זיין דאָס איז דער עטישער ציל פון דער פעדאַגאָגיק... ביאָלאָגיש איז די סופּעריאָריטעט פון געוויסע ראַסן אַן אומזין... און אַזעלכע נאַרישע אידייען אײַנפּלאַנצן אין דעם קינדס מענטאַליטעט איז פּשוט אַן אומזין..."

אויך די חלוצים - פאַרם גרויס - גאַגלאָו איז געוואָרן ליקווידירט... אַלץ האָט מען ליקווידירט: גלייכגעשאַלטעט, און ווער ס'האָט נאָר געהאַט וואו און די מעגלעכקייט, האָט זיך באַמיט צו אַנטרינען פון דעם גיהנום, אַרויס פון פּיין, אַרויס פון אַ זיכערער הונגער־נויט, אַרויס זוכן אַן אָרט, וואו צו לעבן, וואו נישט צו ווערן באַליידיקט, וואו נישט ווערן באַשפּיגן... אַרויס פון דעם משוגענעם ווירבל - טאַנץ פון האַס און שנאה...

קאַרלען איז געלונגען אַריבערצוכאַפּן זיך קיין האָלאַנד, — זיי האָבן דאָרט אַ משפחה פון דער מאַמעס צד, — און האָט אין דער פּראָווינץ פריזלאַנד פּראַקטיצירט פּי־צוכט, וועט צונוצקומען פאַר „ארץ"...

איצט זיינען זיי ביידע ברידער אויף ענטרע - ריאָסער ערד.

אָ, גאַנצע ביכער קען מען אָנשרייבן, ווי אַזוי ס'איז זיי געלונגען דאָ אַהערצוקומען, ביז זיי האָבן זיך שוין געזעען ענדלעך אויפן „קאַפּ אַרקאָנאַ", אויפן וועג צו די ברעגעס פון לאַ פּלאַטאַ, ביז זיי זיינען אָנגעקומען מיט זייערע וואַליזקעס צו דער באַן - סטאַציע פון שטעטל קלאַראַ... די יק"א האָט זיי פאַרטיילט צו צוויי פאַרשידענע קאָלאָניסטן: זיי זאָלן זיך געוואוינען מיט דער אַרבעט, אַקלימאַטיזירן, דאַן וועלן זיי קענען אַרויספּאָדערן זייער משפחה פון היטלער - לאַנד, און מ'וועט זיי קאָלאָניזירן אין דער נייער קאָלאָניע.

פאַרשטענדלעך, אַז קאַרלען קומט עס נישט אָן שווער. ער האָט דאָך שוין געלערנט דאָס פּויערישע פאַך אי אין דער חלוצים - פאַרם, אי אין האָלאַנד; אַז מען וויל, קאָן ער נאָך לערנען די קאָלאָניסטן אַליין. רודין

אָבער פאַלט עס שוין שווערער. די הענטלעך זיינען צאַרטע, אינטעליגענ־טישע, אַלע איברים טוען וויי, דער רוקן, די געלענקען, די קריזשעס, די דלאָניעס בלעזלען זיך, טייכן שווייס גיסן זיך פון פּנים, באָדן דעם גוף, און אומגעוואוינטן צו פיזישער אָנשטרענגונג. אָבער דער ווילן איז שטאַרק, עקשנות, זעלבסטבאַהערשונג, שפּאַרט מען זיך איין: מען מוז זיך צוגע־וואוינען, מען מוז זיך אויסלערנען... און אין אַ שטיקל צייט לויבט אים זיין באַלעבאָס שבתי קילמאַן: —וואָס זאָגט איר נישט צו מיין „דייטשל״, קאָן שוין איינשפּאַנען אַליין... אַליין געאַקערט אַ שטיק פעלד, גלייך ווי אַ ווירע...

פון קאַרלען שמועסט מען דאָך נישט. הערשל גאַרבאָווסקי קוועלט אָן: — איך האָב נישט געגלויבט, אַז אַזאַ־אַ דייטשל וועט זיך אַזוי אויס־טויגן... אַ מין רייטן... אַ מין מעלקן... בכלל וואוילע יינגלעך...

ווי קורץ איז דער נאָכמיטאָג!... נאָך אפילו נישט אָנגעהויבן רעכט צו ריידן פון עיקר.. רייד, בריוו, פּאָטאָס. יעדעס בילד אַ שטיק היים, אַ שטיק אייגענע איבערלעבונג. ליגןביידע צונויף די קעפּ און ווי דאָס בילדל וואָלט געווען אַ לעבעדיקס, רעדט מען צו דעם און מען חלומט אויף דער וואָר... יאַנטיע פון אוטרעכט האָט געשריבן, אָ, די פיינע, דינע, האַר־ציקע שריפט, — געאַרבעט מיט איר צוזאַמען אויף אַ גערטנעריי, — יאַנטיע די בלאָנדע, די פליייסיקע און באַגייסטערטע חלוצה, דער בלאָנדער חלום... קאַרל האָט זי ליב, בענקט נאָך איר אָן אַ שיעור... זעט נישט די חנדלעך פון זיסלען, וואָס פוצט זיך פאַר אים, וואָס וויגט מיט די היפּטן, וואָס באַ־מיט זיך צו בלייבן מיט אים אַליין... — הער, רודי, יאַנטיע... אָ, יאַנטיע... ווען דו זאָלסט זי קענען.. אָ, ווען מיר וואָלטן דאָן באַקומען אַ סערטיפיקאַט ווי לודי, וואָלטן מיר ביידע געווען אין „ארץ״... אָ. יאַנטיע... הער, רודי, צען - זייטיקע בריוו שרייבט זי מיר... זי, אירע רייד, אירע קערפּער-פּאָר־מען... אָ, בריוו, נו, די אַלגעמיינע זאַכן קאָן איך דיר דאָך פאָרלייענען... לייענט און פאַרשטעלט מיט דער האַנט מאַנכע שטעלן, לייענט און פיבערט...

רודיס האַרץ איז נאָך אומבאַרירט. כאָטש ער איז דער עלטערער, איז

ער דער נאַאיוועריט. זיין גאַנצע ליבשאַפט, זיין גאַנצע יוגנטלעכע ענערגיע האָט ער געווידמעט דעם דערציאונגס - וועזן און זיינע שילער און שילערנס פון קינדערהיים... נאָך איצט, ווען ער איז ווייט פון זיי, זייער ליבער לערער, שרייבן זיי אים בריוועלעך, מיט זייער ברייטער, נישט אויסגעאַרבעטער קינדישער שריפט, לייגן ביי ווער א פּרימיטיווערע, ווער א מער אַנטוויקלטע צייכענונג, ווער בלימעלעך, ווער שלייפעלעך; בענקען אָן א שיעור נאָך זייער גוטן, טייערן לערער... די פּיצינקע שרייבן אָן אַ גאַנץ בלעטל מיט א גרוס און אַן אונטערשריפט. די גרעסערע טיילן אים מיט פון זייער פאָרשריט אין דער שולע, שרייבן איבער קאָמפּאָזיציעס, באַזונדערס געלונגענע...

פון די בריוועלעך פון די גרעסערע קאָן מען שוין זען דעם ערנסט פון דער צייט. פון צווישן די שורות: „מיר לערנען דאָ גוט אין דער יידישער קינדערהיים... בעסער ווי אַנדערע... „מען האָט מורא, אַז די פונדאַמענטן זאָלן נישט איינפאַלן... די געביידע איז נישט זיכער...“ „פאַרשטייסט שוין וואָס ס'קומט פאָר באַ אונז...“ „פּאַפּי קומט לעצטנס קיינמאָל אהיים...“ ווייסט רודי, וואָס דאָס באַטייט: מסתמא פאַרפּייניקט ביז צום טויט אין א „ברוינעם הויז“, אָדער דערשאָסן באַם אַנטלויפן אין א קאָנצענטראַציע - לאַגער. „מיר אַלע זיינען זייער טרויעריק“... — באַשטעטיקט טאַקע די דאָזיקע השערה, אַז טעאָ היינעמאַן איז געוואָרן אומגעבראַכט פון די רוצחים... לילי, דאָס פּיצעלע פון קינדער - גאָרטן - אָפּטיילונג, לילי די מיטן בלאָנדן אַרישן קעפּעלע, שרייבט אויף ראָזעווע פּאַפּיר: „גראַטוליר דעם ליבן הער לערער צו זיין געבורטסטאָג“ (ווי זי געדענקט דאָס אַזוי גענוי זיין געבורטס-טאָג, דאָס מענטשל), וואָלט אים געשיקט א מתנה, קאָן מען נישט, זאָגט פּאַ... לייגט זי ביי א צייכענונג אין פינף פאַרבן: „מאַקס און מאָריץ“, די צוויי שטיפערס, „דאָס האָב איך געמאַכט...“ דאָס ערנסטע קרויזקעפּיקע קלערכען וואָלהיים, דאָס קלוגע צוועלפיעריקע מיידעלע, שיקט אין א בריוו א קאָפּיע פון א קאָמפּאָזיציע, וואָס זי האָט אַמאָל, אונטער דער לייטונג פון הער לערער געשריבן פון אַן עקסקורסיע איבערן האַמבורגער פּאָרט, אין א מאָטאָר - שיפל: פון דער

עלבע ביז צום ים אין קוקסהאוון... א בריוו פארפלעקט מיט טרערן (אַלע בריוו פון דאָרטן האָבן די באַקאַנטע געלע ווינציקע פלעקן, וואָס מאַכן א סך ווערטער אומלעזבאר...) אָבער איצט, ליבער הער לערער, מאַכט מען נישט מער"... דערקלערונגען זיינען איבעריק...

רודין נעמט דערביי ארום אזא מין ווייַ - געפיל, דאָס וואָס מען האַלט איינגעשלאָסן די אָרימע בלייכע קינדער אין ענגן הויף פון קינדער־היים... „אונטער שטאַבעטן ווי קינדער אין אן אויסבעסערונגס - אַנשטאַלט... אומגליקלעכע באַשעפענישן... געמיינע הינט, וואָס לאָזן קינדער נישט גע־ניסן פון דער שיינער נאַטור, פון דער וועלט, פון דער לאַנקע, פון די בלומען... עלנטע קינדער, וואָס מ'לאָזט נישט אָפּאָטעמען פריי... קאַרל, קאַרל, טראַכט דיך נאָר אריין אין דער גרויזאמקייט... כ'געדענק דאָך נאָך אן עקסקורסיע מיטן גאַנצן קינדער - היים נאָכן זאַפּטיקן גרינעם האָל־שטיין... רוק־זעק און מאַנדאָלינעס, און לידער פון בלוי - ווייסן לידער - בוך...

געלגעפלעקטע בריוו פון דער „היימאַט"... שרייבט גרעטכען לאַמער־היימער, זייער קוזינקע פון פרייבורג, טאַטע געוועזן פאַרפומעריע - פאַברי־קאַנט, עסענצן פון בלומען: — ביי אונז „שלים", אַלע פאָרן אוועק. אַל־פרעד לעווי פאָרט קיין „ארץ", וואַלטער פרינץ קיין יאָהאַניסבורג, קוזין פריץ קיין קאָלומביע, פעטער מאָריץ קיין טשילע, אויב... פּלאַנעוועט ער דאָרטן צו מאַכן א פאַבריק פון שרייב - מאַטעריאַלן... יאָ, מיינע ייִנגלעך, אַלע פאָרן אוועק פון בינגהיים... זיידע באַקלאָגט זיך, אז סינאַגאָגע, אז דער בית - עולם וועט בלייבן אַליין...

ווערן די ברידער שטארק טרויעריק, נעמען זיי ביידע זינגען עפּעס א דייטש פאָלקס - לידל: „איצט בין איך געגאַנגען צום ברינעמל, טרינק אָבער נישט..." איז דאָס געזאַנג א מין דיסאָנאַנס צום ארום... און אז זיסל און אברהם, גאַרבאַוועסקיס קינדער, זיינען געקומען די „דייטשלעך" רופן צו דער מאַטע, לאַכן זיי ווי מ'זינגט דאָס אזא מין „יעקיש" ליד, מיט זייערע קוויטשיקע שטימען אף די אויבער־טענער... פאַרשעמען זיי זיך, רודי און קאַרל, און גייען גיך איבער צו א העברעאישן שיר, צו א

„הוירא" פון בלוי - ווײס לידערבוך: „הבה נגילה, הבה נרננה... נא, אחים, בלב שמח... אָבער ס'קומט אַרויס אַזוי דײטשמעריש - ביערדיק...

איבערגעהאַקט דאָס ברידערלעכע צוזאַמענזײַן, קײנער זעט נישט ווי א טרער גלאַנצט בא זײ אין אויג, ווײל, אַט, אָט, מוז מען נעמען אָפּשײד... קאַרל דאַרף פאַרטרײַבן דעם סקאָט אין קאָראַל, די זון גײט זיך שוין באַלד זעצן דאָרט הינטערן בערגל פון דאָמינגעז... — אפשר, רודי, ווּעסטו זיך אַריבערכאַפּן דורך דער וואָך אַמאָל, לבנה־נעכט... א גאַנצע וואָך אַזוי קאָן איך נישט אויסהאַלטן... ס'ווערט אַזוי לאַנגווײַליק... — נײן, אומ־מעגלעך, פליכט...

ברידער דריקן זיך לאַנג די הענט... שוין כאַפּט זיך רודי אַרויף אַפן „סאַינאָ", ווײל ניט פאָרן אין דער נאַכט אַרײַן, אינדערפינסטער אָריענטירט ער זיך ניט אין די קאַמפּן... זיסל קוקט אים נאָך, זיסל ענטפערט אָפּ אַפן „ווידערזען" מיט א באַזונדער וואַרימקייט...

זיסל נעמט זיך אָן מיט מוט צו זאָגן קאַרלען: — איר האָט א סימ־פּאַטישן ברודער, זײער סימפּאַטיש...

מיט קאַרלען פירט זי א שטיק רוגז... האָט נישט געקאָנט זײַן קײן פרײער... אַלע קומען זײ אַהער מיט כלה'ס... זיסל חלומט...



פליכט איז פליכט. כמעט א גאַנצן חודש קענען די ברידער זיך נישט זען. עס איז דין צײט פון דער אָרנקע אין דער קאָלאָניע. אין די פאַר־טאָגן קלימפּערן די פּלוגעס און האָפּסן די בראָנעס איבער די האַרטע פּקי־בעס... ס'לאָזט זיך אַרבעטן, ווײל מען אַרײַנכאַפּן ווי פֿל העקטאַרן ס'ווּעט זיך נאָך לאָזן... די קאָלאָניסטישע יוגנט איז פאַראַרבעט, פאַרשטויבט, נישט אָפּגעגאָלט. מ'לײגט זיך שלאָפן פרי, מיט די הינער צוגלײַך, ווײל דרײַ פיר א זײגער קנאַלט שוין די בײַטש אויף לאָנקעס און פּאַשעס: מען טרײַבט די פערד פון האָבער אין די קאָראַלן אַרײַן. נישטאָ קײן צײט זיך צו שפּילן... פון אײַן אַרבעט אין דער אַנדערער אַרײַן. געענדיקט אַקערן,

הויבט זיך אָן דאָס „דיסקעווען“, בראָנעווען און פאַרזייען. נישטאָ קיין צייט אַף שפּאַציר...

דורך די פיר אויסגעבענקטע וואָכן האָט זיך ווידער אָנגעזאַמלט אַ זועלט מיט מאַטעריאַל. קאַרל האָט דערוואַרט זיין ברודער ווי אַ חתן אַ זייער געליבטע כלה. כמעט זיך געפאַלן אַף די העלזער פאַר פרייד. דורך דער צייט געוואָרן היפּש פאַרפּויערט, באַוואָקסן, זיך לאַנג נישט געשוירן, ס'שמעקט פון די בלויע אַרבעטס - רעקלעך פון קאַראַל, און פון קו־און פערד-מיסט, פון בלוישטיין, פון אויפגעאַקערטער ערד, פון זאָטל־שוויים...

און אייליקע: — הער, רודי, און: — הער, קאַרל... אָן אַ שיעור ניי־עסן: אַלע ביידע בראַווירן מיט זייער רייטן, מיט זייער פאָרשריט אין אַלע אַרבעטן. אפילו רודי, דער לערער, איז שוין אַן אַנדערער: — ווי איך גיב דאָס אַ טו אָן דאָס געשיר, ווי איך גיב אַ פאָר אַדורך דורך דער קאָלאָניע מיט אָנגעצויגענע לייצעס אַ וואָגן איינגעשפּאַנט מיט זעקס פעטע פערד... יאָ, קאַרל, האָב אַליין אַריינגעפירט אין שטעטל אַ וואָגן מיט זעקלעך...

רודי קאָן אפילו מאַכן אַ דראָטענעם צוים, צעשטעבט זיך ניט מיט דער שטעכיקער דראָט. זיי דאַרטן וואָלטן זיך קאַפּוט געלאַכט, ווי ער, דער דערציער פון האַמבורגער קינדער - היים, זיצט דאָס אַזוי אונטער אַ קו און ציט די דיקעס...

קאַרל האָט קיין נויט זיך אויסצורימען, ווייל אַלע ווייסן, אַז זיין קאָ־לאָניסט קאָן זיך נאָך באַ אים צולערנען: ווערט קראַנק אַ קו, דאַרף מען קורירן אַ ביימל, פרעגט מען באַ אים...

איין נייעס מאַכט קלאַפּן זייערע הערצער: אַ בריוו פון בינגהיים. פאַפּאַ, מאַמאַ, לאָטכען, האַני וועלן קומען אַרום ימים־טובים־צייט... נו, דאָס איז אַ פריילעכע בשורה... אָבער, כל - זמן מען הערט נישט פון זיי, אַז זיי זיינען שוין אַף דער שיף, קאָן מען נישט זיין רואיק... טאָמער... ס'ווערט דאָרטן ערגער פון טאָג צו טאָג... אָט האָט מען דעם אַלטן הערמאַן פינצינגער אָפּגעפירט אין אַ קאָנצענטראַציע - לאַגער אַ טאָג פאַרן אָפּ־פאָרן, ווייל, ער האָט מסתמא געוואָלט ראַטעווען עפּעס פון זיין האָב - און - גוטס...

די ברידער טײלן זיך מיט זײערע אנגסטן, אָבער טרײסטן זיך: —
ס'וועט אדורך בשלום...

יאָ, נאָך אן אנגענעמע ידיעה: דער אדמיניסטראַטאָר האָט אָפּגעהאַל־
טן מיט די דײטשע פּראַקטיקאַנטן אַן עקזאַמען, און די בײדען שוואַרצוואַל־
דער האָבן זיך אָממײנסטן אויסגעצײכנט.

—ווער וואָלט דאָס געגלויבט, אַז די דײטשלעך וועלן דאָס אַזוי אײנס
און צװײ איבערנעמען די תורה? — קוועלט ווידער הערשל גאַרבאָווסקי,
און אין הארצן פאַרדריסט אים, וואָס קאַרל פאַרט שוין אַוועק, און צווישן
זיסלען און רודין איז דערווײל נאָך צו עפּעס ממשותדיקעס נישט געקו־
מען... זײ פאָרן אינגיכן אָפּ, די ברידער: מוזן אביסל פאַרגרײטן דעם
קאַמפּ פאַר די אָנקומענדיקע; אויפפּאַקערן אַ צ'ען העקטאַר מאַים, אַרומ־
צוימען, אַ דאגה, וואָס ס'איז דאָ צו טון אין אַ נײעם קאַמפּ... מילא, אַז
ס'עט באַשערט זײן, וועט עס קומען... יעדער זיווג איז דאָך מן־השמים...

זײ האָבן נאָך אַלץ פּרעטענזיעס צום לאַנד. אַזוי און אַזוי, און דאָס
און יענץ, און פאַר וואָס? אַט באַקומען זײ בריוו פון „ארץ", פון דעם
קוזין אַלפרעד, וואָס האָט דאָרטן חתונה געהאַט מיט דער אַבסאָלווענטן
פון דער גאַרטן־בוישולע אין דאַלעם, קאַטי בערענשטײן פון פרײבורג,
האָבן זײ דאָרטן אין דער זידלונג אַ פײן שטיבעלע, און אַ קו „חביבה",
און אַ קעלבל „אהובה", און אַ פערדל „גדלן", קלעמט עס די ברידער באַם
האַרצן, פאַר וואָס דאָ איז אַלץ אַזוי ווילד, דאָ האָט מען נישט קײן שום
ליבשאַפט צו דער חיה, דאָ גיט מען איר נישט קײן לאַסקאָווע נעמען.
לאַכט זיך הערשל גאַרבאָווסקי פול דעם בויך פון דער נאַאיווקײט פון די
נאַרישע דײטשן: — הי, הי, האָ, האָ, האָ!... וואָס מײנט איר? דאָ מאַכט
מען זיך אַ גרויסן צימעס פון אַ שטיקל סקאָט? ס'איז נישט אין דער אַל־
טער היים, וואו אַ ציג איז געווען די שפּײזערן פון דער גאַנצער משפחה...
דאָ האָבן זײ דעם נאָמען אויסברענט אפן הינטן... נישטאָ קײן געדולד,
זיך אָפּצוגעבן און שפּילן קוצעניו־מוצעניו מיט פערד און אַנ־
דערע געציפער...

—ניין, ניין, בעט קאַרל, ווען שלמה גאַרבאָווסקי קאָפּעט דעם הונט...

מ׳דארף נישט, סאַלאָמאָן... גלעט אים נאָר דעם כלב, קאָן זיך אַנידער־שטעלן א שעה איינטענהן מיט א פערד, אים קיצלען אפן שטערן, און:— כי, כי, כי, זעצן זיך אַנידער שמועסן מיט דער קאַץ... אַ דייטש נאַר, בלייבט א דייטש־נאַר...

זיי, די ברידער האַלטן אין איין טענהן: — אַז מ׳איז אַ קאָלאָניסט, איז מען דאָך נאָענט צו דער שיינער נאַטור, דאַרף מען פילן א ליבע צו אַלע באַשעפענישן, צו די פלאַנצן, און באַזונדערס צו די הויז־חיות... סאַלאָמאָן, טו נאָר אַ קוק סאַראַ שיינער זונאונטערגאַנג ס׳איז, סאַראַ פיינע פאַרבן־קאָמבינאַציע! ווערט דאָן סאַלאָמאָן גאָרנישט נתפעל:—האַ, וואָס זאָגסטו, די זון איז גוט אַריין? אַ, סי! וועט נישט זיין קיין ראָסע, פאַרטאָגס... די שטיוול מיינע נעצן... לאָזט קאַרל נישט אָפּ: — זעט נאָר, אַ מין קאָלירן...! חוזקט דער אַלטער, ווייזט אפן שטערן: — דייטשן... אויך זיסל באַגייסטערט זיך נישט שטאַרק מיט דער פאָעטישער התלהבות פון די דייטשלעך, און קומט בלויז אָפּ מיט אַ טרוקענעם: אַ, סי, שיין...

די ברידער זיינען פול מיט תרעומות, מיט אַזאַ מין עצבות, וואָס האָט נאָר קיין נאָמען נישט... יאַנטיע, דער בלאָנדער חלום פון האָלאַנד, האָט ווידער אָנגעווייט מיט אירס א בריוול און א פאַרוועלקטן היאַצינט אַ מין בענקעניש... אָדער נאָר דאָס אַמאָליקע בינגהיים... דערמאָנט אַ קאָנצערט פון אַ הונדערט וויאָליניסטן פון פאַריין „געזאַנג און פרייד", וואו זיי זיינען געווען מיטגלידער. בעטהאָווענס פינפטע סימפאָניע... רודי ברומט די מעלאָדיע... לידער וועקן אויף איינגעשלומערטע באַגערן, לידער ברענגען אָפּט טרויעריקייט... ווידער אַמאָל און אָבער אַמאָל די אַמאָליקע היים... געזאַנג און פרייד... און דאָ איז נישטאָ קיין געזאַנג, נישט קיין פרייד... דאָ איז אַלץ אַזוי שלעפעריק, גענעצדיק... פאַר וואָס זינגען די מענטשן דאָ נישט? פאַר וואָס זעט מען נישט, זיי זאָלן זיך אַמאָל אויסשפּאַנען און מאַכן אַ יום טוב? אין פריערדיקן גוטן דייטשלאַנד האָט מען געלעבט... אין דער פרייער צייט: מוזיק, געזאַנג... געווען דאָ אַף אַ באַל, האָט זיך זיי אויסגעוויזן, אַז מ׳איז שלעפעריק אויך אַף דער טאַנץ־פאַרווייַלונג... בכלל שלאָפט מען דאָ אַזויפיל... שלאָפן... מיטיק - שלאָף...

ניין, ווי אזוי וועט מען זיך קענען דאָ איינלעבן? אָ, ווען דאָרטן זאָל ווערן אנדערש···

***

דאָרטן ווערט ערגער פון טאָג צו טאָג. יעדן טאָג ברענגט די צייטונג עפּעס נייעס, נייע פּורעניותן, נייע נגישות. גאָט זיי דאנק, וואָס די עלטערן און געשוויסטער זיינען שוין אונטערוועגנס.

רודי זאָגט: — ניין, באמת, נישטאָ נאָכוואָס צו בענקען, נאָך יענער היים... דאָ איז אויך שיין... מיר אונטערשעצן דאָס דאָזיקע לאנד... זע נאָר סאַראַ החבות··· באַדענק דיך נאָר סאַראַ פרייהייט··· באַדענק דיך נאָר ווי פּאָליציי באַלעסטיקט איינעם אין איראָפּע אף שריט און טריט... סאַראַ פרייהייט איז דאָ... אָ, סאַראַ עשירות ליגט אין די פעלדער... זאָלן נאָר דאָ אהערקומען מענטשן מיט געזאַנג, וועט מען דאָ אויך זינגען... וועט מען דאָ שאַפן די שענסטע לידער... זע נאָר סאַראַ שיינע בלויע הימלען... נאָכאַלעמען זיינען די היזיקע ראַנטשע - איינוואוינער קולטור-מענטשן, העפלעכע, גוט - דערצויגענע מענטשן, אַקעגן יענע קאַניבאַלן... די שטרייכערס... זע, וואָס מען שרייבט...

רודי לייענט שוין יידיש, האָט זיך אָנגעשטרענגט צו איבערלייענען די צייטונג, וואָס קומט צו זיין באַלעבאָס אין שטוב אריין. האָט ער די פרייד און סאַטיספאַקציע צו וויסן אַלץ, וואָס סע קומט פאָר אף דער ברייטער יידישער וועלט··· אָ, גאָט, וואָס טוען זיי מיט אונזערע ברידער אין עסטרייך? גאָט, סאַראַ חיות אין מענטשן - געשטאַלט!... לייען, וואָס זיי האָבן געטון מיט דעם אַלטן הערמאַן פינצינגער... לייען די שרעקלעכע געשיכטע פון די פאַרטריבענע פון בורגענלאַנד... לייען ווי דער הונט האָט צעשטערט מיט זיינע „פרישפרייליכע" יונגאַטשעס די שיינע סינאַגאָגע פון נירענבערג, מיט העק האָבן זיי רואינירט די-אָ געביידע...

קאַרלען איז נאָך אַביסל אַ שאָד דאָס אַמאָליקע בינגהיים, האָט נאָך אַ פאָר „פונדעסטוועגנס", אָבער ווען דער ברודער לייענט פאָר מיט אזא פאַטעטישער שטימע פון די געשעענישן אין זייער משוגע - געוואָרענעם עקס - פאָטערלאַנד, גיט ער אויך צו, אַז ער האָט גאָרנישט געוואוסט אף

וואָס די מענטשלעכע בעסטיע קאָן זיין פעאיק: — איצט, אינדעראַמתן, רודי, דאַרף מען נישט קוקן אַף הינטערווייל'עכס, דאָס שטיף - פאַטערלאַנד טאָר מען אַף די ליפּן נישט ברענגען... פאַר אונז עקזיסטירט עס נישט מער... אונז האָט עס אויסגעשפּיגן... שפּייען מיר אַף דעם...

מיינט רודי: — מיר דאַרפן זאָגן ווי דער אַלפרעד אין „ארץ". ער שפּייט אויך אַף דער ציוויליזאַציע, אַף דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט... אַף דעם הינטישן קולטורעלן אייראָפּע, וואָס האָט ווי אַ קו מיט איין קאָפּיטע - שטוים אומגעוואָרפן דאָס פולע שעפל מילך פון דער קולטור... יאָ, מיט איינמאָל אויס העפלעכקייט, אויס יעדער איינפאַרשטענדעניש פון מענטש צו מענטש... אויס דערציאונג, אויס פיינע זיטן, אויס כללים פון דער אַנגענומענער מאָראַל, ווי מען האָט זיך געלערנט אין לערער - סעמינאַר: „די באַזע פון דער קינדער - דערציאונג איז צו אַנטוויקלען דאָס ריין - מענטשלעכע, ווי ווייט מעגלעך באַזייטיקן די רויקייט, די אַטאַוויסטישע און עגאָאיסטישע נייגונג פון ווילדן באַרבאַרישן מענטשן..." איצט, ברודער, שלאָגט אַ ראָץ - יונג, אַ פרעכער אומדערצויגענער בחורץ צעהרגט אַן אַלטן בכבודן מענטשן, און די „אַטאַוויסטישע נייגונג", אדרבא, ווערט געפלעגט, ווערט אַ טוגענד... מען דערציט ווילדע חיות... מוז די ציוויליזירטע עכטע מענטשהייט נעמען אין די הענט דרענגער, כדי זיך צו פאַרטיידיקן קעגן די געפרעסיקע ווילדע נאַצי-וועלף...

***

רודי און קאַרלס משפּחה שטעלן אויס די מעבל אין דער נייער שטוב...

די מאַמע, פון צייט צו צייט טוט אַ זיפץ: פאַרט נישט אַזוי ווי דאָרטן... אַזאַ רחבות־דיקע דירה ווי אין בינגהיים וועלן זיי קיינמאָל מער נישט האָבן... טרייסט איר פּאַפּאַ: — דאַנקען גאָט פאַר דעם, וואָס מען איז אַרויס פון יענעם גיהנום... אַנדערע זיינען אונז מקנא... גאָט זיי דאַנק.

די יונגען אַרבעטן מיט חשק, טאָג און נאַכט. אַרבעט איבערן קאָפּ. ס'שטייט דאָך אַ נאַקעטע שטוב, אַ הוילע שטוב איז נאָך נישט קיין ווירטשאַפט. מ'דאַרף אַרומצווימען: יעדע פינף מעטער אַ פּאָסט. די געפלאַכטענע דראָט ליגט שוין אויפגעוויקלט, און מאָרגן - איבערמאָרגן מוז דער

צוים זיין פּאַרטיק, כּדי מען זאָל קענען אָנהויבן אויפגראָבן די ערד פאַרן גאָרטן. — באַ אונז וועט זיין אַ מאָדעל - ווירטשאַפט, מיר וועלן אונז אָנשטרענגען, באַטאָנען די ברידער ענערגיש...

אַני, דאָס זיבעצן - יעריקע מיידל מיטן זינגנדיקן שטימעלע, וואָס רעדט דייטש מיטן דרום - דייטשישן דיאַלעקט, העלפט אויך צו, עס „מאַכט איר שפּאַס" צו טון די שווערסטע אַרבעטן, אפילו אָרומשיילן די דרענגלעך, און צופּאַסקענען זיי די יינגלעך. אַני גייט אָנגעטון קורצע באָד-הייזלעך, אָפן קיילעכדיקן קעפּל אַ וואַסקן - מיצל, פון הינטער וועלכן ס'פאַלט אַרויס קאָקעטיש אַ שאָטן-לעקל, האָט שוין אַן אָפּגעברענט פּנים, לאַכט מיט אַ קוואַלנדיקן געלעכטערל, ווייזנדיק דערביי אירע פרישע ציין. אַני איז פול אומעטום, קאָן שוין רייטן אויף אַ „פּעטיסאָ", נעמט אפילו מיט לאָטכען פאַרן איינקויפן אין דער קאָאָפּעראַטיווע, ברענגען די קאָרעספּאָנ-דענץ... אַני... אַז דער יינגער קאָלאָניסטישער זון, דער אינסטרוקטאָר, זעט זי אַזוי, ווערט ער אינגאַנצן צעמישט, קאָן קיין וואָרט אַרויסריידן, גלאָצט צעשטרייט... פון אַזעלכע האָט ער געחלומט אין זיינע יוגנטלעכע גליסטעניש... פלאַנעוועט, ווי אַזוי עפּעס אָנצוהייבן... אָפּט פילט ער זיך אַזוי מוטיק, אַז ער וואָלט צוגעגאַנגען דירעקט צו איר און גענומען איר האַנט אין זיינער און געזאָגט: — דו, דו, פיין קאַרטאָפעלע, ווער מיינע... איך האָב אייגענע אָפּגעשריבענע פינף און זיבעציק העקטאַר... איך וועל אויססטראָיען דאָס שענסטע שטיבל אין דער געגנט... אַ טשאַלעט... טאָ, ווער מיינע...

לאָטכען, דאָס זעקס-יעריקע קוועקזילבערדיקע מיידעלע קומט אַהיים פון שולע, פלוידערט עס און פלוידערט אָן אויפהער... אַזוי גוט אין שולע... דאָ, אַ סך חברטעס, מ'שפּילט זיך אין אַ רעדל... איבעראַל איז עס אונטער דער האַנט, ס'וויל אויך העלפן. ס'קוועלט אינגאַנצן פון דעם רעש... און ס'רעדט מחיהדיקע ריידעלעך. לויפט מיטן פּאַפּאַ אכטונג געבן, אַז דער סקאָט זאָל זיך נישט צו ווייט פאַרקריכן אין וואַלד; איז דערביי, ווען „פּאַפּי" קלאַפּט, האַמערט צונויף פון די גרויסע קאַסטענעס, אין וועלכן

ס'איז געווען פארפאקט ס'ביסל באַלעבאַטישקייט, קיך - שאפקעלעך, בענק, טישלעך... פלאפלט און וואָרקעט ווי א טייבעלע.

פאפא איז בא זיינע פינף און - פופציק יאָר נאָך גאַנץ זשוואַווע, פרואווט אפילו מאכן א לאָך פאר א דריקל, נאָר רודי לאכט: — דאָס, פאַ-פאַ, וועסטו נישט קענען, וועסט צו גיך מיד ווערן... דאָס איז קיין שפילכל...

נו, מילא, וועט ער זיין נוצלעך מיטן פעסטהאלטן דעם פאָסט, צו־שיטן די ערד, אַרבעטן אין גאָרטן מיט דער לאָפּעטע: אף דעם איז ער דאָך אַ ספּעציאַליסט. נאָר דאָ גייט עס שווערער. דאָ איז די ערד אזאַ קלעפּיקע, ביז מען גראָבט אָרום אַזאַ בייטל פון עטלעכע קוואדראט־מע־טער, שוויצט מען זיך גאָר נישקשהדיק אָן...

מאַמאַ בעט זיך איבער, לאָזט נאָך פון ברוגז מיטן נייעם לאַנד. איז דאָך נישט געוואוינט צו זיצן מיט פארלייגטע הענט: אין דער אלטער היים זיינען דאָך אירע הענט אויך נישט געלעגן „אין קימפעט", וועט זי דאָ אַרומגיין ווי א פריצה?

גייט אריין גיך אין דער ראָל פון א פלייסיקער באַלעבאָסטע: זעצט קוואָטשקעס, בעט אויס באַקוועמע נעסטן פון די סטרוזשקעס און פארפאַ־קעכץ, — האָט נאָך א פראַקטיק פון דאָרט, אז זעגעכץ איז דאָס בעסטע מאַטעריאַל פאר אונטערלייגן א הון, — הייסט אַרויסנעמען פון שאפע די עטלעכע פעקלעך מיטגעבראַכטע זריעה פון בלומען און גרינסן, און אַני פאַרזייט זיי אף די פיין - צעקרישלטע בייטן. מאַכט שוין פּראָיעקטן, וואָס צו טון מיט די פארשידענע גרינסן: בוריקעס, קרויט, אוגערקעס קאָן מען איינזייערן, די אַרבעס־שויטן און די טאָמאַטעס וועט מען קאָנסערווירן —זיי האָבן דאָך מיטגעבראַכט אַ גאַנצע מענגע גלעזער פאר איינגעמאַכטס —פון קאַבאַק קאָן מען מאַכן די פיינסטע וואַרעניע, וועט זיין מיט וואָס אָנ־צושמירן דאָס ברויט אין דער הייסער צייט, ווען מען קאָן נישט אויסשלאָגן קיין פּוטער, ווען ס'איז דאָ ווייניק מילך צו מאַכן ווייסן קעז; מאַמאַ קלאַפּט טאַקע מיט א הילצערנעם לעפל אין א בלעכל, און ס'בולבעט דאָרט אינע־ווייניק, מישט, קלאַפּט, מישט, קלאַפּט, — קוק, אַני, קוק, ס'גייט שוין!

שווערער... טאקע א נס: אין בלעכל זעט מען שוין די גילדענע פעטע קיי־קעלעך פון דער אין דער פוטער ־ מילך שווימענדיקער פוטער... אלע פנימער שטראלן... די ערשטע פוטער פון דער אייגענער סמעטענע. אלע קוקן אריין אין בלעכל, אלע שטעקן אריין די נעז איינצואָטעמען דעם פרישן פוטער־ריח... מאמא איז לוסטיק ווי א קליין קינד... לאָטכען שלעפט ארויס פון קיכן ־ שאפקעלע דאס לעבל ברויט, דערלאנגט עס דער מוטער און הייסט זיך שוין אָנשמירן די פיינע שמעקעדיקע פוטער...

שוין א סך בייטלעך פארזייט... מ'זעט שוין ארויס די צארטע שפּיזע־לעך פון סאלאט. אף אן אנדער בייט אין גלייכע רייען די געצאקטע בלעט־לעך פון ראש ־ חודש רעטעכל... דאגות: די מערעשקע... הייסט קארל גיסן בא דער מערעשקע ־ נעסט הייסע וואסער... אין דער אדמיניסטראציע קאָן מען באקומען אזא סם... א גינסטיקע צייט פארן גאָרטן: ס'האָבן זיך צע־וואקסן ברייט די קרויט־און קאָליפלאָר־בלעטער, שאַ, מ'זעט דאך דייט־לעך די רויטע שפּיצעקלעך פון די בוריקעס. שוין צייט צו איבערזעצן.

די אדמיניסטראציע האט אויך געשאָנקען בוימלעך און קוסטעס, זעצט פּאפּא רויזן־צווייגלעך, — שפּעטער וועט זיין א וואנט פון רויזן,— אנין געפעלט בא די ראנדן פון די גאָרטן־וועגלעך אירוסן, וואלט געוואָלט האָבן פאר דער שטוב דווקא צוויי פּאלמען. דערקלערט איר רודי, אז ס'טויג נישט: פּאלמען וואקסן זייער פּאמעלעך, און קיינער וועט דערלעבן צו זען א ריכטיקן שאָטן פון זיי.

טרוימט מאמא פון ברייטפּארצווייגטע בלעטערדיקע שאָטן ־ בוימער, וועט מען זומער ־ צייט ארונטערשטעלן א טיש אונטער די בוימער און מ'וועט עסן דרויסן, פּונקט ווי אין בינגהיים. וויינט פלוצלינג, דערמאָנענ־דיק בינגהיים... פארדריסט עם די קינדער: שוין צייט מען זאל פאר־געסן אין דער מערדערישער, אומדאנקבארער מדינה... נישטא נאך וואס צו בענקען, זיי האָבן שוין לאנג ארויסגעריסן פון נעדעכעניש דאס שלעכ־טע לאנד, וואס ווארפט ארויס זיינע בירגער צו בעטל ־ ברויט... פון איצט אָן: אויס בינגהיים: לא יזכר ולא יפקד... אפילו לאָטכען פּלאפּלט מיט איר קלינגנדיקן קולכל: — נישט גוט דאָרטן... דא גוט... דאָרטן

שלעכטע קינדער... דאָ גוט, דאָ קאָן מען זיך שפּילן פריי... ווייל נישט צוריקפאָרן...

אז מען האָט שוין איינגעסטראָיעט די עלטערן: האָבער וואקסט שוין אומגעצוימט, אויפגערוימט, — וועלן די יינגלעך אָנהויבן אביסל ארומקוקן אף זיך... קארל וועט ברענגען זיין כלה, יאנטיע איז שוין אומגעדולדיק, און קארל בענקט אויך... עס איז שוין באַשלאָסן: קארל וועט וואוינען צו־זאמען מיט די עלטערן...

נאָר, רודי, ווייזט אויס, וועט מוזן גיין באַזונדער, ווייל וועלן זעלבסט־שטענדיק: צווישן אים און זיסלען האלט עס נאָענט. די גארבאָווסקיס האָבן אויסגעקאָמבינירט, אז די יינגע מענטשן זאָלן קענען זיך באַקענען מער, האָט מען דאָס כלה ־ מיידל געשיקט צו דער חתונה ־ געהאַטער טאָכטער אין דער נייער קאָלאָניע... רודי שעפּטשעט שוין זיסע ווערטער, און זינגט פון בלוי ־ ווייס ־ לידער ־ בוך: שימי ידך בתוך ידי... דער־מאנט זיך זיסל, אז אף יידיש איז דאָ אזא ענלעך לידל... א יידישער דיכ־טער האָט איבערגענעכטיקט באַ זיי אין שטוב, האָט זי אויסגעלערנט: דו ביזט מיין, און איך בין דיין, שטענדיק וועסטו מיינע זיין... אוי ־ וויי, איי־דעלע, ביזט פון דאָרף מיין מיידעלע...

קיין שפּור פון יענעם ערנסטן האַמבורגער פאַלקס ־ שול ־ לערער, רודי איז שוין אינגאַנצן א היגיקער. טראָגט ברייט ־ קלאַשיקע געקעסטל־טע הויזן, טרינקען ביידע מאַטע, און ברכה, זיסלס שוועסטער, קלייבט זיך שרייבן אירע עלטערן אין קאָלאָניע קלארא, אז זיי מעגן שוין אָנהויבן זיך גרייטן...

דער אדמיניסטראַטאָר האָט פארשריבן א נייעם קאַנדידאַט צו קאָ־לאָניזירן, פאר וועמען־וועמען, פאר רודין וועט באַשטימט נישט זיין קיין מניעה צו באַקומען נייע פינף און זיבעציק העקטאר אין שכנות פון זייע־רע עלטערן.

אויך דער אינסטרוקטאָר איז געוואָרן זייער היימיש אין אנים שטוב, און ס'קאָן געמאָלט זיין אז ווען יאנטיע וועט אָנקומען, וועט מען אין דער נייער היים פראַווענען דריי חתונות מיטאַמאָל.

---

# אינהאַלט:

ISBN:0-657-13634-4






# HOGARES NUEVOS

## (NAIE HEIMEN)

RELATOS DEL AMBIENTE ENTRERRIANO

*por P. Bisberg*

Ediciones: "AVODA"
BUENOS AIRES 1939

Talleres Gráficos JULIO GLASSMAN — Corrientes 1976 — Buenos Aires